# זיי זיינען מאַן און ווייב

## און אַנדערע ערצעהלונגען

פון

## ז. לעווין

(1912-1919)

פאַרלאַג „ליטעראַטור", מ. מ. הערשענזאָהן, אַרויסגעבער.

ניו-יאָרק, 1919.

# אינהאַלט־פערצייכנים:


זייטע

זיי זיינען מאַן און ווייב . . . . . . . . . . 5
אונרוהיגע נעכט . . . . . . . . . . . . 65
דער געדאַנק . . . . . . . . . . . . 83
בעצאָהלט דעם חוב . . . . . . . . . . . . 90
אַ קאָרטענשפּיעלערס היים . . . . . . . . . . 95
בעקעלע . . . . . . . . . . . . . 110
די ריכטיגע פּאָר . . . . . . . . . . . . 123
אַ טרייסט? . . . . . . . . . . . . 134
שוואַכע מענשען . . . . . . . . . . . 138
אַ לעסאָן . . . . . . . . . . . . . . 154
דער פער'סם'ער . . . . . . . . . . . . 158
צוויי מאָל געוויינט . . . . . . . . . . . 168
אַ נאַטור פון אַ מענשען . . . . . . . . . . 172
די ישוב'ניצע . . . . . . . . . . . . 176
בלויז צום איבערצייגען . . . . . . . . . . 197
דער דאַרמאַיעדניק . . . . . . . . . . . . 200
אַ מאַמע וויל אויך לעבען . . . . . . . . . . 221
אַ פּראָבלעמע . . . . . . . . . . . . . 224
צוויי מיידלעך און איין חתן . . . . . . . . . 229
גאָט פערלאָזט ניט קלאַראַ'ן . . . . . . . . . 232
אַלערליי ליעבעס . . . . . . . . . . . 237
שווער צו פערענטפערען . . . . . . . . . . 239
אסתר פערשטעהט . . . . . . . . . . . 242
וואָס גאָט פאָרט צוזאַמען . . . . . . . . . . 245
ליעבע . . . . . . . . . . . . . . 248
דער גוטער סמן . . . . . . . . . . . . 252
אויף אַלע גאַסען, אין פיעלע הייזער . . . . . . . 255

# זיי זיינען מאן און ווייב

## 1

פעני שווארץ איז געווען א מיידעל פון אריבער דרייסיג יאהר,
און האט אויסגעזעהן פיעל עלטער, ווען זי האט זיך בעקענט מיט
גאבלינ׳ען. זי איז געווען גארניט קיין שעהנע מיידעל. איהר פנים
איז געווען א קליינס, עפעס ווי א פויגעלשער פנים, מיט א נאז
וואס האט געהאט פון אויבען א גרויסען הויקער און אונטען, דער
שפיץ, איז געווען אריינגעבויגען כמעט אין גריבעלע פון דער
אויבערשטער ליפ. זי האט אבער פערמאגט איהר אייגענם צוויי־
טויזענד דאלאר מיט א רעכט ביסעל דזשולערי, אבגעשפארט פון
די פיעלע יאהרען אין שאפ ביים מאשין, און דערנאך אלם פאר־
ליידי. און גאבלין האט איהר שוין נים אבגעלאזט.
גאבלין איז געווען מיט עטליכע יאהר אינגער פון איהר.
א שעהנער יונג, מיט אן אבגעטאקט פנים, ווי ביי א שעהנער פרוי,
און געדיכטע ברוינע האר, וואס האט זיך אמאל אויסגעוויזען, אז
עס איז בונט־דרויט. ער איז אלע מאל געווען אויף צרות, נים
געקענט מאכען קיין לעבען. געווען איז ער עפעס א שטיקעל זייר־
גערמאכער, נאר אזוי ווי די מלאכה בעצאהלט זיך דא גאנץ שלעכט
און ארבייט איז פאראן ווייניג, האט ער שוין לאנג אוועקגעווארר־
פען זיין זייגער־מאכעריי און איז געווארען א הענדלער מיט דזשו־
לערי. זיין הויפט־ביזנעס איז בעשטאנען אין נעהמען זייגערלעך
און דזשולערי צו פיקסען און זיך נים איילען אבגעבען זיי צוריק,
זיך „קירעווען״ מיט דעם; געווען אן אפטער קאסטאמער אין
פאון־שאפ, אריין און ארוים. און ער האט געהאט א טאלאנט צו

שליסען בעקאנטשאפט און פריינדשאפט, וואס האט אבער ניט לאנג אנגעהאלטען. באלד ביים בעקענען זיך מיט א מיידעל, האט ער גענומען ביי איהר דאס זייגערעל, איהר רינגעל אדער בראסלע־טעל — ער וועט עס פאר איהר אויספוצען, אדער אויספיקסען, אדער איבערזעצען די שטיינדלעך — קאסטען וועט דאס איהר גארנישט אדער גאר א קלייניגקייט, און ער פלעגט מיט דעם פערפאלען ווערען. און א נאטור האט ער געהאט, ער איז קיינמאל ניט געגאנגען, שטענדיג געלאפען; נאר ביי די בעקאנטע זיינע איז זיין לויפען אויסגעקומען גאנץ נאטירליך: מסתמא יאגט איהם אימיצער נאך... און טאמער האט אמאל געהאלטען שלעכט, א מיידעל האט געהאט א טאטען, אדער א ברודער, און מ'האט מיט בייזען פערלאנגט ס'זייגערעל, האט ער זיך אנגעשטרענגט און ארויסגעקראצען פון פאון־שאפ. אמאל אין א יובל האט ער אויך פערקויפט א „וואטשקע" אדער א רינגעל.

גאבלין האט זיך בעקענט מיט פעני שווארץ אין א זומערדיגען זונטאג אויף א פיק־ניק, וואו ער איז געווען מיט זיינע א גאנץ נאהענט בעקאנטע מיידעל, איווא זאבלאצקי. ווי זיין טבע איז געווען, אלס פאכמאן, האט ער באלד בעקוקט פעני'ס זייגערעל. עס איז געווען א זעהר גוט זייגערעל, פערצעהן קערעט, מיט אן „עלדזשין מואוומענט", און אויף דאס הינטערשטע דעקעל איז גע־ווען אויסגעקריצט עפעס א מין מגן־דוד מיט א סך שפיצען און בעזעצט מיט דימענטלעך. פעני האט אויך געהאט א פאר רינגען מיט דימענטען און שטיינדלעך פון אנדערע קאלירען און א דיקען גאלדענעם בראסלעט, און זי האט איהר גאנץ דזשועלרי געטראגען אויף זיך יעדען טאג אין וואך. גאבלין, אלס אמת'ער מבין, האט מיט אויפגעריסענע, הונגעריגע אויגען געקוקט אויף פעני'ס ציער־רונג, און ער האט איהר איינגערעדט, זי זאל איהם געבען ס'זייגערעל און ער וועט אויסקריצען איהר נאמען אויפ'ן אינוועניגסטען זייט פון דעקעל, ניט דעם גאנצען נאמען, נאר בלויז די ערשטע בוכשטאבען, די „אינישעלס", אז „עף" און „עס", און פאר איין וואכען וועט ער שוין אויספוצען ס'זייגערעל פון אינוועניג און אב־

שייערען פון דרויסען. ארויסגעקראגען ס'זייגערעל, איז ער מיט
דעם באלד אוועק אין פאון־שאפ, ווייל ער האט זיך אין יענער
צייט — ווי אין אלע אנדערע צייטען — שטארק גענויטיגט אין
געלד, און ער האט געקראגען אויפ'ן זייגערעל א שעהנע מטבע.
און געפיהלט האט גאבלין און איז זיכער געווען, אז ער וועט מיט
איהר קיין גרויס טראבעל ניט האבען וועגען אבגעבען צוריק ס'זיי־
גערעל. גאבלין האט זעהר שטארק געהאלטען פון זיך און געמיינט,
אז אלע מיידלעך זיינען אין איהם פערליעבט; אין גאנצען גע־
נארט איז ער ניט געווען: גאר א סך מיידלעך האבען איהם ליעב
געהאט. און צוליעב דעם האט ער טאקע ווי־ניט־איז געקאנט
אנגעהן מיט זיין „רזשולערי־ביזנעס“. אבער איצט, מיט פעני'ן,
האט ער קיין שום מורא ניט געהאט, ווארים ער האט זיך געהאל־
טען אזוי גרויס און מיט אזוי פיעל העכער פון דער פערעלטערטער
מיידעל, אז ס'איז ביי איהם קיין צווייפעל ניט געווען, אז פאר
איהר וועט גאר זיין א כבוד, וואס ער האט צו טהאן מיט איהר.
ער האט גארניט געפונען פאר נויטיג זיך צו בעהאלטען פון איהר;
ער איז גאר, אדרבא, געקומען מיט א בעזוך צו איהר אהיים אין
ריווינגטאן סטריט, אין רעכטען ענגעניש און טומעל פון די פוש־
קארטס, וואו זי האט געוואוינט מיט איהר פאטער, א פושקארט־
פעדלער, מיט איהר שטיעפמאמע און צוויי אינגערע ברידער,
בעקערס. געצויגען צו פעני'ן אהיים האט איהם ניט זי, פעני, נאר
איהרע שטיקלעך געלד און דימענטען; און אזוי ווי ס'האט
וואלט גאבלין'ען „געזאגט“, אז ער וועט ניט דארפען שטארק הא־
רעווען ארויסצוקריגען פון איהר נאך עפעס צום זייגערעל.

ער האט קיין טעות ניט געהאט; פעני האט פון איהם גיט
געמאנט שטרענג איהר זייגערעל. ער האט איהר יעדעס מאל קורץ
אבגע'פטר'ט מיט עטליכע ווערטער: „נאך ניט פארטיג“, און זי
האט אויף דעם געענטפערט מיט „אלראיט“, אדער „נעווער מאין“.
און זי האט גארניט געגארט אזוי שטארק נאך דער מינוט, ווען
גאבלין וועט איהר אבגעבען צוריק איהר זייגערעל מיט די „איני־
שעלס“. זי האט נאר אייגענטליך געוואונשען, די זאך זאל זיך

פערציהען וואס לענגער, ער זאל האבען צוליעב וואס צו קומען צו איהר... ניט ער איהר אב ס'זייגערעל, וועט דאס זיין אזוי ווי אבגעגעבען צוריק א „דעפאזיט" אויף עפעס, און אוים... זיי האבען זיך מעהר ניט צוליעב וואס צו טרעפען... און זי האט שעהנע פאנטאזיעס פאטאזירט: אז גאבלין וואלט נור געוואלט, אז ער וואלט איהר געליעבט, וואלטען זיי געהייראט און געעפענט א דזשועלערי־סטאר. געלד האט זי, און ער האט דאך געוויס אויך געלד... און עס וואלט מיט דער צייט געוויס אויסגעוואקסען א גרויסע דזשועלערי־סטאר, מיט א גרויסען פענסטער אנגעלעגט מיט גאלדענע זייגערלעך און אנדערע ארטיקלען... ער איז דאך עפעס ניט קיין שניידער, ניט קיין אפרייטאר... אבער די דזשועלערי־סטאר איז געווען נור די צווייטע גוטע זאך; דער רעכטער עיקר איז געווען ער, גאבלין אליין, פון וואס זי פאנטאזירט... א שעהנער יונגערמאן, מיט א „מויל", און אן אינטעליגענטער זעהט ער זיך אויך אוים צו זיין... אז ער וואלט נור געוואלט, איהר געליעבט... זי האט טאקע געזעהן, אז ער איז אינגער פון איהר, שעהנער פון איהר, און מיט אזא פראפעסיע — קען ער דאך געוויס קריגען א שעהנע מיידעל, א יונגע... זי האט דאך אבער ניט געקענט אראבווארפען זיך אזוי אין איהרע אייגענע אויגען, מאכען זיך אזוי קליין, אז ער זאל איהר ניט וועלען, ניט ליעבען... זי האט ניט געקענט אויפהערען טראכטען פון איהם, און צוזאמען מיט איהם אויך פון דער דזשועלערי־סטאר. זי איז געווען מיעד און אויסגעמאטערט פון איהר ביז־איצטיגען לעבען; און עס זיינען שוין לאנג איהר מיאוס געווארען די פערהאנדלונגען מיט אלערליי שדכנים, וועלכע האבען איהר שטענדיג געבראכט בעלנים אויף איהר געלד, און קיינער פון די דאזיגע בעלנים איז ניט געווען עפעס רעכטס... אדער מיאוס'ע אלטע בחורים, איינגעהויקערטע, מיט קרומע פיס, אדער עפעס אזעלכע, וואס האבען אויסגעזעהען, ווי בייגעל־כאפער, אדער „גענגסטערס", אז ס'איז א מורא צו זיין מיט זיי אין א הויז; אדער אידען מיט א סך קינדער, און אויך חתנים מיט אייניקלעך... עפעס א שעהנעם, פיינעם באי האט

קיינער פון די שדכנים צו איהר ניט געבראַכט... און דאָ איז אַזאַ יונגער מאַן — און מיט ליעבע...

אַז גאַבלין קומט אַרויף צו איהר, דוכט זיך איהר: אַט נעהמט ער אַרויס ס'זייגערעל און דערלאַנגט איהר... גאַבלין זאָגט באַלד נאָכ'ן „גוד־איווניננ" — „נאָך ניט פאַרטיג".. די ווערטער קומען זיך אַרויס אַליין, אויס געוואוינהייט. ווען ער קומט זיך צוזאַמען פּנים־אל־פּנים מיט אַ „קאַסטאַמער". פּעני דערפיהלט זיך אַ סך גרינגער פון זיין „נאָך ניט פאַרטיג", און גיט איהם אַוועק מיט אַ פרעהליכען האַרצען איהר „אַלראַיט" אָדער „נעווער מאַין". ער' צערעמאָניעט זיך ניט אין פּעני'ס היים, צושפּרייט זיך אויפ'ן בעסטען, בעקוועמסטען שטוהל און הויבט אָן „מאַלען", דער־צעהלען פון זיינע גליקען, — געוועהנליך בלאָפען.

די שטיעפמאַמע פּעני'ס, אַ הויכע, אַ דאַרע, איינגעבויגענע אידענע, קוקט ניט גלייך אויף פּעני'ן און גאַבלינ'ען, נאָר פון אַ זייט, מיט אַווינקעל פון אַן אויג. פּעני און גאַבלין זיצען אין פראָנט־רום, און אַז די שטיעפמאַמע דאַרף דאָרט עפּעס — אָדער אַז זי דאַרף אפילו גאָרניט, — קומט זי אַריין, ווי כלומר'שט ניט אָנקוקענדיג זיי אפילו, וואָס זאָל הייסען, ס'איז ניט איהר עסק, וואָס ביי זיי דאָרט קומט פאָר — זי זעהט גאָרניט... דאָס רעדט זיך אָבער נור אַזוי; ס'ווילט זיך איהר דוקא יאָ וויסען — קוקט זי אויף זיי מיט „שטיקלעך" אויגען... די שטיעפמאַמע און פּעני זיינען זיך גאָר קנאַפּע פריינד פון אַ סך יאָהרען און זיי מיידען זיך אויס; מ'רעדט נור זעלטען און גאַנץ ווענינ... און די שטיעפ־מאַמע ווייס אייגענטליך אַליין ניט צי זי וויל, אַז פּעני זאָל חתונה האָבען, צי ניט. אַרויס'פּטר'ען פּעני'ן פון הויז וואָלט זי גראָד יאָ געוואָלט. פּעני צאָהלט אָבער אַ סך געלד — פיגף דאָ־לאַר אַ וואָך — ווילט זיך דאָס ניט פערלירען; די שטיעפמאַמע האָט זעהר ליעב געלד און זי האָט אין די בענק בסוד אַ שעהנע פּאָר דאָלאַר... וועגען גאַבלין'ען שרעקט זי זיך אָבער ניט; זי האָט באַלד אָבגע'פּסק'ענט ביי זיך, אַז ער איז צו גוט פאַר פּעני'ן.

דער טאַטע, דער פּושקאַרט־פּעדלער, קומט אַהיים שפּעט ביי־

נאכט, און ער האט נאך גאבלין׳ען ניט געזעהן, ווארים גאבלין פערבלייבט ניט ביז שפעט. בסך־הכל קומט ער דארט אויפצו־האלטען די בעקאנטשאפט, ווייזען, אז ער איז נאך דא. דער טאטע וויס אבער יא, אז דא קומט ארויף א יונגער באי; די ווייב האט איהם באלד איבערגעגעבען די נייעס. אויך מיט׳ן טאַ־טען איז פעני ניט איבעריג פריינדליך. מ׳פערברענגט ווייניג צו־זאמען. די שנאה זייערע ציהט זיך נאך פון דאמאלס אן, ויען דער טאטע האט גענומען די שטיעפמאמע. און די ליעבע צווישען די אלטע איז היינט נאך אזוי היים, ווי זיי וואלטען איצט חתונה געהאט. ער האט נאך קיין נאכט ניט פערגעסען ברענגען דער ווייב די שעהנסטע בענענע מיט אן עפעל דערצו, אמאל אנשטאט׳ן עפעל — א בארנע, וואס ער קלויבט אויס בייטאג פון „סטאק“ און בעהאלט אונטער די היי אויף׳ן פושקארט און דערלאנגט עס איהר, אז קיינער זעהט ניט... פעני וויס דערפון און עס קרענקט איהר. זי קען ניט פערגעסען, אז צו דער מאמען איהרער איז דער טאטע ניט געווען אזא פיינער מאן... און א חוץ דעם קען פעני גלאט ניט צוזעהן, אז מ׳האט זיך אזוי שטארק ליעב... דער טאטע וויס, אז ווען ער וועט איהר פרעגען וועגען דעם יונגענמאן וואס קומט ארויף, וועט זי ענטפערען מיט רוגזה, אז זי וועט איהם לאזען וויסען. דער טאטע אבער צעהלט די מינוטען, אז זיין טאכ־טער זאל שוין חתונה האבען און זיין פערזארגט.

די ברידער, די בעקערס, זיינען אויך קנאפע פריינד מיט׳ן טאטען און מיט דער שטיעפמאמע; נאר צו דער שוועסטער זיינען זיי גוט און האבען איהר ליעב. זיי געדענקען, וואס פעני איז צו זיי געווען, ווען זיי זיינען געווען קליין, אז די שטיעפמאמע איז אנגעקומען. און מעהר ווי די איינציגע שוועסטער האבען זיי ניט.

די ברידער זיינען הויכע, געזונטע יונגען, אבער אויך מיט אזעלכע פויגעלשע פנימ׳ער און מיט הויקערדיגע און שפיציגע נעזער פונ׳ם זעלבען שניט, ווי זייער שוועסטער׳ס. אזוי האט מסתמא אויסגעזעהן זייער מאמע, ווארים דער טאטע זייערער

האָט גאָר אַ גאַנץ קורצען, פלאַכען נאָז, אַז מ'זעהט קוים אַרויס פון זיין גרויסען, ווילד־בעוואַקסענעם פּנים.

אַ פּאָר מאָל האָבען די ברידער געזעהן גאַבלין'ען אין הויז, ווען זיי זיינען אַזייגער צעהן ביינאַכט געקומען פון דער אַרבייט, און זיי האָבען די חוצפּה ניט געהאַט צו זאָגען „גוד־איווענינג" דעם שעהנעם, איידעלען יונגענמאַן; און גאַבלין האָט זיך אַזוי ווי דערשראָקען, דערזעהענדיג די צוויי דעמבענע בחורים אין סוועטערס און היטלען. איינמאָל האָבען די ברידער געטראָפען פעני'ן וויינענדיג. זיי האָבען געוואוסט, אַז פעני איז ניט קיין „וויינעדיגע", זי וועט בעסער ליידען און שווייגען — מסתמא טהוט איהר שוין גוט וועה, אַז זי וויינט. איינער פון די ברידער האָט אַ פרעג געטהאָן ביי איהר, האָט זי געענטפערט: „גאָרניט". פאַר'ן איינשלאָפען האָבען די ברידער גערעדט, פון וואָס פעני האָט געקענט וויינען.

— אפשר וועגען באַי וואָס קומט דאָ אַרויף — האָט איינער געזאָגט.

— ס'קען זיין, אַבער פון וואָס וויינט זי?

— ס'וועט זיין אַ קלאָג צו איהם, אַז ער וועט איהר עפּעס טהאָן.

— ער זעהט אויס אַן אָרענטליכער באַי.

— ווער קען אַמאָל וויסען. פון וואַטערבורי דער באַי האָט אויך אויסגעזעהן אַן אָרענטליכער באַי, און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען?

די ברידער האָבען גערעדט אַ רעכטע ווײַלע וועגען פעני'ן. זיי האָבען גערעדט וועגען דעם, וואָס עס פּאַסירט גאַנץ אָפט, אַז אַ באַי נאַרט אויס פון אַ מיידעל עטליכע הונדערט דאָלאַר, און וויל מיט איהר דערנאָך ניט חתונה האָבען, און ווי עס טרעפט אויך, אַז אַ באַי מאַכט גלאַט אונגליקליך אַ מיידעל און לאָזט איהר דערנאָך איבער און זי בלייבט אַן אונגליקליכע. די ברידער וואָלטען געווים געוואָלט, ס'זאָל ווערען אַ שידוך צווישען זייער שוועסטער און דעם פיינעם יונגענמאַן; ער איז זיי זעהר געפעלען

געווארען און זיי וואלטען זיך מיט איהם געצאצקעט, איהם אבגע־געבען כבוד; נאר טאמער וועט ער זוכען אבצונארען איהר, ארויס־קריגען פון איהר עפעס און איהר איבערלאזען, וועלען זיי איהם „צוברעכען הענד און פיס", „מאכען מיט א קאפ קירצער".

2

געוויינט האט פעני יענעם אבענד טאקע צוליעב גאבלין'ען. אין זיינע געשפרעכען מיט מיידלעך האט גאבלין זיך נוהג געווען ארייננצוואווארפען אזעלכע ווערטלעך, וואס האבען דער מיידעל געגעבען צו פערשטעהן, אז ער איז אין איהר פערליעבט. און ווייטער פלעגט ער טהאן אזוי: אז ער האט פערשטאנען, אז זי האט די דאזיגע ווערטלעך זיינע אויפגענומען ערנסט און זי איז צופריעדען, פלעגט ער געהן ווייטער: ווארפען נאך שטארקערע ווערטלעך. און טאמער איז די מיידעל געבליבען גלייכגילטיג, ווי ניט איהר מיינט מען, אדער נאר זיך אויסגעלאכט, פלעגט ער אויפהערען. און טהאן פלעגט ער עס גלאט אזוי זיך, צוליעב דעם פערגניגען פון וויסען ביי זיך, אז נאך א מיידעל טראכט פון איהם. און אויך פעני'ן האט ער די ווערטלעך זיינע ניט געזשא־לעוועט. און זי האט די ווערטלעך פערנומען א סך ערנסטער, ווי ער האט געמיינט. קיינמאל פריהער האט זי דאס פון קיינעם ניט געהערט... זי האט טיעף פערנומען זיינע רייד און זי האט געפיהלט ווי א ווארימע, ליכטיגע זון געהט אויף אין איהר עלענדען לעבען... און פאר איהר האט געגלאנצט און געשיינט די דזשולע־רי־סטאר מיט'ן גרויסען פענסטער, מיט דעם שעהנעם יונגענמאן אינוועניג, און די סטאר און דער יונגערמאן בעלאנגען צו איהר...

גאבלין האט געשאטען מיט די געוויסע ווערטלעך, און די ווארימע, ליכטיגע זון האט אלץ ווארימער און ליכטיגער אויפגע־שיינט אין פעני'ס לעבען... עס קען דאך אנדערש ניט זיין, ווי, אז נאך די דאזיגע רייד זיינע וועט ער ווען־עס־איז ארויס מיט קלאהרע רייד און זאגען איהר אפען, אז ער האט איהר ליעב, און בעטען איהר, אז זי זאל מיט איהם הייראטען... זי האט אויך געז־

קלעהרט וועגען דעם, עס קען דאָך זיין, אַז ער וויל איהר נאָך ניט זאָגען, ווייל ער איז ניט אימשטאַנד חתונה צו האָבען, ער האָט ניט גענוג געלד... זי קען דאָך אָבער ניט זאָגען איהם אין פּאָר־אויס, איידער ער ערקלעהרט איהר, אַז וועגען געלד דאַרף קיין אָבהאַלט ניט זיין — זי פערמאָגט אַ פּאָר טויזענד דאָלאַר... ווי קען זי טהאָן אַזאַ זאַך?... אַז ער וואָלט איהר געזאָגט, ערקלעהרט איהר, דערלאַנגט זי איהם באַלד איהר גאַנצען פערמעגען... אָבער אַנבאָטען איהם קען זי דאָך ניט...

נאָר מיט דער צייט איז אויך געקומען די געלעגענהייט, און גאָבלין האָט זיך דערוואוסט, אַז פּעני האָט אַ סך געלד.

אַמאָל אין אַן אָבענד האָט זיך גאָבלין צורעדט מיט פּעני'ן אָביסעל ברייטער וועגען זיין דזשולערי־ביזנעס; דערצעהלט איהר, אַז דאָס איז אַ ביזנעס, וואָס פאָדערט אַ סך געלד, און גאַנץ אָפּט ווערט ער שטאַרק פערענגט, און טאַקע היינט דעם גאַנצען טאָג איז ער אַרומגעלאָפען קריגען געלד. גאָבלין'ס ציעל מיט זיין אַרומרעדען די דזשולערי־ביזנעס איז געווען, צו באָרגען ביי איהר עטליכע דאָלאַר — אַ חוץ דזשולערי פלעגט ער נעהמען קעש אויך — און אויסגעבראַכט האָט ער, אַז ער האָט שוין כמעט די גאַנצע נויטיגע סומע, ס'פעהלט איהם אויס אין גאַנצען אַ פינף און צוואַנציג דאָלאַר — איז איהם איינגעפאַלען, ער וועט אַרויפ־קומען צו איהר, אפשר קען זי איהם אויסבאָרגען אויף אַ קורצער צייט.

פּעני האָט אויפגענומען מיט פערבאָרגענעם פרייד גאָבלין'ס פערלאַנג, און געזאָגט איהם, אַז זי וואָלט זעהר גערן געטהאָן איהם די טובה, נאָר קיין געלד ביי זיך האָט זי ניט. מאָרגען וועט זי אַרויסנעהמען פון די בענק, און אַז ער וועט אַרויפקומען אין אָבענד, וועט זי האָבען פאַר איהם ס'געלד.

גאָבלין איז געווען צופריעדען מיט פּעני'ס פּלאַן, נאָר ער האָט געהאַט אַ בעסערען: אויב זי וויל איהם שוין יאָ טהאָן די טובה, וואָלט ער זעהר געוואָלט האָבען ס'געלד וואָס פריהער, און אויב איהר וועט דאָס ניט אַנקומען שווער, וועט ער איהר טרעפען מאָר־

נעז דינער־טיים ביים פלאץ וואו זי ארבייט, און זיי וועלען ביידע געהן אין באנק.

און מיט נאך מעהר פרייד, בעהאלטענו אין זיך, האט פעני מסכים געווען צו זיין גוטען פלאן און אום ניט צו פערגעסען, צו זיין וואס זיכערער, האט זי געעפענט א שופלאד פון „ביורא" און ארויסגענומען איהר באנק־בוך און געוואלט עס ארייגלעגען אין איהר האנד־בייטעל, אז זי זאל דאס האבען פאר די אויגען. נאר איידער זי האט צייט געהאט צו בעהאלטען ס'ביכעל, האט גאבלין א פרעג געטהאן שפאסיג:

— איהר האט עפעס א סך געלד אין די בענק?

— קיין מיליאנערטע בין איך ניט — האט פעני געענטפערט אויך מיט שפאס.

— דאס ביכעל זעהט אויס אזוי שווער — האט זיך גאבלין געוויצעלט — לאזט מיר א קוק טהאן. ער האט ארויסגעצויגען ס'ביכעל פון איהר האנד, געעפענט, און ער האט דערזעהן פער־שריבען גאנצע זייטלעך מיט פופציגערם, הונדערטערם, פינף־און־צוואנציגערם — עס האט איהם אזש געשווינדעלט פאר די אויגען.

— איך האב גארניט געוואוסט, אז איהר זיינט אזוי רייך — האט ער געזאגט. און דאס האט וויעדער געזאלט זיין שפאסיג, נאר געגען זיין ווילען זיינען די דאזיגע ווערטער ארויסגעקומען גאנץ ערנסט, כמעט מיט בעגייסטערונג — א קלייניגקייט, געלד! אזוי פיעל געלד! ער האט דאס קיינמאל אין זיינע אויגען ניט אנגעזעהן.

גאבלין האט ניט געקענט זיך משער זיין, וויפיעל געלד פעני האט אין באנק; ער האט אבער גרינג געזעהן, אז א סך, נאר א סך, זיכער אין די טויזענדער.

אויף מארגען איז גאבלין געקומען צום מינוט ביי פעני'ס שאפ. מחנות מענשען האבען זיך געגומען שיטען פון די גרויסע געביי־דעם באלד ווי עס האט אויסגעקלאפט און אויסגעקלונגען צוועלף. פעני איז אראבגעקומען אויסגעפוצט אין פולען יוניפארם, געריכט אנגעפודערט און פערהאנגען מיט א וואואל. דעם גאנצען פריה

מאָרגען האָט זי אומגעדולדיג אַרויסגעקוקט אויף דיעזער ווײַלע, ווען זי וועט אַראָבקומען און טרעפען גאַבלין'ען וואַרטענדיג אויף איהר... די באַנק איז געווען אין גאַנצען אַ פּאָר בלאָק אַוועק. ער איז געבליבען וואַרטען אין דרויסען. אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז זי אַרויסגעקומען און איהם דערלאַנגט צוויי צעהנער מיט אַ פינ־פער. ער האָט איהר געדאַנקט, און זי האָט איהם געזאָגט דעם פּאַרעווען „דאָנ'ט מענשען איט“, אָבער אין האַרצען ביי זיך האָט זי איהם געוואונשען, אַז ער זאָל דאָס געזונטערהייד פערניצען, ער זאָל טהאָן מיט דעם גוטע ביזנעס, און זי וואָלט איהם געוואָלט זאָגען נאָך און נאָך...

ער האָט איהר געזאָגט „גוד־באַי“ און אַוועק, אַוועקגעלאָפען, ווי זיין שטייגער איז געווען.

פעני איז אַריין אין „לאָנטש־רום“. דאָס האַרץ ביי איהר איז געווען שטאַרק פערקלעמט, אַזוי ווי צום וויינען, און זי איז געווען ביטער ענטוישט. דעם גאַנצען פאַרמיטאָג האָט זי זיך געריכט, זי האָט געהאָפט, איז זיכער געווען, אַז ער וועט איהר נעהמען אין אַ רעסטאָראַן צו דינער, און דערפאַר איז זי דאָס אַראָבגעקומען אין אַ פולען יוניפאָרם און אַזוי געדיכט אָנגעפּודערט, ניט ווי אַלע טאָג, ווען זי געהט אַראָב צו „לאָנטש“ אונטען, אין קאָפע־פּלאַץ. געווים, צו געהן אין באַנק האָט זי זיך אויך געמוזט „אָנטהאָן“, נאָר איהר הויפּט־כונה איז דאָך געווען, אַז ער וועט איהר נעהמען צו דינער אין רעסטאָראַן. דעם גאַנצען נאָכמיטאָג האָט זיך איהר געוואָלט גוט אויסוויינען.

פעני'ס באַנק־בוך האָט געמאַכט אַ טיעפע ווירקונג אויף גאַב־לינ'ען. ער האָט ניט געטראַכט אויסצונאַרען פון איהר געלד, און ער האָט אויך ניט געמיינט מיט איהר חתונה האָבען און ווערען דער בעל־הבית איבער איהר געלד. נאָר זייט ער האָט זיך דערוואוסט פון איהר באַנק־בוך, האָט איהם געצויגען און געשלעפּט צו פעני'ן, און ער האָט ביי זיך אָבגעמאַכט ניט צו פער'מיאוס'ען זיך ביי איהר. מיט איהר געלד טאַקע האָט ער אַרויסגענומען פון פאָון־שאָפּ איהר זייגערעל און געבראַכט צו איהר

אהיים, געפוצט „אינסייד״ און „געפאלישט״ „אויטסייד״, מיט די אויסגעקריצטע „אינישעלס״ „עף״ און „עס״ אריינגעדרעהט און אריינגעפלאכטען איינע אין די אנדערע. פעני וואלט זיך געוויס שטארק דערשראקען קריגענדיג צוריק איהר זייגערעל — ער האט דאך אבער געהאט איהרע פינף־און־צוואנציג דאלאר...

פאר וואס האט דאס עפעס גאבלין געוואלט בלייבען אזא פייי־נער מאן אין פעני׳ס אויגען? ער האט דאס אליין ניט געוואוסט. געוויס האט אין דעם געשפיעלט א גרויסע ראלע איהר באנק־בוך מיט די אנגעשריעבענע הונדערטער, פופציגערס און פינף־און־צוואנציגערס.

3

און איצט האט גאבלין אויך גענומען טראכטען: וואס וועט זיין מיט איוואן; אייגענטליך, ווי אזוי פון איהר זיך אבצושעפען.

פון אלע זיינע בעקאנטע מיידלעך און ליעבעס, וואס גאבלין האט געהאט, האט זיך איהם אבגעשטעלט איוואַ. די מיידלעך האבען גיך אויסגעפונען, אז ער איז א פוסטער בחור; אנדערע האבען זיך ארומגעזעהן, אז עס „לוינט ניט״ איהם ליעב צו האבען, און אנדערע האבען אביסעל געליטען און זייער ליעבע צו איהם אונטערדריקט. איוואַ, אבער, האט גאבלין׳ען צו שטארק ליעב גע־האט, און האט גאר קיין פערזוך ניט געמאכט און האט ניט גע־וואלט טוידטען איהר ליעבע צו איהם. געגנארט אין איהם איז זי ניט געווען, און זי האט געוואוסט, אז ער איז א „גארנישט״, זי האט געוואוסט פון זיינע דזשולערי־ביזנעס, ווארים איהר אייגענעם רינגעל, וואס ער האט פון איהר גענומען אריינצוזעצען א שטיינ־דעל, האט זי מעהר אין די אויגען ניט אנגעזעהן — און זי האט איהם פארט ליעב געהאט, און איז בערייט געווען יעדע מינוט צו געהן מיט איהם, וואוהין ער וועט איהר נור רופען. זי איז געווען א זעהר שעהן מיידעל, אן איידעלע ברונעטקע און זעהר שעהן און גלייך געוואקסען. זי איז בערייט געווען חתונה צו האבען מיט איהם, זי זאל אפילו די ערשטע צייט מוזען געהן אר־

בייטעו, וואוינעו אין איין רום. איוואַ איז געווען אַ עקשנ׳טע און אַ פערביסענע און זי האָט שוין לאַנג ביי זיך בעשלאָסען, אַז זי מוז איהם קריגען, נאָר געהאַפט האָט זי, אַז נאָך דער חתונה, אַז ער וועט שוין זיין אין יאַד, וועט ער מוזען ווערען אַ מענש; זי וועט איהם נעהמען אין די הענד אַריין און מאַכען פון איהם אַ לייט. זי האָט איהם שוין בעטראַכט פאַר איהרען און גערעדט מיט איהם אויף „דו“ און געזאָגט גאַנץ אָפען, אַז זי האָט איהם ליעב. גאַבלין איז ניט געווען איבעריגס פערליעבט אין איוואַ׳ן, נאָר זי האָט איהם גאָרנישט געקאָסט און איהם האָט זיך גראָד געלוינט צו זיין פריינד מיט איהר — ער האָט אָפט גענומען ביי איהר דאָלאַרס און קליין־געלד, און געגאַנגען אין טהעאַטער און אויסגעפּאַהרען זיינען זיי אויף איהר עקספּענסעס, — ער איז שטענ־דיג געווען „געבראָכען“, און פאַר׳ן אויספאַהרען מיט איהר ערגעץ, האָט ער פריהער איבערגעצעהלט איהר געלד, אויסצוגעפינען, ווי־פיעל ער וועט קענען ספּענדען. און וואָס זי רעדט וועגען ליעבע און חתונה האָבען, אַרט איהם ניט, און ער פּטר׳ט איהר אָפּ מיט גלייכגילטיגקייט.

איוואַ איז געווען אַ אונשולדיג, נאַאיווע מיידעל ביז זי האָט זיך מיט איהם בעקענט; נאָר דערנאָך, אַז זי איז שוין זיכער געווען, אַז ער וועט זיין איהרער, ער וועט סיי־ווי־סיי זיין איהר מאַן, איז זי געוואָרען גאַנץ נאָהענט צו איהם, פלעגט איהם האַלטען ביז שפּעט אין דער נאַכט ביי איהר אין רום און אַמאָל פערברענ־גען ביי איהם אין רום, און פלעגט דערנאָך קוים פּועל׳ן ביי איהם, אַז ער זאָל איהר אָבפיהרען אַהיים. איהר האָט דאָס געקרענקט און זי האָט אָפט געוויינט, וואָס זי מוז דאָס בעטען ביי איהם נאָכ׳ן זיין אַזוי נאָהענט. נאָר אויך אין אַזאַ מאָמענט האָט זי זיך געטרייסט מיט נאָך דער חתונה, ווען ער וועט שוין זיין ביי איהר אין די הענד און זי וועט מאַכען פון איהם אַ לייט.

און איצט, נאָכדעם ווי גאַבלין האָט געשלאָסען בעקאַנטשאַפט מיט פעני׳ס באַנק־ביכעל, האָט ער זיך פּלוצלונג געכאַפּט וועגען איוואַ׳ן. ער האָט זיך פריהער וועניג־וואָס געקימערט וואָס זי

„דרעהט איהם אַ קאָפּ" מיט ליעבע און חתונה האָבען. איצט אָבער האָט ער דורכגעטראַכט די גאַנצע געשיכטע, און ער האָט זיך דער־פיהלט אין אַ פּלאָנטער... ער איז געווען מיט איוואַ'ן אַזוי נאָ־הענט, זי בעטראַכט איהם פאַר איהרען; וואָס וועט זי זאָגען און וואָס וועט זי טהאָן!...

פאַר זיין געדאַנק פלעגען זיך אָפּט אָבמאָהלען די צוויי ביל־דער פון איוואַ און פעני. איוואַ — שען, יונג און פריש... פעני — פערעלטערט, געל און גרין, און איהר נאָז!... נאָר אין מח ביי איהם האָט געקלאַפּט: געלד, געלד, אַ סך געלד... אויסגעשטעלט אַזוי ווי די סאַלדאַטען שטעהען אין באַק־בוד די פופציגערס, די פינף־און־צוואַנציגערס און די גאַנצע הונדערטערס... און איוואַ האָט גאַרניט, קומט קוים אויס מיט איהרע פערדיענסטען... ניין, מיט איוואַ'ן קען ער זיך ניט אָבגעבען... און ווי אויף־צו־להכעיס האָט ער דוקא שטאַרק ליעב געקראָגען איצט איוואַ'ן, און ער לאָזט ניט דורך קיין איין נאַכט, אָדער אין איהר רום, אָדער אין זיינעם, און פערברענגענדיג מיט איהר האָט ער געפיהלט און איז זיכער געווען, אַז ער וועט מיט איהר ניט פערבלייבען, ווארים דער קאַמפּף אין איהם איז אייגענטליך געווען אַ שוואַכער און ער האָט ניט גע־מאַכט די מינדעסטע אַנשטרענגונג, אַז איוואַ זאָל געווינען... ער האָט דאָס גאַרניט געוואָלט... פעני מיט איהר סך געלד האָט שווער אָראָבגעוואויגען דעם וואָגשאָל.

אַזוי האָט גאָבלין אָנגעפיהרט היבשע עטליכע וואָכען. די פינף און צוואַנציג דאָלאַר האָט ער נאָך פעני'ן ניט אָבגעצאָהלט. ביידע דערמאָנען זיי ניט וועגען דעם. ער האָט גראַד יאָ געוואָלט אָבצאָהלען איהר דעם חוב, נאָר ווי אַזוי קען ער צוזאַמענקריגען אַ גאַנצען פינף־און־צוואַנציגער? איוואַ האָט ניט געהאַט די נאַ־טור פון שפּאָרען געלד. ער וואָלט איהר אפשר געקענט אָבצאָהלען ביסלעכווייז, אין גאַנץ קליינע סומען — איז איהם דאָס ניט אָנ־געשטאַנען... אָבער, נאָך אַלעמען, האָט ער זיך געטרייסט מיט דעם, וואָס איהם איז גאַרניט נויטיג זיך אָנצושטרענגען און אָב־צאָהלען איהר; ער דאַרף זיך גאַרניט אויספּיינען פאַר איהר; ער

זעהט דאָך קלאָהר וואו ער האַלט מיט איהר: ביים ערשטען וואָרט זיינעם וועט זי זיין זיינע מיט איהר געלד און איהר דזשו־לערי. און פאַרוואָס האָט ער איהר ניט געזאָגט דעם וואָרט? עפּעס איז איהם האָט ניט דערלאָזט אַ־ויסריידען דעם דאָזיגען וואָרט, וואָס זאָל איהם צובינדען צו פעני'ן און אָבשניידען פון איוואַ'ן — ער האָט איצט איוואַ'ן ליעב געהאַט און ער האָט מורא געהאַט פאַר איהר... און ער האָט זיך צוריקגעהאַלטען און גע־וואָרט... און אַזוי ווי דורך דער צייט, וואָס ער פלעגט פערברענגען מיט איוואַ'ן, האָט ער ניט געקענט אויספיהרען ניט צו טראַכטען פון פעני'ן מיט איהר געלד און געפיהלט און איז זיכער געווען, אַז גאָר גיך וועט ער אויפהערען זיך זעהן מיט איוואַ'ן, אַזוי זיי־צענדיג מיט פעני'ן ביי איהר אין פראַנט־רום, איז איהם איוואַ ניט אַרויס פון געדאַנק... און ער האָט געקוקט אויפ'ן שופלאַד, וואו ס'ליגט דער באַנק־בוך, און ער האָט געקוקט אויף די גאָלד און דימענטען, וואָס האָבען פון איהר געבליצט און געשיינט... גע־וואוסט ביי זיך, אַז דאָס וועט אַלץ זיין זיינס... און געטראַכט פון איוואַ'ן... און יעדעס מאָל, אַוועקגעהענדיג פון פעני'ן, האָט ער אַנגעקלאַפּט אין איוואַ'ס רום און אַריין אינגוועניג...

שפּעטער אַביסעל האָט פּאַסירט, אַז ער האָט נים געקענט קומען צו פעני'ן עטליכע אָבענדען נאַכאַנאַנד. איין אָבענד האָט שטאַרק גערעגענט; דעם צווייטען אָבענד האָט איהם איוואַ ניט אָבגעלאָזט און ער האָט געמוזט פאָהרען מיט איהר אין פּאַרק; דעם דריטען אָבענד האָט ער אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ גאָר נייע מיידעל. פעני איז דורך דיעזע שטיקענדע אָבענדען געזעסען אין פראַנט רום און אויף איהם געוואַרט, און אויפ'ן דריטען אָבענד, אַז עס איז שוין געוואָרען גאָר שפּעט — ער וועט שוין געווים נים קומען — האָט זי זיך ניט געקענט צוריקהאַלטען און זיך צו־וויינט; די ברידער זיינען אונטערגעקומען און געטראָפען איהר וויינענדיג.

די ברידער האָבען צווישען זיך אָבגערעדט, אַז זיי ווילען זיך פון איצט אָן בעסער צוקוקען, וואָס דאָ קומט פאַר מיט פעני'ן און דעם יונגענמאַן, און אַ חוץ דעם ווילען זיי דערגעהן עפּעס מעהר

וועגן איהם, ווער ער איז און וואס ער טהוט, און אז ער וועט זיי ניט געפעלען, וועלען זיי איהם ארויסטרייבען פון הויז גאר אהן צערעמאניעס, און אז עס וועט נויטיג זיין, נאך דערלאנגען א קלאפ אויך. פריהער פון אלץ האבען זיי געפרעגט ביי פעני'ן, וואס דאס איז פאר א יונגערמאן. ביי פעני'ן האט זיך שוין געהאט אנגע־קליבען גענוג גאל און טרעהרען און וועהטאג פון ערוואַרטונג און פון אונגעדולד, און זי האט געמוזט פאר אימיצען ארויסרעדען, און זי האט זיך צורעדט פאר דעם עלטערען ברודער, דעם קליי־נערען, וואס זי האט געוואוסט פון גאבלין'ען, אז ער האנדעלט מיט דזשועלערי און ער איז זעהר א קלוגער און ארענטליכער יונ־גערמאן, און אז ער האט שוין אמאל געהאלטען ביים אנקומען אין קאלעדזש אויף דענטיסט — דאס האט זי אביסעל איבערטרי־בען — גאבלין האט איהר בלויז דערצעהלט, אז ער האט אמאל חשק געהאט צו זיין א דענטיסט — און קענען קען זי איהם דורך איהרע בעקאנטע מיידלעך. און ווייטער דענקט זי, אז ער גלייכט איהר, אבער זי קען נאך ניט וויסען.

די ברידער זיינען געווען צופריעדען מיט'ן רעפארט און זיי האבען געקראגען גרויסען יצר־הרע ארייינצוקריגען איהם אין דער פאמיליע. זיי האבען זיך אבער געשראקען, אז ס'איז עפעס אבי־סעל צו־גוט... האבען די ברידער אבגעמאכט צו זעהן זיך און רע־דען מיט איהם אליין, אויסגעפינען, וואס ער מיינט און וואס ער דענקט. זיי האבען איהם אבגעווארט אייז אבענד, ווען ער איז ארוים פון הויז, געלאזט איהם אבגעהן ביז'ן קארנער, און דערנאך אונטערגעגאנגען צו איהם.

גאבלין האט זיי געקענט „פון ווייטען"; פעני האט זיי קיינ־מאל ניט פארגעשטעלט. נאר דערזעהענדיג זיי פלוצלונג לעבען זיך, האט ער זיי גאנץ פריינדליך געזאגט: „העללאו!"

— מיר זיינען פעני'ס ברידער — האט דער עלטערער גע־זאגט.

— איך וויים, איך קען אייך.

— מיר האבען געוואלט ביי אייך עפעס פרעגען — האט גע־

זאָגט דערזעלביגער ברודער, דער רעדעוודיגער, און געזעדט האָט ער ניט איבריגס הויך און מיט רעספעקט.

גאַבלין האָט געכאַפּט פערשטעהן, וואָס זיי ווילען פון איהם.

— וואָס? — האָט ער געפרעגט.

— מיר זיינען איהרע ברידער און מיר ווילען וויסען — האָט געזאָגט דערזעלביגער — איהר מוזט אונז עקסקיוזען. וואָס מיינט איהר וועגען אונזער שוועסטער פעני?

גאַבלין האָט זיך דערפיהלט ניט פרעהליך צווישען די צוויי געזונטע יונגען, און ער האָט געזאָגט, מיט אביסעלע שרעק:

— איך האָב וועגען איהר אַ גאַנץ גוטע מיינונג.

די ברידער זיינען געווען צופרידען דאָס צו הערען. אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען גענוג, און דער רעדעוודיגער האָט געפרעגט:

— איך וויל אייך זאָגען אָפען, אונזער שוועסטער איז ביי אונז טהייער; אז אימיצער וועט איהר מאַכען צום נאַר, וועלען מיר זיך מיט איהם אָברעכענען.

— וואָס הייסט מאַכען צום נאַר? — האָט גאַבלין געפרעגט, שוין אַ רעכט־ביסעלע דערשראָקען.

— ס'קען זיך מאַכען, אימיצער זאָל איהר אָבנאַרען, וואָס דאָס טרעפט אָפט. זי איז אַ שטילע. איך וויל איהר ניט פערלויבען פאַר אייך.

גאַבלין האָט געפונען פאַר נויטיג זיך אונטערצו'חנפ'ענען צו די ברידער:

— איהר דאַרפט מיר דאָס ניט זאָגען, איך זעה דאָך אַליין, איך קען פעני'ן גאַנץ גוט. אז די צייט וואָלט געווען אביסעל בעסער, וואָלט איך גאָרניט געוואַרט. איצט קען איך איהר גאָר ניט זאָגען, די רזשולערי־ביזנעס געהט איצט שוואַך.

די ברידער האָבען זיך דערפרעהט.

— דאָט'ס אָלל־ראַיט — האָט דער עלטערער געזאָגט — אז ס'קומט צו רייד, קען איך אייך זאָגען, אז קיין אָרימע מיידעל איז פעני ניט. זי האָט אָבגעסייפט אַ פאַר טויזענד דאָלאַר, וואָס קען

צוניץ קומען, אז מען דארף אין ביזנעס. דער רעכטער עיקר איז, אז מען גלייכט זיך גוט איינע די אנדערע.

גאבלין האט ניט געענטפערט. די „פאר טויזענד דאלאר" האט איהם אזוי ווי א קלאפ געטהאן איבער'ן מח.

זיי זיינען נאך געגאנגען א פאר בלאק, שווייגענדיג. דערנאך האבען די ברידער געזאגט „גוד־נאיט" און זיך אומגעקעהרט אהיים. זיי זיינען געווען צופריעדען, אבער זיי וועלען נאך פונדעסטוועגען אכטונג געבען.

## 4

פעני האט ניט געוואוסט פון איהרע ברידער'ס געשפרעך מיט גאבלין'ען; גאבלין האט אויך ניט גערעדט מיט איהר וועגען דעם. ער איז זיכער געווען, אז זי ווייס דערפון; ער האט גאר געמיינט, אז זי האט זיי אונטערגעשיקט צו איהם; עס איז ביי איהם אויס־געקומען גאנץ פערשטענדליך, אז זי זאל אנווענדען אלע מיטלען, אום איהם ארייַנצוקריגען.

נאכ'ן געשפרעך האבען די ברידער איהם שוין געזאגט „גוד־איווניגג" ביים טרעפען זיך מיט איהם אין הויז, און זיי פלעגען אברייבען די פערגרעבטע הענד אן די מעהליגע, טייגיגע הויזען און איהם דערלאנגען א מין שלום־עליכם. פעני האט זיך זעהר גע־פרעהט דאס צוזעהענדיג. גאבלין האט זיך שוין געפיהלט נאהענט צו די ברידער, ווי צו קרובים, און טיעף אין הארצען האט ער מורא געהאט פאר זיי, ווי פאר א שטרענגען טאטען, אדער שטרענגען פאטער אדער זיידען, וואס קען בעשטראפען...

די צייט איז געווען א גאנץ שלעכטע פאר גאבלין'ען. זיין „דזשועלערי־ביזנעס" איז געגאנגען זעהר שוואך, און ער האט גע־ליטען נויט, אין דער צייט וואס ער איז ביי זיך זיכער געווען, אז ער קען זיך „באדען אין געלד", אז ער זאל דאס נור וועלען. ער האט א פאר מאל איבערגעקלעהרט וועגען בעטען ביי פעני'ן, אז זי זאל איהם אויסבארגען א גאנצען הונדערטער. ער האט זיך אבער דערשראקען קלעהרענדיג דערפון. א הונדערטער! זי וועט

איהם אפשר ניט וועלען געבען... און די ברידער... און געלד האבען מוז ער. ער איז ארומגעגאנגען איז אן אבגעבליאקעוועטען סוט און אויסגעדיענטע שיך און ניט געהאט גענוג געלד אבצו־עסען א ריכטיגען מאלצייט. און גראדע איז אויך איוואַ'ן ניט נעגאנגען גוט. עטליכע וואכען האט זי געסטרייקט, און דערנאך איז געווען סלעק; זי איז שוין שולדיג געווען איהר מיסעס עטלי־כע דאלאר.

איין אבענד איז גאבלין ארויפגעקומען א פערבימערטער און מיט א פעסטען בעשלוס. זיי זיינען געווען אליין אין הויז. עס איז געווען היים. ער האט זיך אויסגעטהאן דעם ראק און צו־בונדען דעם קאלנער און האלזטוך. ער איז ניט געווען נערוועז און ניט דערשראקען. און ער האט ניט געזוכט קיין פאסענדע ווערטער, ווי אזוי צו זאגען איהר די וויכטיגע נייעס. פראסט און איינפאך האט ער איהר געזאגט, אז ער האט איהר ליעב; ער וויל, אז זי זאל ווערען זיינע; ס'הייסט. מיט איהר חתונה האבען.

פעני האט כמעט יעדען אבענד ארויסגעקוקט, געהאפט, גע־חלש'ט צו הערען די דאזיגע ווערטער פון איהם; זי איז שוין זיכער געווען, אז די ווערטער וועלען קומען — און דאך, אז זי האט זיי ענדליך דערהערט, איז דאס געווען א געוואלדיגע איבערראשונג, אונגלויבליכע ווערטער... זי איז געבליבען זיצען בלאס און שטום...

גאבלין איז זיך געבליבען דערזעלבינער. ער איז צוגעקומען צו איהר און איהר א קוש געטהאן אויפ'ן באק... איהם האט זיך עפעס אויסגעדוכט, אז זי גלויבט איהם ניט... זי האט קיין צו־טרוי ניט צו זיינע רייד...

זי האט זיך צואוויינט.

ער האט געבעטען, אז זי זאל מיט איהם אראבגעהן אין סטריט, אדער זיי וועלען נעהמען א קאר און זיך אביסעל דורכפאהרען.

פעני איז אריין אין בעד־רום זיך צוקלייבען, און דארט האט זי ווידער געוויינט און דערנאך געלאכט, געוויינט און געלאכט צוזאמען, גערעדט צו זיך און געזיפצט... געוואלט האט זי בליי־

בעז מיט איהם אליין אין הויז... ער וויל אבער געהן אדער פאהרען... און אין הויז וועלען דאך באלד קומען מענשען... די שטיפמאמע, דער טאטע, די ברידער...

אין גאס האבען די אלערליי ליכט און לאמפען אויסגעזעהן אין פעני'ס אויגען, ווי יום־טוב'דיגע ליכט אין די לייכטערס אין איהרע קינדערשע יאהרען פסח צום סדר, אדער אזוי א יום־טוב, אדער א פרעהליכען פרייטאג־צו־נאכטס... און ניט אינגאנצען קלאהר זיי־נען די ליכט געווען, נאר ווי דורך א לייכטען טול... איהר הארץ איז געווען שווער און נאך ניט אויסגעוויינט... נאר אין די שווע־רענים און טרעהרען האט זי געפיהלט איהר גרויסען גליק... און זי האט אזוי ווי גארניט געזעהן די מענשען אויפ'ן גאס און ניט געהערט דעם טומעל און געפילדער.

גאבלין האט גענומען היינט צום ערשטען מאל איהר ארעם אונטער זיינעם; נאר דאס האט פעני'ן איצט ניט אויפגעטריי־סעלט: די פערגאנגענע מינוטען האבען איהר געמאכט אזוי נא־הענט צו איהם און איהם צו איהר...

זיי זיינען אריין אין דעלענסי סטריט און גאבלין האט פאר־געשלאגען צו נעהמען א שפאציער אויף דעם וויליאמסבורג בריק. זיי האבען זיך געזעצט אויף א באנק.

ער האט איהר גאנץ קאלט דערצעהלט, אז ער האט איהר ליעב שוין פון לאנג; אז ער האט איהר ליעב געקראגען באלד, ווי ער האט זיך מיט איהר בעקענט. ער האט זיך אבער געמוזט צוריקהאלטען פון זאגען איהר, ווייל ער איז נאך ניט ריכטיג „גע־סעטעלט"; אבער ער האט שוין מעהר ניט געקענט שווייגען. ער האט איהר געמוזט ארויסזאגען, און ער האפט, אז עס וועט זיין אלרייט. ער וועט מאכען א לעבען. אלץ וואס איהר פעהלט איז געלד, זיך דורכדרעהען און פערגרעסערען זיין האנדעל.

פעני האט געשוויגען. זי האט נאך דערוויילע געזשאלעוועט, ניט פערגונען זיך ארויסצורעדען... זי האט נאך געוואלט האלטען פאר זיך אליין איהר פרייד און גליק...

צוריקקומענדיג אין הויז, האבען זיי געטראפעןביידע ברידער.

גאַבלין האָט זיי „אויפגעראַמט“ בעגריסט און זיך צורעדט מיט זיי, ווי מיט גאָר אַלטע בעקאַנטע. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וועגען זייער אַרבייט און פערדיענסטען, וואָס ער האָט פריהער קיינמאָל ניט געטהאָן, ווייל עס האָט איהם ניט אינטערעסירט; איצט האָט איהם אויך וועניג־וואָס געאַרט זייער אַרבייט און זייערע פערדיענסטען, נאָר וועגען וואָס זאָל ער מיט זיי ריידען? און פאַר'ן אַוועקגעהן האָט גאַבלין גערעדט עפּעס אַ סוד מיט פעני'ן אין אַ ווינקעל.

אין דער פערגאַנגענער ווײַלע האָט זיך פעני איבערגעביטען, און אַנשטאַט וואָס פריהער האָט זיך איהר געוואָלט שווייגען, ניט ארויסריידען פון זיך, האָט זיך איהר איצט געוואָלט דערצעהלען, ריידען... דערצעהלען דעם טאַטען האָט זי נאָך צייט, און וועגען דער שטיפמאַמע איז געוויס ניטאָ וואָס צו איילען זיך, און מיט די ברידער איז איהר טאַקע אַנגענעהמער זיך דורכצוריידען; און זי האָט זיי געזאָגט, אַז גאַבלין איז איהר חתן; ער האָט ביז איצט געשוויגען, ווייל איהם איז ניט געגאַנגען אָם בעסטען אין די ביזנעס, אָבער איצט איז שוין ביי זיי אָבגעמאַכט, בעשלאָסען צו הייראַטען. דער „אָבגעמאַכט, בעשלאָסען צו הייראַטען“ איז ניט געוועזען גאַנצען ריכטיג — איהר געליעבטער האָט וועגען דעם אַ וואָרט ניט געזאָגט — דאָס האָט פעני געזאָגט, כדי צו דערפרעהען די ברידער, צו דערפרעהען זיך אַליין...

די ברידער האָבען זיך טאַקע דערפרעהט, און דער עלטערער, דער קליגערער, איז געבליבען זיצען מיט איהר ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער האָט גוט בעגריפען די דעליקאַטע לאַגע, און ער האָט גערעדט מיט זיין שוועסטער גאַנץ פּאַרזיכטיג, אויסגעהיט זיך, ניט וועה צו טהאָן איהר... פערשטאַנען האָט ער, אַז אַזאַ יונגערמאַן ווי גאַבלין, קען קריגען אַ אינגערע און שעהנערע כלה, ווי זיין שוועסטער, און אַז אין דעם שידוך שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע איהר געלד... זי מוז זיין זעהר פּאַרזיכטיג, ווי אַזוי מיט איהם אַנצוגעהן... דעם ברודער'ס עצה איז געוועזן, אַז ווײַבאַלד עס האָלט שוין יאָ אַזוי, זאָלען זיי חתונה האָבען; ניטאָ אויף וואָס צו

ווארטען. דערנאך וועט זי איהם געבען דאס געלד און ער וועט זיך טהאן זיינע ביזנעס מיט די דזשולערי; ער וועט עפענען א סטאר, אדער ער וועט האנדלען מיט דזשולערי און זיי וועלען מאַ־כען א לעבען.

פעני איז ביסלעכווייז אויסגעניכטערט געווארען פון דער גוואלדיגער איבערראשונג פון היינטיגען אבענד און זי האט זיך קלעהרער אריינגעטראכט אין דער אנגעלעגענהייט. זי האט געוויס ניט געמיינט, ווי איהר ברודער, אז גאבלין איז אביסעל א צו־גוטער חתן פאר איהר. דאס טאקע ניט. נאר זי האט געקלעהרט, ווי אזוי זיך וואס שטארקער פערזיכערען מיט איהם... חתונה גע־האט מיט איהר האט ער דאך נאך דערווייל ניט, טו מיט וואס־זשע איז זי דאס מיט איהם אזוי זיכער?... און זי איז אליין ארויפגעקומען אויפ'ן שכל, אז ער מוז טאקע אפשר מיינען איהר געלד. געשמאק איז איהר טאקע ניט געווען טראכטענדיג וועגען דעם; זי האט זיך אבער ניט געקענט העלפען: עס האט זיך געטראכט... אז ס'וואלט שוין געווען נאך דער חתונה, איז דאס ניט אזוי שלעכט, אבער איצט איז דאס נאך ווייט דערפון... אפשר וויל ער גאר ארויסקריגען פון איהר געלד און וועט מיט איהר ניט חתונה האבען... איהר גליק איז געווען אויסגעמישט מיט שרעק און מורא...

מיט גאבלין'ען איז פארגעקומען א שטיקעל ענדערונג. איצט, אז ער איז שוין געווען פעני'ס חתן און איהר געלד איז שוין געווען אזוי גוט ווי זיינע, האט איהם ס'הארץ ניט דערלאזען בעטען ביי איהר געלד, אין וואס ער האט זיך אזוי שטארק גענויטיגט, פראסט, געמוזט האבען צום לעבען. ער האט זיך אי עפעס געשעהמט, אי מורא געהאט צו בעטען ביי איהר געלד...

ער קומט ארויף יעדען אבענד און זיי גהען שפאציערען; אדער זיי פאהרען אין פארק, אמאל אין קוני־איילענד. ספענדען פיעל געלד קען ער ניט, וויל ער האט ניט, און די עטליכע סענט וואס זייער נסיעה קאסט איהם אב, קומט איהם אויך אז מיט נאל, און ער איז דארום שטענדיג דאפיר, אז זיי זאלען אבקומען מיט

„אַ וואַק" און מיט אַן אייז־קרים־סאָדאַ. די געשפּרעכען זייערע זיינען ניט קיין איבעריגס־פייעריגע ליעבעס־געשפּרעכען. ער רעדט וועגען זיין דזשולערי־ביזנעס און בעקלאַגט זיך, אַז עס פעהלט איהם אויס געלד, נאָר בעטען ביי איהר קען ער ניט, און זי באַט איהם ניט אַן. די לעצטע צייט הערט זי ניט אויף צו טראַכטען אַ מינוט וועגען איהר געלד און זי האַט זיך אַבגעמאַכט ביי זיך, אַז גלאַט געבען געלד, וועט זי ניט... וועגען דעם ענגיידזשמענט־רינג האָט גאָבלין פערכאַפּט דעם וועג: קיין ביליגען רינג וויל ער איהר ניט קויפען; ער וויל איהר געבען נאָר אַ גוטען ענגיידזשמענט־רינג, וויל ער אַבוואַרטען די געלעגענהייט, אַז איהם וועט זיך מאַכען אַ מציאה — דאָס טרעפט אָפט אין זיין ביזנעס, נאָר פאַרלויפיג מאַכט זיך ניט, און אַ חוץ דעם, מוז ער אַב־וואַרטען, ביז די צייט וועט זיך אַביסעל פערבעסערען. פעני'ן האָט זיך געוויס געוואָלט טראָגען אַן ענגיידזשמענט־רינג — זי קען דאָך איהם אָבער ניט איבערשפּאַרען, און געבען איהם געלד צו קויפען — דאָס קען זי דאָך געוויס ניט טהאָן!

5

פעני'ס האָפנונג צו פערמאָגען אַ דזשולערי־סטאָר איז ניט מקוים געוואָרען, און קיין טהייערען ענגיידזשמענט־רינג האָט זי פון איהר חתן ניט געקראָגען. אפילו קיין ביליגען אויך ניט.

אין אַן אָבענד, ווען פעני איז געקומען אַהיים פון דער אַר־בייט, האָט זי געטראָפען אין הויז אַ קאָזין פון דער מאַמע'ס צד. דער קאָזין האָט געהאַט אַ דעליקאַטעסען־סטאָר אין די בראָנקס, געמאַכט אַ שעהן לעבען און אָבגעשפּאָרט נאָר היבשע עטליכע דאָלאַר. נאָר די ווייב זיינע וויל זיך שוין אַביסעל אויסרוהען, און ער אַליין טאָקע אויך, געהט ער צוליעב דעם אין די האָלסייל דעליקאַטעסען־ביזנעס מיט אַ פּאַרטנער; און אַזוי ווי ער ווייס, אַז פעני'ס חתן מאַכט ניט קיין איבעריגס־גוטע געשעפטען מיט זיינע דזשולערי, ראָטה ער זיי, ס'הייסט פעני'ן און איהר חתן, זיי זאָלען אָבקויפען זיין סטאָר, זיי וועלען קיין חרטה ניט האָבען.

דאָס איז אַ ביזנעס וואָס ברענגט אַריין אַריבער פופציג דאָלאַר אַ וואָך. די סטאָר איז ווערטה, און ער קען לייכט קריגען, דריי טויזענד דאָלאַר, און ער ווייס, אַז פעני האָט ניט מעהר פון צוויי טויזענד, נאָר גאַבלין פערמאָגט דאָך אויך געוויס עטליכע דאָלאַר, און אַז זיי וועט נאָך אַלץ אויספעהלען, איז אויך קיין געפאַהר ניט — זיי וועלען געבען נאָטוס; ער איז זיכער, אַז זיי וועלען איהם גרינג אויסצאָהלען.

דאָס איז געווען אין אַ פרייטאָג אָבענד; די ברידער האָבען ניט געאַרבייט און זיי זיינען באַלד געקומען אַהיים; גאַבלין איז אויך אונטערגעקומען, און דער קאַזין האָט פאַרגעלעגט די גע־שיכטע פון דאָס נייע פאָר אַלעמען.

דער פּלאַן איז אַלעמען געפעלען געוואָרען — דעם חתן נאָך מעהר פון אַלעמען; דערהערענדיג, אַז די סטאָר ברענגט אַריין אין אמת׳ע קעש אַריבער פופציג דאָלאַר אַ וואָך פּראָפיט, האָבען זיך ביי איהם די אויגען אָנגעצונדען פון בעגייסטערונג און שמחה: אַזוי פיעל געלד! אַז מען דאַרף דאָרט זיין פערקויפט און פער־שקלאָפט טאָג און נאַכט — פון דעם האָט ער ניט געטראַכט; ער האָט וועניג־וואָס געוואוסט פון די דעליקאַטעסען־ביזנעס.

די ברידער, איבערהויפט דער רעדעוודיגער, דער קליגערער, זיינען געווען העכסט־צופריעדען מיט דער געלעגענהייט. דעם עלטערען ברודער איז גאַרניט געווען צום האַרצען גאַבלין׳ס רזשור־לערי־ביזנעס, וואָס ער איז שטענדיג אויף׳ן ווינד און אַלע מאָל פערענגט; האַלט אין איין אַרומלויפען, אַרומפּליהען. די דע־ליקאַטעסען־סטאָר איז אַ סאָלידע ביזנעס, אַ איינגעטרייטע, עס איז פאַראַן פון וואָס אַ לעבען צו מאַכען און מען שטעהט אויף אַן אָרט. אַז דער קאַזין נאַרט זיי ניט, זיינען אַלע זיכער געווען, ער איז אַן עהרליכער מענש, און מ׳ווייס, אַז ער מאַכט אַ פיינעם לעבען און האָט אַ רעכטע ביסעל אָבגעשפּאָרטע געלד אין די בענק.

נאָכ׳ן עסען האָט דער טאַטע זיך געלעגט שלאָפען, די שטיעפ־מאַמע איז אַריין צו אַ שכנה. חתן־כלה, דער קאַזין און די ברידער

האָבען ברייט אַרומגערעדט די דעליקאַטעסען־ביזנעס פון אַלע זייטען. דער קאַזין האָט פערזיכערט, אַז עס איז אַ קנאַפּע תורה זיך אויסצולערנען; גאַבלין און פעני וועלען זיך דאָס אויסלער־נען, און זיי וועלען קיין חרטה נים האָבען, אָבער דאָס מוז געטהאָן ווערען באַלד; העכסטענס קען ער וואַרטען צוויי וואָכען. דעם עלטערען ברודער איז באַלד איינגעפאַלען אַ גוטע אידעע.

נאָכ׳ן קאַזין׳ס אַוועקגעהן האָבען זיי אַלע ווידער אַרומגע־רעדט די זאַך און עס איז אָבגעמאַכט געוואָרען צו קויפען די סטאָר. דער איינציגער אָבהאַלט איז געווען, וואָס דאָס מוז גע־טהאָן ווערן אַזוי גיך — אין צוויי וואָכען. זיי מוזען דאָך דאָרט וואוינען און זיי זיינען דאָך גאָרניט „רעדי“ פאַר דער חתונה. און דער קלוגער ברודער איז אַרויסגעקומען מיט זיין גוטער אידעע. ער האָט זיי אויפגעוויזען, אַז דער אָבהאַלט איז גאָרניט אַזאַ שווערער, מ׳קען איהם גיך בייקומען: זאָלען זיי חתונה האָבען; וואָס האָבען זיי צו וואַרטען? קיין האָל דאַרפען זיי נים, — עס וועט זיין אין הויז פאַר אייגענע, און אַ סוף; זיי קלייבען זיך אַריבער אין די בראָנקס, איבער׳ן סטאָר, אויב דאָרט איז פאַראַן רומס, אָדער דערביי. און דער ברודער האָט זיי אָנ־געזאָגט די בשורה, אַז ער און דער ברודער וועלען זיי „אויספאָר־נישען“ אַ הויז, ס׳הייסט, דריי רומס, אַלס פּרעזענט; זיי האָבען שוין אָבגערעדט ביי זיך דאָס צו טהאָן.

ביי פעני׳ן האָט שטאַרק געציטערט ס׳האַרץ און איהרע קניע האָבען זיך געטרייסעלט אונטער׳ן טיש, בשעת דער ברודער האָט געהאַלט די העכסט־וויכטיגע, פייערליכע רעדע זיינע. דעם ברודער׳ס גוטער איינפאַל איז איהר געווים זעהר שטאַרק געפע־לען געוואָרען, און איהר האָט זיך געווים געוואָלט זאָגען, אַז ס׳איז אַ גוטער פּלאַן, אַ טייערער פּלאַן, דער בעסטער פּלאַן אין דער וועלט, ס׳קען גאָרניט זיין קיין בעסערער פּלאַן... אָבער זי האָט געשוויגען. און זי האָט מורא געהאַט צו קוקען איצט אויף איהר חתן.

גאַבלין איז אויך געווען אַ דערשראָקענער... איהם האָט זיך געוואָלט עפּעס זאָגען... שוין אין צוויי וואָכען אַרום... אַזוי

אונפערהאָפט... ער האָט אָבער ניט געהאַט וואָס צו זאָגען דאָגע־
גען, און איהם איז איצט איינגעפאַלען, אַז עס וועט טאַקע זיין
בעסער אַזוי — זאָל זיין אַ סוף. ער איז געווען מיעד און אויס־
געמאַטערט פון זיין אָרימקייט און דאגות, פון צאַפּלען זיך אין
ליגענס און בלאָפס.

עס איז געבליבען, אַז זיי וועלען חתונה האָבען אין צוויי
וואָכען אַרום.

די ברידער זיינען אַוועק שלאָפען און איבערגעלאָזען חתן־כלה
אַליין אין פראָנט־רום.

און היינט אָבענד, צום ערשטען מאָל זייט זיי קענען זיך,
האָט פּעני געגעבען פולען אויסדרוק צו איהרע געפיהלען. זי
האָט אַראָבגעדרעהט די גאַז ביז אַ גאַנץ קליינינקען פלעמעלע,
און זיך צוגעטוליעט צו איהר חתן, ניט אויפגעהערט קושען איהם,
געהאַנגען אויף זיין האַלז, און טרעהרען פון טיעפער שמחה זיי־
נען געראָנען פון איהרע אויגען אויף גאַבלין'ס הענד, אויף זיין
העמד, און אַלץ שטיל, אָהן ווערטער... זי האָט ניט געקענט און
ניט געוואָלט גאָר אַרויסריידען, וואָס ביי איהר אין האַרצען
טהוט זיך.

דער זייגער איז שוין געווען נאָך איינס, ווען גאַבלין האָט
זיך אָנגעטהאָן זיין קאָלער און נעקטיי, אָנגעטהאָן דעם ראָק און
געהייסען איהר געהן שלאָפען.

צוקומענדיג צום קאָרנער, האָט ער זיך געוואָלט פערקירעווען
צו דער זייט, וואָס פיהרט צו איוואַ'ן, פערברענגען מיט איהר
אַ פּאָר שעה, ווי ער האָט עס געטהאָן די לעצטע צייט כמעט אַלע
נאַכט. ער איז אָבגעגאַנגען אַ פּאָר טריט און איז געבליבען
שטעהן... ער האָט איצט ניט געקענט געהן צו איוואַ'ן... ער
האָט עס ביי זיך ניט געקענט פועל'ן... און ער האָט איצט אויך
בעשלאָסען, מעהר ניט צו פערברענגען מיט איהר...

דער ברודער האָט נאָך געהאַט אַ בעזונדערען געשפּרעך מיט
פּעני'ן, און עס איז ביי זיי בעשלאָסען געוואָרען, אַז איידער וואָס־
ווען זאָלען זיי הייראַטען אין קאָורט. זי זאָל סטאָפּען אַ טאָג פון

דער אַרבייט און זי וועט געהן מיט גאַבלין'ען אַרויסנעהמען לייסענס און טאַקע באַלד דאַרט חתונה האַבען. דער גוטער, קלוגער ברודער איז אָבער מיט דעם נאָך ניט צופריעדען געווען, ער איז מיט זיי מיטגעגאַנגען נעהמען די לייסענס, און ער איז אויך געווען ביי דער חתונה־צערעמאָניע, וואָס פאַר זיי האָט אויסגעפיהרט אַן אַלדערמאַן אין סיטי־האָל. די „רעגעלע חתונה", ס'הייסט, די אידישע, האָט מען אָבגערעדט זאָל זיין שבת־צו־נאַכט.

6

פאַר איוואַ'ן האָט זיך גאַבלין די לעצטע עטליכע טעג ניט געוויזען. ער האָט איהר דוקא יאָ געוואָלט זעהן — איצט מעהר, ווי ווען־עס־איז פריהער. זיין האַרץ איז איהם אַמת אויסגעגאַנגען נאָך איהר... ער האָט אָבער צו איהר ניט געקענט געהן... עס איז אַ סוף און עס מוז זיין אַ סוף... איוואַ האָט אָבער פערבויגען איהר כבוד און איז געקומען אַ פאַר אָבענדען איהם בעזוכען ביי איהם אין רום, אוןביידע מאָל איהם ניט געטראָפען. דעם דריטען אָבענד, אין דעמזעלביגען טאָג, ווען ער האָט געהייראַט מיט פעני'ן אין קאָרט, איז איוואַ געווען איהם זוכען צוויי מאָל, באַלד אין אָבענד און דערנאָך אַרום אַזייגער צעהן, און איהם אַלץ ניט געפונען. זי איז שוין געלעגען אין בעט און אונרוהיג געטראַכט, פאַרוואָס ער ווייזט זיך ניט. דער „וועקער" אויף איהר טישעל האָט שוין געוויזען ניט ווייט פון איינס, ווען זי האָט בעשלאָסען, אַז זי מוז איהם היינט זעהן. זי איז אַרויסגעקראָכען פון בעט, אָנגעטהאָן זיך און איז אַראָב אין גאַס.

גאַבלין האָט נור־וואָס געהאַט איינגעדרעמעלט, ווען איוואַ האָט לייכט אָנגעקלאַפּט אין זיין טהיר. ער איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט באַלד פערשטאַנען, אַז דאָס איז זי. ער האָט געעפענט די טהיר.

— וואו ביזטו דאָס פערפאַלען געוואָרען? — האָט זי גע־פרעגט ברוגז — ביזטו דאָס געווען אַזוי ביזי אין דיינע דזשולעריביזנעס ביי־טאָג און ביי־נאַכט?

גאַבלין איז געווען אַ רעכט ביסעל דערשראָקען און ער האָט געשוויגען...

און נאָך מעהר האָט ער זיך דערשראָקען, ווען ער האָט דער־זעהן דורכ׳ן גאַנץ שוואַכען ליכט פון פענסטער, ווי זי ציהט די שפּילקעס פון איהר העט... לעגט אַוועק די העט אויפ׳ן טישעל... ער האָט געזעהן, ווי זי שפּילעט איהר וויסטעל... איהרע נאַקעטע אָרעמס... זי לאָזט פונאַנדער איהרע האָר... זי האָט זיך געזעצט אויפ׳ן בעט און זיך גענומען אָבשנירעווען די שיך...

גאַבלין האָט זיך אַוועקגעצויגען צום וואַנד... עפּעס אין איהם האָט איהם געשטופּט אויסצושרייען צו איהר, זי זאָל זיך ניט אויסטהאָן, זי זאָל געהן צוריק אַהיים... און ער האָט מורא גע־האַט צו עפענען זיין מויל... נאָר זעהענדיג, אַז זי איז שוין באַלד אינגאַנצען פאַרטיג, האָט ער זיך צוגעצויגען צום ברעג בעט און זיך אַוועקגעזעצט.

— איוואַ, כ׳האָב מיט דיר עפּעס צו רעדען — האָט ער גע־זאָגט, און ער איז שטאַרק צופריעדען געווען, וואָס אין רום איז פינסטער און זי קען איהם ניט אָנקוקען.

— וואָס איז פאַר אַ נייעס? — האָט זי געפרעגט.

— כ׳מוז דאָס דיר זאָגען פון דיין טובה וועגען.

— וואָס? פון מיין טובה וועגען? וואָס איז דאָס?

— הער זיך צו: דו ווייסט דאָך אַליין, אַז צוגעזאָגט האָב איך דיר קיינמאָל ניט.

— וואָס האָסטו מיר ניט צוגעזאָגט?

— איך רייד פון אונז ביידען, וואָס מיר זיינען געווען ביז איצט.

איוואַ האָט געכאַפּט אָנשטויסען זיך אויף עפּעס, נאָר זי האָט ניט געקענט בעגרייפען אַקוראַט וואָס ער רעדט, און זי האָט גע־זאָגט:

— וואָס ווילסטו? זאָג!

ער האָט אַ מינוטעלע געשוויגען און געזאָגט:

— איך האָב געהייראַט אין קאָורט.

איוואַ האָט געמיינט, אַז דאָס זאָגט ער איהר איינעם פון זיינע וויצען, פון וועלכע מ'לאַכט ניט, און זי האָט געזאָגט וואָס אַלע מאָל:

— ס'אַ וויץ? מ'דאַרף לאַכען?

— ס'איז אַן אמת — האָט גאַבלין געזאָגט מיט וועהטאָג — איך זאָג דיר אויף אַן אמת.

— האָסט חתונה געהאַט? מזל־טוב דיר! — האָט איוואַ גע־זאָגט, נאָך אַלץ מיינענדיג, אַז ער וויצעלט זיך.

— איוואַ, ס'איז ניט קיין וויץ! — האָט גאַבלין אַרויסגע־שריען פערשטיקט, וואָרים הויך רעדען האָבען זיי ניט געטאָרט, צוליעב די שלאָפּעדיגע אויף דער אַנדער זייט וואַנד.

און איוואַ האָט דערכאַפּט אין זיינע לעצטע ווערטער דעם טאָן פון אמת... נאָר זי האָט נאָך אַלץ ניט געקענט בעגרייפען, וואָס דאָ טהוט זיך. ער האָט היינט חתונה געהאַט? וואָס מיינט דאָס?

גאַבלין האָט זיך געריכט, אַז דאָ וועט באַלד פאָרקומען עפּעס ניט פרעהליכעס, נאָר דערוויייל האָט זיך אַביסעל איינגעשטילט זיין שרעק. ער האָט געפיהלט, אַז זי קען ניט פערשטעהן, זי קען ניט בעגרייפען, קען ניט גלויבען וואָס ער זאָגט איהר.

— הער זיך איין, איוואַ, — האָט ער געזאָגט, און איהם האָט געצויגען אָנריהרען איהר, נעהמען צו זיך איהר כמעט נאַקעטען קערפּער, נאָר ער האָט מורא געהאַט דאָס צו טהאָן, — פאַר דיר טויג איך סיי־ווי־סיי ניט... דו ווייסט, אַז איך מאַך ניט קיין לעבען... עס וואָלט זיך נאָך אַזוי געשלעפּט און גאָרניט געוועזען דערפון... ס'דאַרף דיר ניט פערדריסען. איך האָב געהייראַט אין קאָורט און געמאַכט אַ סוף.

ער האָט עהרליך געמיינט איהר גרינגער צו מאַכען דאָס האַרץ, אויפווייזען איהר, אַז זי האָט גאָרניט פערלאָרען...

איוואַ האָט שוין איצט געזעהן, אַז ער דערצעהלט איהר אַן אמת'ע געשיכטע, אַ ווילדע, אונגלויבליכע געשיכטע... אָבער עס איז אמת... אָבער זיין טרייסט האָט זי ניט געקענט אָננעהמען.

אין איהר גרויסען אונגליק איז זי אבער געווען נייגעריג צו וויסען אויף גיד, מיט וועמען ער האט חתונה געהאט און ווי אזוי דאס איז געווען... איהר האט אבער פערכאפט דער אטעם און זי האט ניט געקענט ארויסריידען קיין איין ווארט... א פערשטיקטע האט זי זיך איבערגעזעצט פון בעט אויפ'ן שטול, און אריינזעצענדיג איהרעביידע הענד אין די צולאזענע האר, האט זי זיך געשטיקט מיט א ברומענדען יאמער...

גאבלין איז אויך איבערפילט געווארען מיט געוויין. ער האט געהאט גרויס רחמנות אויף איהר, און ער האט איהר איצט אזוי ליעב געהאט... און ווי האט זיך איהם געוואלט צוקומען צו איהר, נעהמען איהר אין זיינע ארעמס, איהר קושען און איהר טרייסטען און איהר צוזאגען, שווערען פאר איהר, אז ער האט איהר ליעב און וועט איהר קיינמאל ניט פערלאזען... איהם האט געצויגען און געשלעפט צו איווא'ן, און ער האט זיך ניט געריהרט פון ארט... ער האט געוואוסט, אז ער קען בלויז ערגער מאכען, און ער האט געזעהן פאר זיך פעני'ן און די צוויי גרויסע בעקערס... און ווי וועט זיך דאס נאך ענדיגען!... ער קען איווא'ס נאטור...

איווא האט זיך פלוצלונג א הויב געטהאן פון שטול, צוגע־פאלען צו איהם און אריינגעלאזען איהרע הענד אין זיינע גע־דיכטע לאנגע האר, אנגענומען צוויי פולע הויפענס און געריסען מיט אלע איהרע כחות; דערנאך האט זי אנגעכאפט זיין האלז, אזוי ווי זי וואלט איהם געוואלט דערווערגען... געביסען זיינע באקען... געריסען פון זיין לייב גאנצע שטיקער...

און דאס איז ניט געווען קיין כעס, קיין מערדערישער אויפ־ברויזען אין איווא'ן; דאס האט זי אין דיעזען שרעקליכען מא־מענט אזוי אויסגעדריקט איהר ליעבע און ליידענשאפט פאר איהם.

גאבלין האט זיך דערשראקען צום טויט, און ער האט שוין געהאלטען ניט ווייט פון ארויסשרייען מיט אלע זיינע כחות... ראטעווען זיך פון איהרע הענד... און ער האט זיך שטיל געבע־טען: „איווא, וואס איז מיט דיר! הער אויף! סטאפ! טהו

מיר אַ טובה, סטאָפּ!" אין זיין גרויסען שרעק האָט ער ניט גע־פיהלט שטאַרק די וועהטאָגען, וואָס איהר ליעבע האָט איהם פערשאַפט; ער האָט עס דערפיהלט אין אַ ווײַלע אַרום.

נאָכ'ן צו'ממית'ן איהם, איז איוואַ געפאַלען מיט פּנים אויף זיין ברוסט און זאַנפּט און ווייך און רחמנות'דיג געוויינט. איהרע טרעהרען זיינען געווען זודיג־הייס און האָבען געברענט גאַבלין'ס נאַקעטע ברוסט.

גאַבלין'ען האָט ניט געשמעקט איהר שטילער וויינען; דאָס האָט איהם געוויזען, אַז די אַלע פריהערדיגע קלעפּ און שלעג זיי־נען געווען אומזיסט... ער האָט פערשטאַנען נאָך איהר צערט־ליכען געוויין, אַז זי האָט זיך מיט איהם איבערגעבעטען... און ער וואָלט גאַר צופריעדען געווען צו קריגען נאָך און נאָך קלעפּ, נאָך שטאַרקער בעשטראָפט ווערען, און זאָל עס זיך ענדיגען...

גאַבלין האָט פערשטאַנען ריכטיג. אין איוואַ'ן איז איצט גע־באָרען געוואָרען אַ שטאַרקער, פעסטער בעשלוס, אַז גאַבלין וועט קיינמאָל צו קיין אַנדער פרוי ניט געהערען... געוואָר!... ער איז איהרער און וועט בלייבען איהרער... ווי אַזוי דאָס וועט זיין, וואָס זי וועט טהאָן — האָט זי איצט ניט איבערגעקלעהרט.

אַז זי האָט שוין מעהר קיין טרעהרען ניט געהאַט און זייענדיג ביי זיך שוין זיכער, אַז גאַבלין וועט בלייבען איהרער, איז איהר געוואָרען אַביסעל גרינגער, און זי האָט אויף גיך געוואָלט וויסען, ווער איז דאָס יענע, און ווי אַזוי דאָס איז געווען.

זי האָט זיך אויפגעזעצט.

— דערצעהל מיר אַלצדיג, וואָס עס איז געווען — האָט זי געזאָגט.

— וואָס זאָל איך דיר דערצעהלען?

— דערצעהל מיר אַקאָרשט, דערנאָך וועסטו שוין הערען, וואָס איך וועל דיר זאָגען.

— וואָס? — האָט גאַבלין געפרעגט אונרוהיג.

— וועסט שוין הערען. ווער איז זי? איך קען איהר?

— איך וויים ניט.

גאָבלין האָט געוואוסט, אז איוואַ קען פעני'ן, נאָר אזוי איז איהם איצט איינגעפאַלען צו ענטפערען.

— ווער איז זי? ווי הייסט זי?

— וואָס מאַכט דיר אוים?

— ווער איז זי?

— זי איז אַ פאַרליידי ביי דרעסעס.

— ביי דרעסעס? ווער איז זי? ווי רופט מען איהר?

— זי הייסט פעני שוואַרץ.

— מיט'ן הויקערדיגען נאָז?

— אַ ביסעל.

איוואַ איז אויפגעשפרונגען.

— זי!...

איוואַ האָט שוין פאַראיאָהרען פיינט געהאַט פעני שוואַרץ, די פאַרליידי. איוואַ איז אַ קורצע צייט געווען אַסיסטענט טשער־ליידי אין דעם דאָזיגען שאָפּ, און עס פלעגען אָפט פאָרקומען שטיקלעך רייסערייען צווישען זייביידע. און דערהערענדיג איצט די מאָדנע נייעס, האָט איהר אַ געקרענקט, אַ הנאה געטהאָן. זי האָט אַ שטיקעל נקמה אָן גאָבלין'ען, וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַלטע און אַ מיאוס'ע, און זי האָט אויך געמיינט, אַז עס וועט איהר ניט אָנקומען גאַנץ שווער אויסצופיהרען, אַז גאָבלין זאָל בלייבען איהרער... איוואַ האָט אויך פערשטאַנען, פאַרוואָס גאָבלין האָט דאָס געטהאָן, — פעני שוואַרץ איז אָנ־געשטאָפּט מיט געלד.

גאָבלין האָט געמוזט איוואַ'ן דערצעהלען מיט אַלע איינצעל־הייטען, ווי אַזוי עס איז געוואָרען דער שידוך; ער האָט איהר דערצעהלט פון פעני'ס ברידער און אויך די געשיכטע מיט די דעליקאַטעסען־סטאָר; און ער האָט געזוכט איינצורעדען איוואַ'ן, אַז מיט זיין חתונה האָט ער געמיינט מעהר איהר, איוואַ'ס טובה, איידער זיינע. ער האָט מעהר ניט געוואָלט און ניט געקענט אָנגעהען מיט איהר ווי ביז איצט, וויסענדיג, אַז ער וועט קיינמאָל קיין לעבען ניט קענען מאַכען און זי וואָלט געמוזט אַרבייטען

איהר גאַנצען לעבען אין שאַפּ. פאַר איהם אַליין האָט איהם שוין ניט געאַרט, און ער האָט געמאַכט אַ סוף. נאָר איווא האָט ניט אָנגעהויבען גלויבען איהם אפילו איין וואָרט פון דער דאָזיגער באָבע־מעשה. זי האָט פערשטאַנען, אַז ער האָט ניט געקענט ביישטעהן דעם נסיון פון יענער׳ס געלד. זי האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז אַ קנאַפּער מענש און זיין ליעבע צו געלד איז געוואַלדיג גרויס, איבערהויפּט צו גרינגע געלד, אַרויסגע־בלאָפטע... און אויך איצט האָט איווא געטראַכט, אַז ער וועט נאָך אַמאָל ווערען אַ לייט ביי איהר אין די הענד... זיין גרויסער חסרון, זיין שוואַכקייט, זיין כאַראַקטערלאָזיגקייט, איז אייגענטליך איצט געווען אַ מעלה ביי איווא׳ן — אַזוי גרינג, ווי יענע האָט איהם אַריינגעקראַגען מיט איהר געלד, וועט זי, איווא, איהם צוריק־קריגען מיט אַנדערע זאַכען, מיט איהר שעהנקייט, מיט איהר ליעבע און מיט איהר שכל. זי איז דאָך זיכער געווען, אַז ליעבען יענע קען ער ניט — ווער קען זיך דאָס אין יענע פערליעבען?...

— סטאָפּ איצט, דייווי, מיט דיינע בלאָפס — האָט איווא איהם ניט געלאָזט אָנגעהן ווייטער מיט זיין מעשה, ווי אַזוי ער האָט חתונה געהאַט פון איווא׳ס טובה וועגען — איך קען דיר אויסגעבונדען און מיך קענסטו ניט נאַרען און בלאָפען. דיין חתונה מיט איהר האָט ביי מיר קיין שום ווערדע ניט. קיין סך זאָלץ ווערסטו מיט איהר ניט אויפּעסען, אין דעם קען איך דיר פערזיכערען. כ׳שרעק זיך ניט אָב פאַר דיין חתונה האָבען מיט איהר אין קאָורט.

— רעדסט ווי אַ קינד, איווא.

— וועסט אויסגעפינען שפּעטער — האָט איווא איהם פער־זיכערט. — געדענקסט, וואָס איך האָב דיר פּסח ביינאַכט גע־זאָגט?

— איך געדענק ניט.

— דו האָסט יעמאָלט געמיינט, אַז איך זאָג דיר דאָס אויף אַ שפּאַס.

וואָס האָסטו מיר געזאָגט?

— מאך זיך ניט, אז דו גערענקסט ניט. כ'האב דיר יענעם אבענד געזאגט — דאס איז געווען דעם ערשטען מאל, וואס דו ביזט מיט מיר פערבליבען אין רום — אז קיין אנדער מאן פאר דיר איז קיינמאל ניט געווען אזוי נאהענט צו מיר, ווי דו, און דו וועסט בלייבען דער איינציגער. קיינעם אין מיין גאנצען לע־בען וועל איך ניט ערלויבען. קיינעם, וואס דיר.

— מאך זיך ניט נאריש.

— א קלאג צו די יאהרען! דו ביזט דאס דער חכם און איך מאך זיך נאריש. איך ווייס שוין פון לאנג וואס פאר א גרויסער חכם דו ביזט.

— איווא, איך זאג דיר אליין, אז איך טויג ניט פאר דיר.

— איך פרעג ביי דיר קיין עצה ניט. אזא זאך וואלט איך אבער אויף דיר קיינמאל ניט געגלויבט. ווי אזוי האט דיר ניט אויסגעקעהרט די גאל, קוקענדיג אויף איהר?

ער האט ניט געענטפערט.

— שלאפסט? — האט זי איהם א לייכטען טרייסעל געטהאן.

— כ'שלאף ניט, כ'בין אויסגעמאטערט.

ער האט אויסגעשטרעקט זיינע ארעמס און איהר צוגעצויגען צו זיך.

— קוש מיך שטארק! — האט זי געבעטען און צוגעלעגט איהר מויל צו זיינעם — נאך שטארקער... ביים מיר די ליפען...

ער האט איהר געפאלגט, שטארק געקושט און געביסען איה־רע ליפען. זי האט ארומגעקלאמערט איהרע ארעמס ארום זיין האלז, צוגעדריקט איהר פנים פעסט צו זיינעם... פערמאכט די אויגען.

א פאר שטונדען האבען זיי פערבראכט. גאבלין האט דורך דער צייט א פאר מאל איינגעדרעמעלט, נאר זי האט איהם יעדעס מאל אויפגעוועקט מיט איהר שכור'ער ליעבע און צערטליכקייטען.

דערנאך האט זי זיך געכאפט, אז זי מוז שוין געהן... זי איז נאך קיינמאל אזוי שפעט ניט אויסגעבליבען... א נייע קושע־ניש און בייסעניש... זי איז ארויס פון בעט און געהייסען איהם

אַנטהאָן זיך און איהר אַבפיהרען אַהיים. פערשלאָפען און אָהן חשק האָט ער איהר געפאָלגט.

צוקומענדיג צום קאָרנער איז זי געבליבען שטעהן ביים לאַנ־טערן, ארויסגענומען פון האַנד־בייטעל איהר שפּיגעלע און בע־טראַכט איהר פערוויינטען, צוקושטען און צוביסענעם פּנים.

— אַ קלאָג צו מיר, ווי איך זעה אויס! — האָט זי זיך אַבגעזיפצט.

גאָבלין האָט אין דער מינוט דערזעהן אַנקומען אַ ווייסען מענש — אַ בעסער... ער איז איצט געווען גאַנץ ווייט פון דער נאַכבאַרשאַפט, וואו זיין כלה מיט איהרע ברידער, די געזונטע יונגען, די בעקערס, האָבען זיך געפונען — ער האָט ניט געהאַט וואָס מורא צו האָבען... ער האָט זיך אָבער שטאַרק דערשראָקען... ער איז האַסטיג אַריבער אויף דער אַנדער זייט גאַס און גענומען שטעלען לאַנגע טריט. איוואַ איז איהם נאָכגעלאָפען.

7

אַז די טעג זיינען געוואָרען אַלץ ווענינער און ווענינער צו דער אידישער חתונה, איז פעני'ס גליק געווען אַ רעכט ביסעל פערשטערט.

די גוטע נייעס, אַז פעני שוואַרץ געהט באַלד חתונה האָבען, האָט זיך פערשפּרייט צווישען אַלע מיידלעך פון שאַפּ. פעני אַליין האָט דאָס דערצעהלט צו אַ פּאָר פון איהרע בעקאַנטע, און אַ חוץ דעם איז די נייעס אַריינגעקומען פון דרויסען. פעני'ס חתן איז ניט געווען אינגאַנצען אונבעקאַנט אין יענעם שאַפּ, און אַ סך פון די מיידלעך האָבען זיך דערצעהלט, אַז דאָס איז דער שעהנער באַי, וואָס איז ארומגעגאַנגען מיט איוואַ זאַבלאַצקי, וואָס איז דאָ אַמאָל געווען אַסיסטענט טשער־ליידי; און מען האָט זיך דערעדט און זיך געוואונדערט, וואָס טאַקע ערשט גאָרניט לאַנג צוריק האָט מען געזעהן איוואַ'ן מיט איהם צוזאַמען. די נייעס איז דערגאַנגען צו פעני'ן, און אויפגענומען האָט זי עס מיט צופריעדענהייט געמישט מיט קרענקונג. זי איז געווען צו־פריעדען מיט דעם, וואָס איהר חתן האָט איבערגעלאָזט איוואַ

זאבלאצקי און האט חתונה געהאט מיט איהר; אבער וואס מ'האט איהם געזעהן ארומגעהענדיג מיט איהר ערשט ניט לאנג צוריק, האט איהר געקרענקט. און זי האט געזוכט זיך איינרייי־דען, אז די געשיכטע איז אן אויסגעטראכטע זאך, א ליגען, די מיידלעך האבען דאס אויסגעטראכט, כדי איהר צו קרענקען, ווייל זיי פערגינען איהר ניט... עס האט זיך אבער איהר ניט איינ־געגעבען צו גלויבען אין דיעזען געדאנק איהרען... און אין די געצעהלטע עטליכע טעג, וואס זיינען פערבליבען ביז דער אידישער חתונה, האט זי א מינוט ניט אויפגעהערט קרענקען און גריזשען זיך וועגען דעם. נאר זאגען איהר חתן, פרעגען איהם, — דאס האט זי ניט געקענט... אבער אבגעמאכט האט זי ביי זיך, אז שפעטער, נאך דער חתונה, וועט זי מיט איהם ריידען וועגען דעם, טאקע גאנץ גוט דורכריידען זיך און איהם ניט זשאלעווען.

די אידישע חתונה איז געווען אהן פאראד און אהן איבריגס־פיעל געריכטען. נאר א געפלאכטענעם „קוילעטש" האבען די ברידער געבראכט, א קנאפען ארשין די לענג און געדיכט בעזעצט מיט ראזינקעס אינוועניג און פון דרויסען. א דירה האבען זיי שוין געהאט גענומען — דריי רומס, אויף דער אנדער זייט פון סטריט, פונקט אנטקעגען סטאר, וועלכע די ברידער האבען בע־זארגט מיט די נויטיגע הויז־זאכען, ווי זיי האבען צוגעזאגט. נאך די צערעמאניע און נאכ'ן עסען, ארום נאך צוועלף א זייגער, איז די יונגע פאר פאלק אוועקגעפאהרען מיט דער סאבוויי אין זייער נייער דירה.

מאנטאג איז געווען דער לעצטער טאג, וואס דער קאזין האט געזאלט פערברענגען אין סטאר. נאר די ווייב זיינע וועט נאך קומען דורך דער וואך אין די ביזי־שטונדען ארויסהעלפען זיי.

ביידע, גאבלין און פעני, האבען איבערגענומען די תורה פון די דעליקאטעסען־ביזנעס. געוויס, די ערשטע טעג זיינען זיי גע־ווען „גרין", און זיי האבען געהארעוועט, גע'חזר'ט זיך די נעמען פון די „פענסי" ארטיקלען, די פרייזען און וואו יעדע זאך געפינט זיך, און מיט דער הילף פון דער לעהרערקע זיינען זיי סוף־וואך

געוואָרען גאַנצע ביזנעס־לייט. די סטאָר האָט יעדען טאָג איינ־גענומען אַזויפיעל געלד, און אין געוויסע טעג נאָך עפּעס מעהר, ווי דער קאַזיין האָט אָנגעגעבען. יעדען אָבענד, ווען זיי האָבען איבערגעצעהלט די לייזונג, צוזאַמענגערעכענט וואָס זיי קאָסט און אַרויסגערעכענט אַלע קעספּענסעס, האָבען זיי קלאָהר געזעהן, אַז ס'איז אַ גאָלדענע ביזנעס — אַריבער פופציג דאָלאַר אַ וואָך פּראָפיט.

גאָבלין איז דורך דער וואָך געוואָרען אַ נייער מענש. ער האָט מיט אַמאָל פערגעסען אַלע זיינע נאַרישע אינגעלשע ביזנעס, און איהם איז אפילו ווייניג־וואָס געלעגען אין זינען דער וויכטיגער שריט, וואָס ער האָט געמאַכט — חתונה געהאַט. ער איז געווען אַריינגעטהאָן מיט לייב און נשמה אין די דעליקאַטעסען־ביזנעס, אין די געלד, אין די סחורה, אין די קאַסטאָמערס. דעם גאַנצען טאָג האָלט אין איין אַריינקומען געלד, דער רעדזשיסטער קלינגט, און דאָס איז אַלץ זיינע, עס געהערט צו איהם, און ער וואַקסט... קיינמאָל פריהער איז אַזויפיעל געלד ניט דורכגעגאַנגען דורך זיי־נע הענד — ער ווערט אַ רייכער מאַן.

און פּעני האָט זיך געפיהלט גאָר דערהויבען, און זי האָט פערגעסען און ניט געוואָלט דערמאָנען זיך, אַז עס איז פאָרגעקו־מען אַזאַ גרויסע ענדערונג אין איהר לעבען אין אַזאַ קורצער צייט אין ווייניגער פון פיער חדשים. זי האָט קיין צייט ניט גע־האַט צו דערמאָנען זיך, אַז גאָרניט לאַנג צוריק האָט זיך איהר אפילו ניט גע'חלומ'ט, אַז זי וועט זיין פערהייראַט צו אַזאַ שעה־נעם יונגענמאַן און וועט פערמעגען אַזאַ גוטע ביזנעס. זי איז געווען פערטהאָן, פערטרונקען אין די ביזנעס, ווי זי וואָלט אין דעם שוין געווען פון יאָהרען לאַנג; אין דעם אויסגעהאָדעוועט געוואָרען. און אפילו פון איוואַ'ן האָט זי ניט געטראַכט. עס איז איהר גראָד יאָ אָפט אַרויפגעקומען אויפ'ן זינען יענע גע־שיכטע, זי האָט עס אָבער גיך פערטריבען, ניט אַריינגעלאָזען זיך גריבלען אין דעם, ניט געלאָזען עס קריגען איבער איהר די אויי־בערהאַנד.

דער גאַנצער פריהערדיגער לעבען, אַלץ, וואָס האָט פּאַסירט

און פאַרגעקומען, איז געווען ניט מעהר ווי קינדעריי, נאַרישקייט, וואָס ס'איז ניט כדאי צו דערמאָנען זיך און וואָס ס'איז ניטאָ וועגען וואָס צו טראַכטען. די ריכטיגע וועלט, דער אמת'ער לע־בען איז איצט — אין די דעליקאַטעסען־ביזנעס... זי שטעהט מיט איהר מאַן אין אַזאַ ביזנעס, אַרומגערינגעלט מיט אַזויפיעל סחורה, און מענשען האַלטען אין איין ברענגען געלד...

די ערשטע וואָך איז פאַראיבער אין אמת'ען גליק און צו־פריעדענהייט פאַר דער יונגער פּאָר.

8

דאָנערשטאָג מיטאָג־צייט, אַז די לייזונג איז געווען שוואַכלער, איז פּעני צום ערשטען מאָל אַראָבגעפאָהרען דאַון־טאַון, זייט נאָך איהר חתונה. נעכטען, זונטאָג, זיינען געווען די ברידער צוגאַסט. דער טאַטע און די שטיעפמאַמע האָבען אויך געזאָלט קומען, האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז דער טאַטע האָט זיך שבת־ביי־נאַכט שטאַרק צוגעקיהלט, שטעהענדיג ביים פּושקאַרט אין רעגען, און זונטאָג פריה האָט ער ניט געקענט אויפשטעהן פון בעט, און די שטיעפ־מאַמע איז געבליבען אין הויז אַכטונג געבען אויף איהם. פּעני'ן איז געווען שווער צו פערלאָזען אויף אַ ווײַלע די סטאָר; זי האָט אָבער געפיהלט, אַז זי מוז פאָהרען זעהן, וואָס דער טאַטע מאַכט, און אַ חוץ דעם, וועט זי זיך שוין פאַר איין גאַנג אַריינ־כאַפּען אין העסטער סטריט, קויפען עטליכע קלייניגקייטען פאַר'ן הויז, וואָס זי האָט נויטיג געהאַט. אין די בראָנקס איז זי נאָך געווען „גרין" און האָט קיין צייט ניט געהאַט צו געהן זוכען; און אַז זי וועט פאַרטיג ווערען מיט העסטער סטריט, וועט זי זיך אַריינכאַפּען אויף עטליכע מינוט צו איהרע אַן אַלטע חבר'טע, אָבגעבען איהר אַ וויכטיגען רעפּאָרט, ווי זיי האָבען ביידע אָב־גערעדט. פּעני האָט אויסגערעכענט, אַז זי וועט זיין צוריק אין סטאָר, איידער עס הויבט זיך אָן די פאַרנאַכטיגע ביזי.

פון אַזייגער עלף אָן האָט זיך אויף דער אַנדער זייט גאַס

אַרומגעדרעהט איוואַ, און דאָס איז ניט געווען היינט ס'ערשטע מאָל, וואָס זי איז געקומען אין די בראָנקס און לאַנג אַרומגעגאַנ־גען הין און צוריק אויף דער אַנדער זייט גאַס, אַנטקעגען דער דעליקאַטעסען סטאָר. פון דעם טאָג אָן, ווען גאַבלין האָט געהיי־ראַט מיט פעני'ן אין קאורט, ביז דער אידישער חתונה, האָט איוואַ קיין איין אָבענד ניט אויסגעלאָזען צו בעזוכען גאַבלין'ען אין זיין רום און פערברענגען דאָרט ביז שפּעטלעך. נאָר זייט די אידישע חתונה, ווען גאַבלין און פעני האָבען דיזעלביגע נאַכט אריינגעקליבען זיך אין זייערע דריי רומס אין די בראָנקס, אַנט־קעגען זייער סטאָר, האָט איוואַ גאַבלין'ען ניט געזעהן... און איהר האָט צו איהם געצויגען, עס האָט איהר ניט געלאָזט רוהען, און אַלע נאַכט פאַר'ן איינשלאָפען האָט זי זיך שטיקער האַרץ אויס־געוויינט. זי האָט דורך די טעג ביי איהר אין שאָפּ ניט געקענט זיצען פון יסורים און בענקעניש, און דורך דער וואָך איז זי אַ פּאָר אָבענדען געפאָהרען אין די בראָנקס, און עס האָט זיך איהר איינגעגעבען צו זעהן איהם און זיין ווייב דורך די גלעזערנע טהיר. נאָר היינט איז דער דריטער טאָג שוין, ווי באַלד בעגינען, ווען זי עפענט נור די אויגען, מאַכט זיך אָב ביי זיך מיט איהר געוועהנ־ליכער פערביסענער עקשנות, אַז זי וועט אין שאָפּ ניט געהן... זאָל אונטערגעהן דער שאָפּ מיט דער גאַנצער וועלט... זי פאָהרט אין די בראָנקס... און זי איז געפאָהרען, און שטונדען־לאַנג אַרומ־געדרעהט זיך דאָרט און געקוקט דורך די גלעזערנע טהיר.

זי איז געגאַנגען הין און צוריק דעם בלאָק, אַנדערהאַלבען בלאָק, אַנטקעגען סטאָר. זי האָט געזעהן גאַבלין'ען, פעני'ן, קאַס־טאָמערס, אריינגעהענדיג און ארויסגעהענדיג. וואָס דער סוף פון איהר אַרומגעהן דאָ וועט זיין, האָט זי ניט געוואוסט און זיך ניט פאַרגעשטעלט, נאָר אַוועקגעהן, פאָהרען צוריק — דאָס ניט...

אַרום עלף אזייגער האָט זי געזעהן פעני'ן אַרויסגעהענדיג פון סטאָר, איבערשניידינדיג די סטריט און אַריינגעהן אין איהר הויז, און איוואַ'ן איז איינגעפאַלען: זי וועט זיך אַריינכאַפּען אין סטאָר — אויף אַ ווייל, אויף אַ מינוט, נאָר אין סטאָר זיינען

גראָד געווען אַ פּאָר קאָסטאָמער, און איידער גאָבלין וועט מיט זיי פאַרטיג ווערען, קען זי נאָך אונטערקומען... האָט זי ווידער גענומען אַ קליינעם שפּאַציער, און זיך אומקעהרענדיג צוריק, האָט זי דערזעהן פּעני'ן ארויסקומענדיג אין איהר העט און דזשעקעט, מיט אַן אַמברעלאַ און האַנד־בייטעל אין די הענד. איוואַ האָט זיך דערפרעהט און דערשראָקען... פּעני איז אריין אין סטאָר, איז באַלד צוריק ארויסגעקומען און איז ארויף אין דער הויך אויפ'ן סטיישאַן פון דער דאַון־טאַון־זייט. איוואַ האָט געוואַרט. אַ טריין איז אונטערגעקומען און איז אַוועקגעפאָהרען...

איוואַ איז אריין אין סטאָר.

דערזעהענדיג גאָבלין'ען, האָט איוואַ פערגעסען איהר שרעק, אַן אַלע איהרע צרות, אָהן איהר גאַנצע טרויעריגע לאַגע, און זי האָט פרעהליך אויסגערופען: „העללאָו!"

גאָבלין איז געבליבען שטעהן, ווי דאַס לשון וואָלט איהם אבגענומען.

— ווי געהט די ביזנעס? — האָט זי געפרעגט — וואָס ביזטו געבליבען שטעהן ווי אַ ליימענער גולם? טהו אויס דעם פאַרטוך; איך קען דאָס ניט אַנקוקען!

אַ פּרוי איז אריינגעקומען קויפען עפּעס פאַר צעהן סענט, און דאָס האָט גאָבלינ'ען געבראַכט אביסעל צו זיך פון דער איבערראַשונג.

איוואַ האָט זיך נאָכגעפרעגט ווי די ביזנעס געהט, וויפיעל ער לייזט, ווען ער עפענט און פערמאַכט די סטאָר, ווי ער גלייכט די ביזנעס. ער האָט קורץ געענטפערט אויף איהרע פראַגען, און געריכט האָט ער זיך, אז באַלד וועלען קומען גאַנץ אַנדערע פראַגען און רייד פון איהר... שטאַרקערע און וויכטיגערע... זי איז דאָך זיכער ניט געקומען אַהער אין די בראָנקס אויסגעפינען אַזעלכע פאַר איהר ניט־וויכטיגע זאַכען... נאָר אַזוי לאַנג ווי זי „שווייגט", וועט ער געווים שווייגען... און ער האָט זיך אויסגעהיט ארויסצורייידען אַ וואָרט, וואָס זאָל איהר ארויפּברענגען

אויפ׳ן דרך... ניט געפרעגט אפילו, ווי אַזוי זי קומט פלוצלונג אין דער „נייבאָרהוד“...

און געפינענדיג זיך אַזוי נאָהענט צו גאַבלין׳ען, האָט זיך איוואַ לאַנג ניט געקענט בעהערשען... זי האָט אָנגעפאַנגען מאָהנען פון איהם, וואָס ער האָט זיך די גאַנצע לעצטע וואָך פאַר איהר ניט געוויזען.

גאַבלין האָט געענטפערט, אַז ער האָט קיין צייט ניט געהאַט. אָבער ער איז אַליין ניט געווען צופריעדען מיט זיין ענטפער... עס קען דאָך אויסקומען, אַז ווען ער וואָלט געהאַט צייט, וואָלט ער צו איהר יאָ געקומען... און ניט דאָס האָט ער געוואָלט איהר זאָגען... ביי איהם אין קאָפּ האָט גאָר איצט געאַרבייט אַן אידעע צו רעדען מיט איהר שטרענג, זאָגען איהר האַרב, זי זאָל אָהער ניט קומען, זי זאָל איהם לאָזען צורוה און איהם ניט אונגליקליך מאַכען... „יענע“ צייט איז שוין לאַנג אַוועק... נאָר איוואַ האָט דערווייל אויך אויסגעאַרבייט אַ גוטען פּלאַן.

— קום אָהער אַ ווײַלע — האָט זי געזאָגט, אַוועקגעהענדיג אין עק סטאָר, וואו ס׳איז געשטאַנען אַ װענטעל פון הילצערנע און בלעכענע קאַסטענס און קעסטלעך.

— וואָס ווילסטו? — האָב גאַבלין געזאָגט ברוגז און ניט געוואָלט צוגעהן.

— קום אָהער, איך וועל דיר ניט אויפעסען! — האָט איוואַ געזאָגט — מיט אַמאָל האָסטו זיך גענומען שרעקען פאַר מיר?

— צו־וואָס! — האָט גאַבלין פּראָטעסטירט, און — איז צו־געקומען און געבליבען אויף דער זייט װענטעל.

איוואַ איז געווען אויף יענער זייט.

— קום אָהער דאָ...

— צו־וואָס?... און ער איז צוגעגאַנגען צו איהר.

איוואַ האָט גענומען פעסט זיין קאָפּ מיטביידע הענד און מיט איהר גאַנצען כח געקושט זיינע ליפּען און זיינע באַקען מיט הייסע, ברענענדע קושען... זי האָט שווער געאָטהעמט און אָהן אויפהער איהם געקושט, ניט אָבגעלאָזען זיין קאָפּ.

ער האט זיך ניט געוועהרט...

זיינע ארעמס האבען ארומגענומען איהר נאקען און האלז, און ער האט איהר פעסטער צו זיך געדריקט און איהר געקושט.

ביידע האבען געציטערט; זייערע קניע האבען זיך געטרייסעלט.

— איווא... איווא... — האט גאבלין זיך געבעטען. — אימי־צער וועט אריינקומען. זי קען אונטערקומען.

— כ'האב געזעהן, זי איז אוועקגעפאהרען דאון־טאון, — האט איווא געזאגט בערוישט.

— א קאסטאמער קען אריינקומען...

ער האט איהר אבגעלאזען און זיך ארויסגעכאפט פון היני־טער'ן וועגטעל. זי איז נאך דארט פערבליבען א פאר מינוט, ברענגען אין ארדנונג איהרע האר און די העט, צוגעפוידערט איהר צורויטעלטען פנים.

— איך וויל זעהן דיינע רומס, וואו דו וואוינסט — האט איווא געזאגט ארויסקומענדיג.

— וואס רעדסטו?! — האט גאבלין זיך א צאפעל געטהאן.

— איך וויל זעהן.

— מאך דיך ניט נאריש... ווי קען דאס זיין! — האט זיך גאבלין געבייזערט.

— איך וויל זעהן, ווי דו וואוינסט.

— רומס, ווי אלע רומס, דריי רומס — דאס אלעס, וואס ווערסטו דארטען זעהן?

— קום ארויף מיט מיר — האט זי געבעטען... קום... איך וועל ניט אוועקגעהן, אז דו וועסט דאס מיר ניט טהאן.

— וואס ווילסטו? ווי קען איך איבערלאזען די סטאר?

— וועסטו צושליסען אויף א וויילע.

— צושליסען די סטאר? כ'קען ניט צושליסען די סטאר!

— וועסטו לייזען היינט מיט עטליכע סענט וועניגער... דייוו...

און זי האט שוין געהאלטען ביים וויינען — איכ'ל ניט אוועקגעהן פון דאנען...

גאבלין איז געווארען אונגעדולדיג: וואס וועט דא זיין?

— וואָס פאַר אַ מין מענש דו ביזט!... — האָט ער זיך געביי־זערט — מענשען וועלען זעהן אונז אַרויפקומען... און דאָס איז שוין אייגענטליך געווען איצט דער גאַנצער אבהאַלט... ער האָט שוין געוואָלט זיין מיט איהר אין די רומס וואָס גיכער... אימי־צער זאָל נור ניט דערזעהן... ער האָט אָבער פּרובירט וועהרען זיך פון איהר... און פון זיך אַליין...

— געה דו פריהער אַרויף, איכ'ל אונטערקומען. אויף וואָסער פלאָר איז דאָס?

— אויפ'ן ערשטען פלאָר...

איוואַ איז אַרויס פון סטאָר, איז צוגעקומען צום קאָרנער און געבליבען שטעהן. זי האָט געזעהן, ווי גאַבלין שליסט צו די סטאָר און געהט אַריין אין הויז איבער'ן סטריט. זי האָט אָב־געוואַרט אַ פּאַר מינוט און איז אונטערגעקומען.

גאַבלין איז אַריינגעקומען אין זיינע רומס מיט אַ האַרץ פול מיט שרעק, מיט שטילע, ווייכע טריט, ווי אַ גנב... איוואַ איז אויך געווען גוט בעוואוסט, אַז זי טהוט דאַ איצט אָפּ אַ מאָדנע, אונגלויבליכע זאַך, וואָס זי האָט קיינמאָל פריהער זיך דאָס ניט פאַרגעשטעלט און פון וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געהערט... זי איז אָבער געווען צו בערוישט פון איהר ליעבע צו גאַבלין'ען און פון איהר אויפגערייצטער ליידענשאַפט... און אויך אַ נקמה האָט זי געפיהלט, אַריינקומענדיג אין די רומס — נקמה אַן איהר, אַן גאַבלין'ס ווייב...

גאַבלין האָט נאָך ניט געהאַט אין גאַנצען אויפגעגעבען זיין קאַמפּף מיט זיך אַליין... ער האָט ניט געוואָלט אַוועקזעצען זיך, איז געשטאַנען מיט די שליסלען אין האַנד... ער איז געווען אויפ'ן וועג... זאָל זי בעקוקען די רומס, און זיי געהען שוין צו־ריק. נאָר איוואַ האָט זיך ניט געאיילט. זי האָט בעקוקט די רומס, די הויז־זאַכען. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט.

— זעץ זיך ניט, איוואַ, — האָט גאַבלין געבעטען.

— איך וויל זעהן דיין בעד־רום, — האָט איוואַ געזאָגט, זיך אויפשטעלענדיג.

זי איז אריין אין בעד־רום. ער איז געבליבען שטעהן אויף אן ארט און געוואַרט.

— דייוו! — האָט זי איהם גערופען.

— וואָס? קום! — האָט ער געזאָגט שוואַכלעך.

— קום אַהער אַ מינוט!

— ניין, קום! — האָט ער געזאָגט פון פראַנט־רום, און האָט זיך צוגעוואַקעלט צום בעד־רום־טהיר... ער האָט דערזעהן איוואַ'ן זיצענדיג אויפ'ן בעט אַהן איהר העט און אַהן איהר דזשעקעט... און ער האָט זיך ניט געוועהרט, ווען זי איז צו איהם צוגעקומען, גענומען איהם פאַר די אַקסלען און איהם אַוועקגעזעצט אויפ'ן בעט.

באַלד איז איהר שוין אַנגעקומען לייכט... גאָר גיך האָט גאָבלין פערגעסען אַז זיין דעליקאַטעסען־סטאָר מיט די גאָלדענע ביזנעס... און וואו ער געפינט זיך אפילו האָט ער פערגעסען... איוואַ האָט געטהאָן מיט איהם, וואָס זי האָט אַליין געוואָלט... און זי האָט איהם פער'שכור'ט און פערשלעפערט מיט איהר משוגע'נער ליעבע און ליידענשאַפט פאַר איהם... אָבער איוואַ'ס מאַרך האָט יאָ געאַרבייט, און איהר האָט געאַרט, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירען... זאָל זי, יענע, אונטערקומען און זיי טרע־פען ביידען, זאָל זי זעהן און זאָל זי וויסען!... און זאָל דאָ ווערען אַ סוף פון זיין לעבען צוזאַמען מיט דער אַלטער מיאוס'קייט מיט'ן הויקערדיגען נאָז, און אַז אפילו איהר אייגענער טויט זאָל דאָ זיין, זאָרגט זי זיך אויך ניט... זי קען סאַי־ווי־סאַי ניט לעבען אַהן איהם... און זי האָט אַלעמען אין דער ערד, די גאַנצע וועלט... זאָל מען זאָגען און רעדען, וואָס מען וויל... זי קעהרט ניט...

אַז עס איז אַוועק איבער אַ שטונדע, און גאָבלין האָט שוואַך דורכגעדרעמעלט עטליכע מינוט, האָט ער געעפענט די אויגען און זיך געכאַפּט, וואו ער געפינט זיך און וואָס דאָ איז מיט איהם פאָרגעקומען. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן אַרויס פון בעט און אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער. עס איז נאָך געווען פריה, נאָר פונ־דעסטוועגען האָט ער כאַפּענדיג אָנגעטהאָן זיך; אונטערגעאיילט

איוואַ'ן, זי זאָל וואָס גיכער פאַרטיג ווערען מיט איהר טואַלעט. ער איז געווען בייז אויף זיך און אויף איוואַ'ן, און ער האָט געוואָלט וואָס גיכער שוין זיין אין דרויסען, אין סטאָר.

9

פעני האָט ניט געקענט אויסענבלייבען פון סטאָר ביז דער פאַרנאַכטיגער ביזי, ווי עס איז ביי זיי אָבגערעדט געוואָרען. זי האָט פערבראַכט ביים טאַטען אין הויז אַן אונגעדולדיגע קנאַפּע האַלבע שטונדע און זי האָט בעשלאָסען פאָהרען צוריק אין סטאָר — העססער סטריט און דעם וויכטיגען רעפּאָרט צו דער חבר'טע וועט זי איבערלאָזען אויף אַ גערעמערע צייט.

געפינענדיג די סטאָר צוגעשלאָסען, האָט זי זיך שטאַרק דער־שראָקען און ניט געקענט בעגרייפען, וואָס דאָ איז דער „מעהר". זי איז שנעל אַריבער די סטריט און אַרויף די טרעפּ. צוקומענדיג צום טהיר פון איהרע רומס, האָט זי דערזעהן איהר מאַן און איוואַ זאַבלאַצקי אַרויסקומענדיג פון הויז.

איוואַ האָט אין דעם מאָמענט פערגעסען אַז איהר בעשלום מיט אַ ווײַלע צוריק — אַ דערשראָקענע איז זי אַראָבגעלאָפען די טרעפּ, אַרוים אויפ'ן סטריט און אַוועק, וואוהין די אויגען האָבען איהר געטראָגען — אַנטלאָפען געוואָרען.

גאַבלין איז געבליבען שטעהן מיט די שליסלען אין האַנד, ערוואַרטענדיג אַ ביטערע שטראָף. נאָר פעני האָט גאָרניט גע־טהאָן, — זי איז אַריין אין הויז. ער איז אַוועק אין סטאָר.

אַריינקומענדיג אין הויז איז פעני די ערשטע זאַך אַריינגע־לאָפען אין בעד־רום... זי האָט דערזעהן... ניט אַזוי האָט זי איבערגעלאָזען איהר בעט... די אויבערשטע פון די קישענס זיי־נען ניט פערשפּיצט, ווי זי האָט זיי איבערגעלאָזען... די קווילט ליעגט קרום... איין זייט אַרויסגעקראָכען צום פלאָר... אין רציחה האָט זי געוואָלט לויפען פון הויז, נאָכיאָגען איהם, איהר... און מאַכען אַ בּאַרג אַש, צוברעכען און צושטעכען יעדע זאַך, וואָס געפינט זיך אין הויז... און דערנאָך וועט זי מאַכען אַ סוף פון

איהם און פון זיך... און איידער איהרע הענד האבען זיך געהויי־
בען, האט זיך ארויסגעשפארט פון איהר א געוויין, א ביטערער
יאמער... עס האט געוויינט די שרעקליך בעליידיגטע, די גע־
עול'טע, די בערויבטע, די צוטראטענע... ניין, ניין! זי וועט קיי־
נעם גארניט טהאן... קיינעם ניט אנריהרען... נאר זיך אליין... און
איהר כעס, די רציחה האט זיך ביסלעכווייז אבגעטהאן פון איהר
און זי האט געוויינט מיט א הייסען רחמנות אויף זיך אליין...
אלץ האט זי פערלארען און עס וועט זיך צו איהר מעהר צוריק ניט
אומקעהרען... נאר איהר איינע אין דער גאנצער וועלט האט
געקענט פאסירען אזא אונגליק... ווי קען זי נאך לעבען!... און
קיינער זאל אפילו ניט וויסען, פאר וואס זי האט זיך דעם טויט
געמאכט...

און גוט אויסוויינענדיג זיך, האט זי זיך דערפיהלט גרינגער
פון דעם, וואס קיינער וויים ניט, וואס איהר האט געטראפען...
און מען קען מאכען, אז קיינער אין דער וועלט זאל דערפון קיינ־
מאל ניט וויסען... און עס קען נאך צוריק גוט ווערען...

זי האט זיך אויפגעהויבען פון שאקעל־שטול. זי האט גע־
וואלט אוועקלעגען זיך; זי איז אריין אין בעד־רום, און דערזע־
הענדיג די בעט, האט עס איהר דערלאנגט א שטויס צוריק... און
זי האט זיך צואוויינט פון דאס ניי... און ווידער איז זי זיכער
געווען, אז זי קען ניט לעבען און ווי וועט ניט לעבען...

זי איז געלעגען מיט פערמאכטע אויגען אויפ'ן סאפע און
געטראכט פון איהר בראד, און איהר מח האט זיך פערצויגען מיט
א שווערען טומאן, וואס האט איהר פערטומעלט, און משונה'דיגע
פייערדיגע רינגען און רינגען פון אלערליי קאלירען האבען זיך
געדרעהט פאר איהרע געשלאסענע אויגען... און עס האט זיך
איהר אויסגעדוכט, אז זי פאהרט אויף אזא מאדנע שיף, און
זי זעהט שרעקליכע געשטאלטען... הינט מיט ארויסגעשטעקטע
צינגער... זי וויל אנטלויפען, בעהאלטען זיך, און זי האט ניט
וואוהין צו לויפען, סיידען שפרינגען אין וואסער... די שיף הויבט
אן בויגען זיך אויף איין זייט... און זי פאלט, פאלט, פאלט — —

אַט ליגנט זי שוין באַלד איין וואַסער... זי שרייט מיט אַלע איהרע כחות — און זי עפענט די אויגען...

גוט, גוט וואָס דאָס איז ניט מעהר ווי אַ חלום.... זי אָטעמט אָב שווער, און עס קומט איהר אַרויף אויפ'ן זינען, וואָס דאַ האָט היינט פּאַסירט... זי איז אָבער געווען אַזוי צופריעדען, וואָס די אומגעלומפּערטע, שרעקליכע געשיכטע מיט דער שיף איז געווען ניט מעהר ווי אַ חלום, אַז דער אמת'ער אונגליק איהרער האָט איהר איצט ניט אויסגעזעהן אַזוי שרעקליך... זי האָט געפיהלט, אַז איהר האַרץ איז אַ וואונד, אַ רויהע וואונד; איהר אונגליק איז גרויס און שווער, און זי זעהט ניט קיין רפואה... נאָר גוט, וואָס קיינער ווייס ניט... זי האָט ניט געטראַכט צו מאַכען זיך דעם טויט, נאָר עס האָט געברענט אין איהר אַ צאָרן אויף יענע צוויי... איין שטיקעלע צופריעדענהייט בלויז האָט זי געהאַט פון דער גאַנצער געשיכטע: נאָך גוט, וואָס זי איז געקומען אין צייט... פערזאַמט זי זיך אויף נאָך אַ פּאָר מינוט, וואָלט זי איצט פון גאָרניט געוואוסט...

אפשר זאָל זי דערצעהלען די ברידער?... ניין, זי וועט דאָס ניט טהאָן... די ברידער וואָלטען איהר שוין אָבגעזוכט און צובראָכען איהר „רוק־און־לענד", אַז זי וואָלט געהאַט צו געדענקען — איז אָבער דער חסרון, וואָס מען קען זיך דערפון דערוויסען... אַלע וועלען וויסען פון איהר שאַנדע... און עס קען זיך נאָך אויסלאָזען, אַז זי וועט פערלירען איהר מאַן — — — ער וועט אַוועקגעהן, אַנטלויפען מיט איוואַ זאַבלאַצקי... און אפשר זאָלען די ברידער אָבוואַרטען איהר ערגעץ ביינאַכט, אין דער פינסטער און געבען איהר אַ גוטען חלק, אַז זי זאָל אפילו ניט וויסען פון וואַנען דאָס איז געקומען...

פעני האָט שטאַרק געוואָלט נוקם זיין זיך אין איוואַ'ן, אָבער זי האָט אַלץ אויסגערעכענט, אַז זי וועט דורך דעם אינגאַנצען פערלירען איהר מאַן...

פעני איז דיעזען טאָג ניט אַרויס פון הויז, און אַז עס איז געוואָרען פינסטער, האָט זי קיין ליכט ניט אַנגעצונדען. זי איז

געבליבען ליעגען אויפ'ן סאפע און געטראכט פון איהר אונגליק.

גאבלין, אין סטאר, האט זיך געריכט אויף א מפלה, און אויך ער האט געטראכט פון פעני'ס ברידער... אבער וואס אזוינס וועט זיין?... נאר גלאט וועט די זאך ניט פאראיבערגעהן — דאס קען דאך ניט געמאלט זיין... און וואס זי זאל טהאן, וועט זי זיין גערעכט... די גלייכסטע זאך וואלט געווען פאר איהם אוועקצו־געהן — און מעהר זיינע אויגען ניט ווייזען... נאר דאס וועט דאך גארניט ענדערען און גארניט בעסער מאכען — די צרה וועט דאך ווערען נאך גרעסער... איווא האט איהם איצט אויסגעוויזען ווי אן אבנארערקע, א שווינדלערקע: זי האט איהם אריינגענארט אין זאק; זי האט איהם אבגעשפיעלט א טריק... אבער ער איז פון איהר פטור געווארען... ער וועט איהר מעהר ניט אנקוקען...

ער האט זיך געכאפט: וואס איז דארט מיט איהר — מיט פעני'ן — אויבען אין די רומס!... אפשר האט זי פערהאקט טהיר און פענסטער און אויפגעדרעהט די גאז... אדער זי האט זיך מיט'ן לאנגען שווארצען ברויט־מעסער איבערגעשניטען דעם האלז און זי ליעגט אין א טייך בלוט!... ער האט מיט ציטערדיגע הענד פערשלאסען די סטאר און איז ארויפגעלאפען אין הויז. די טהיר איז געווען אפען, און עס איז נאך ניט געווען אינגאנצען פינסטער — ער האט געזעהן איהר ליעגענדיג מיט אפענע אויגען צום באלקאן. כמעט א פרעהליכער איז ער צוריק ארונטער אין סטאר.

גאבלין האט געהאט אן אמת־אויפריכטיגען רחמנות אויף פעני'ן. ער האט זיך גוט פארגעשטעלט, ווי איהר איז איצטער, וואס זי פיהלט און וואס זי לעבט דורך... און ער וועט איהר פאר איהרע ליידען בעגיטיגען... ער וועט איהר היינט ארויס־ווייזען אזויפיעל ליעבע, ער וועט זיין היינט צו איהר אזוי גוט, אזוי צערטליך, ווי קיינמאל ניט פריהער... און ער וועט איהר אלץ דערצעהלען, אויסזאגען איהר... איווא'ן וועט ער אנרופען מיט די מיאוס'טע, שענדליכסטע נעמען... און ער וועט זיך שווע־רען, אז דאס וועט מעהר קיינמאל ניט פאסירען... איווא האט

איהם אריינגענארט... און פאַרגעקומען איז די רומס איז גאָר־ניט... און ער קען דאָך פעני'ן, אַז זי וועט אויף איהם ניט קע־נען זיין בייז... ער ווייס דאָך, ווי זי פערליערט זיך אינגאַנצען, אַז ער איז נאָהענט צו איהר... אַז ער ווייזט איהר ארוים די מינ־דעסטע צערטליכקייט... זי פערליערט איהר ווילען, איהר קראַפט און איהר זינען...

ער איז זיכער געווען, אַז ער וועט ביי זיין ווייב אַלץ אויס־פיהרען; מאָרגען וועט שוין אַלץ זיין ווי געווען.

ער האָט פערמאַכט די סטאָר פריהער ווי יעדען אָבענד און איז ארויף אין הויז. נאָר איידער ער האָט פערמאַכט די טהיר, איז ער שוין מעהר ניט געווען אַזוי זיכער און מוטהיג ווי פריהער אין סטאָר, אַז די ערשטע זאַך וואָס ער וועט טהאָן, אריינקומענ־דיג אין הויז, וועט זיין, ארומנעהמען איהר און איהר שטאַרק קושען... און ער האָט דאָס ניט געטהאָן... ער האָט אַנגעצונדען די גען אין פראָנט־רום. פעני האָט איהם אפילו ניט אַנגעקוקט, און שטעהנדיג אַ רעכטע שטיקעל אוועקגערוקט פון איהר, האָט ער געזאָגט:

— האָסט עפּעס געגעסען?

זי האָט ניט געענטפערט.

— קום, מאַך עפּעס! — האָט ער ווייטער געזאָגט. — מיר וועלעןביידע עסען.

נאַבלין איז ניט געווען הונגעריג; ער האָט געכאַפּט אַ פּאָר ביסען אין סטאָר דורכ'ן אָבענד, און אויך דאָס איז איהם ניט איינגעגאַנגען; ער האָט בלויז געוואָלט גלאַט ריידען צו איהר, צו ווייזען איהר, צו ווייזען זיך אַליין, אַז זיי ריידען, ווי געווען...

פעני האָט ניט געענטפערט.

נאַבלין האָט געפּרובירט אַנווענדען אַ שטאַרקערען מיטעל.

ער איז אריין אין בעד־רום, אויסגעטהאָן די קליידער, אַנגע־טהאָן די נאַכט־העמד, און ארויסגעקומען צו איהר...

— קום אין בעט, — האָט ער געזאָגט, — איך וויל מיט דיר עפּער ריידען.

דאס ווארט „בעט" האט פעני'ן א ברען געטהאן אין מח און אין הארצען, און דער אויסגעטריקענטער קוואל פון איהרע טרעהרען איז פלוצלונג צוריק פול געווארען...

זי איז אויפגעשפרונגען פון סאפע, און מיט ביידע הענד רייסענדיג די האר פון איהר קאפ, האט זי זיך צוויאמערט מיט א משונה'דיגען ברומען — — — פערשטיקט געווארען אין א שלוכצען און אויף א פאר רגע'ס פערשטילט געווארען.. און גאבלין האט, א צום־טויט־געשראקענער, געמיינט, אז זי האט פערלארען דעם אטעם און איז דערשטיקט געווארען, און ערשט, אז ער האט ווידער דערהערט איהר קול, האט ער דערכאפט זיין אטעם.

פעני האט זיך דערשלעפט אין קיך אריין און פון דארט געשיקט איהר יאמער צו איהם אין פראנט־רום.

ער איז געשטאנען אין די לאנגע נאכט־העמד, זיך געטרייסעלט פון שרעק, און געווארט...

אין א ווילע ארום איז געווארען שטיל. גאבלין איז אריין אין קיך. דורכ'ן שוואכען שיין פון פענסטער האט ער געזעהן זיין ווייב זיצענדיג ביים טיש... און אין דער פינסטער, וויסענדיג, אז זי קען איהם ניט גוט זעהן, האט זיך געיאוועט ביי איהם מוטה צוצוקומען נאהענט צו איהר.

— איך בעט דיך, פעני, קום; אז דו וועסט הערען וואס איך וועל דיר זאגען, וועסטו אליין זעהן. קום, וועסט זעהן!

— געה אוועק פון מיר!

גאבלין האט זיך דערפרעהט מיט איהרע עטליכע ווערטער.

— קום, — האט ער געבעטען — איך זאג ניט, אז איך בין גערעכט. איך האב דיר עפעס צו זאגען.

— געה אוועק און רייד ניט צו מיר! — האט זי גאליג נעזאגט, און מיט רציחה אוועקגעשטופט זיין האנד, וואס ער האט ארויפגעלעגט אויף איהר פלייצע.

ער האט זיך צוגעבויגען צו איהר און געוואלט איהר געבען א קוש.

— געה אוועק! — האט זי אויסגעשריען מיט נאך מעהר רציחה, און זי איז אויפגעשפרונגען פון שטול

ער האָט מיט שרעק אָבגעשפּרונגען פון איהר, אַריינגעגאַנגען אין פראָנט־רום און זיך געזעצט אויפ'ן סאָפע. אין אַ ווײלע אַרום האָט ער אויסגעדרעהט די גאַז, צוגעגאַנגען צום טהיר פון קיך און געזאָגט: „קום אין בעט!" — דערנאָך איז ער אַריין אין בעד־רום און זיך געלעגט אין בעט. ער איז זיכער געווען, אַז זי וועט אונטערקומען. ער איז גיך איינגעשלאָפען.

פעני איז נאָך געזעסען אין קיטשען ביים טיש, און אַז דער צאָרן האָט איהר אַביסעל אָבגעלאָזט, איהר האַרץ איז געוואָרען ווייכער, האָט זי געוואָרט, ער זאָל נאָך אַמאָל אַריינקומען בעטען איהר... און זי איז אויך געווען שטאַרק נייגעריג צו הערען, וואָס ער האָט איהר צו זאָגען, צו דערצעהלען... דאָס מעג זי דאָך טהאָן... וואָס וועט ער איהר דערצעהלען?... עס קען דאָך איהר ניט שאַדען, אַז זי וועט הערען... זי האָט זיך אויפגעהויבען מיט'ן געדאַנק פריהער צו הערען פון איהם די נויטיגע זאַך, און וועגען לעגען־זיך אין בעט איז זי נאָך ניט זיכער געווען; נאָר צוקו־מענדיג צום טהיר פון בעד־רום האָט עס איהר, ווי פריהער, אַ שטויס געטהאָן צוריק, און דערפיהלט האָט זי, אַז זי מוז ווידער נעהמען וויינען, אָבער זי האָט דאָס שוין מעהר ניט געקענט בע־ווייזען — מעהר ניט געווען קיין טרעהרען ביי איהר; און עס איז איהר איצט געווען אַזוי, ווי זי וואָלט דעם גאַנצען טאָג אָב־געקלאָגט נאָך אַ טויטען, וואָס ליעגט אין הויז, און דער טרעהרען־קוואַל האָט זיך שוין אויסגעטריקענט; וויינען און קלאָגען ווילט זיך נאָך און מען מוז... נאָר עס געהט ניט מעהר, און אויפ'ן האַרץ איז אַן אויפגעריסענע וואונד און אין האַלז רייסט און בייסט.

זי האָט זיך געלעגט אויפ'ן סאָפע. אין הויז איז געווען קאַלט־ליך; זי האָט צוזאַמענגענומען איהרע פיס און פערקנוילט איהר גאַנצען קערפּער, צוגעמאַכט די אויגען און געוואָלט איינשלאָפען.

פון בעד־רום האָט זיך געהערט אַ שאַרכען פון די בעט־גע־וואַנד — גאַבלין האָט זיך איבערגעדרעהט אויף דער אַנדער זייט, ווי איהר איז דאָס בעקאַנט...

זי האָט זיך אויפגעזעצט.

דער שאַרף פון גאַבלין'ס בעווענגען זיך אין בעט איז געבליבען הענגען אויף איהר מח... און פאַר איהר האָט זיך פאַרגעשטעלט אַ בילד: זי האָט „געזעהן" אַ סצענע פון ליידענשאַפט און אויסגעלאַסענהייט פון איהר מאַן און איוואַ זאַבלאַצקי ביי איהר אין בעט... זי האָט זייביידען נאַקעטע געזעהן, אין ווילדע פּאָזיציעס... איהר בלוט האָט זיך אָנגעצונדען.

•

זי איז די נאַכט געשלאָפען אויפ'ן סאָפע.

אויפגעכאַפּט האָט זי זיך פּונקט צום מינוט, ווי אַלע טאָג, ווען זיי געהען אַראָב אין סטאָר, נאָר זי איז היינט ניט אַראָב פון איהר געלעגער מאַכען קאַפע, ווי אַלע טאָג. זי האָט זיך נאָך ניט געקענט פאַרשטעלען, וואָס דער היינטיגער טאָג וועט איהר ברענגען.

זי האָט געהערט, ווי ער פּאַרעט זיך אַרום אין קיך. ער שטעלט אַרויף וואַסער קאָכען.

ער האָט אויף גיך אויסגעטרונקען אַ גלאָז טהעע און אַראָב אין סטאָר, און איהר האָט מעהר ניט געלאָזט רוהען אויף איהר געלעגער... זי איז אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט אַ פּאָר זופּען טהעע — און אַראָב אין סטאָר...

די ביזי אין סטאָר איז געווען גרויס, ווי אַלע פריהמאָרגען, און ביידע האָבען זיי געאַרבייט, ווי יעדען טאָג פריהער, נאָר זיי האָבען זיך אויסגעמיעדען מיט די אויגען...

נאָך דער ביזי איז זי אַרויף אין הויז, געמאַכט פריהשטיק, ווי אַלע טאָג. אַרויפקומענדיג אין הויז האָט זי געוויינט. די דאַרע הענד איהרע האָבען זיך צוזאַמענגעדריקט אין פויסטען; די פויסטען האָבען זיך אויפגעהויבען און געציטערט. זי האָט מיט די פויסטען זיך אויף איהר אייגענעם קאָפּ פערמאָסטען. דערנאָך האָט זי געגעסען, אַראָב אין סטאָר. ער איז אַרויפגעגאַנגען עסען.

.10

אַ וואָך איז פאַראיבער, און זיי האָבען אַ וואָרט ניט אויס־
גערעדט איינע מיט די אַנדערע.

אין די ערשטע טעג האָט ער פּרובירט אונטערקומען צו איהר
רעדען; נאָר איהרע אויסגעלאָשענע אויגען פלעגען העליש אויפ־
פלאַקערען און איהר פּנים פלעגט אויסגעקרימט ווערען — און ער
פלעגט אַבטרעטען אויף צוריק. זי האָט זיך צום בעט ניט צו־
געריהרט, אין בעד־רום ניט אריינגעקומען — עס שטויסט איהר
אַב אויף צוריק, ווען זי בעטרעט די שוועל פון בעד־רום... און
זי האָט זיך איהר געלעגער אויפ'ן סאָפע, אַליין.

זי האָט געמיינט, אַז דעם גאַנצען לעבען איהרען וועט זי
מעהר ניט לאָזען איהם צוקומען נאָהענט צו זיך, ניט לאָזען איהם
אויסריידען אַ וואָרט צו איהר... און איהר לעבען איז ערגער ווי
אַ הינטישער. וואָס איהר מאַן האָט געטהאָן, וואָלט קיין מאַן
ניט געטהאָן דער ערגסטער פרוי אין דער וועלט... זי מאַך דאָ
גאָר אפשר אַ מינוט ניט זיין... ליעגט דאָ אָבער בעגראָבען דער
גאַנצער לעבען איהרער, אַלע האָפנונגען און חלומות איהרע פון אַ
סך, אַ סך יאָהרען... זי איז נידעריגער פון אַ וואָרים, און דאָך
פונדעסטוועגען איז זי עפּעס; זי שטעהט דאָ אין אַ ביזנעס, און
קיינער וויים דאָך ניט... מענשען געהען אריין און ארוים... זי איז
מיט אַלעמען גלייך... דער מאַן איז איהר טאָקע טויזענד מאָל
ווייטער, ווי דער ערגסטער פרעמדער, און זי היט פונדעסטוועגען
זיינע טריט... זי וויים, ווי אַזוי ער פערברענגט דעם גאַנצען מעת־
לעת... און אַז איינמאָל שפּעט ביינאַכט, אין מיטען דער וואָך,
האָט זיך איהר גע'חלום'ט, צי אַזוי אויסגעדוכט, איידער זי האָט
רעכט איינגעשלאָפען, אַז ער טהוט זיך אָן — ער געהט אוועק —
האָט זי זיך אויפגעזעצט, אַ צום טויט־דערשראָקענע, און געוואָלט
אויסשרייען מיט אַלע כחות איהרע... זי היט איהם און וויים וואָס
ער טהוט, כמעט יעדע מינוט פון מעת־לעת. אַז זי בלייבט אַליין
אין סטאָר, ווען ער איז אין הויז, קען זי לאַנג ניט אויסהאַלטען,

זי פערשליסט די סטאר כאטש אויף עטליכע מינוט, און קומט ארויף אין הויז „עפּעס זוכען“.

און ער, גאבליז, האט זיך געריכט אלע טאג אויף עפּעס א מפּלה. ווי אזוי קען דאס גאר געמאלט זיין, אז די געשיכטע זאל איהם אראבגעהן גלאט?... עס קען דאך פּאסירען, אז די ווייבּ זיינע זאל פערסמ'ען זיך און איהם... אדער איהם אליין דערשטעכען, דערהרג'ענען, צורייסען מיט די נעגעל רעם פּנים זיינעם... ער האט געציטערט פאר איהר יעדען קוק און בעוועגונג איהרע... און דערצו נאך איהרע ברידער, די געזונטע בעקערס... ס'איז דאך א זיכערע זאך, אז טאמער זאל זי דערצעהלען די געשיכטע די ברידער איהרע, איז ער, גאבליז, א פאַרטיגער... און ווי אויף־צו־להכעיס האט זיך איהם שטענדיג געדוכט, אז זי קלייבט זיך פּאהרען דאון־טאון... איהם האט געוויס ניט געקענט איינפאלען, אז זי האט מורא איהם איבערצולאזען אליין נאך דער געשיכטע... וואס הייסט, זי פערשטעהט דאך, אז מעהר קען שוין אזא זאך ניט פּאסירען, קיינמאל ניט... ווענינ האט ער איצט... הלואי זאל דאס נור פערגעסען ווערען, שווערט ער ביי זיין לעבען, אז נאך א מאל קען דאס ניט פאַרקומען... ווענינ האט ער איצט?...

ער וואלט זעהן זיך מיט איוואַ'ן און זאגען איהר, בעטען איהר מיט גוטען, זי זאל זיך אבטשעפּען, איהם לאזען צורוהה — וואס וויל זי האבען פון זיין לעבען? ער איז דאך איצט א פערהייראטער מאן; ער האט א פרוי. און וואס פאר א תכלית איז דאס פאר איהר, פאר איוואַ'ן? וואס טויג דאס איהר? גאבליז'ען איז אויף א ווײלינקע איינגעפאלען, אז עס וואלט אפשר געווען א פּלאן צו דערצעהלען זיין ווייב'ס ברידער, אז א מיידעל טשעפּעט זיך אן איהם, ער קען פון איהר ניט פּטור ווערען, און פאר זיי וועט זי דאך געוויס מורא האבען... ער האט זיך אבער גיך אראבגעשלאגען פון דיזען פּלאן — גלייכער אז די ברידער זאלען פון גארניט וויסען...

11

איבער צוויי וואָכען האָבען מאַן און ווייב אַ וואָרט ניט אויס־גערעדט, און געשלאָפען אויף בעזונדערע געלעגערס.

אין מיטען פון דער דריטער וואָך נאָך דער געשעהעניש האָט פעני פאַר'ן איינשלאָפען אויפ'ן סאָפע אַ סך מאָל זיך אָבגע־הוסט. דאָס איז געווען אַ ניט־גוטיגער, געמאַכטער הוסט — אַן אַנצוהערעניש, אַז זי איז דאָ... און דאָס איז אויך ניט געווען איהר אייגענע ערפינדונג. ווארים דער מאַן איהרער, גאַבלין, האָט דעם דאָזיגען קונץ געבּראַוועט אַלע נאַכט, זייט דער פּאַסירונג. ער האָט מורא געהאַט צוצוקומען צום סאָפע, רעדען צו איהר, רופען איהר. ער האָט ניט געקענט איינשלאָפען צוליעב דער שווערער משא, וואָס ער האָט אויף זיך געפיהלט, ערוואַרטענדיג דעם פּסק, וואָס ער וועט געוויס קריגען. האָט ער אַלע נאַכט גע־הוסט אין זיין בעט: זאָל זי הערען און וויסען, אַז ער וואַרט אויף איהר.

אויף דער דריטער וואָך איז שוין פעני איינגעלעבט געווען מיט איהר אונגליק... דער שאַרפער וועהטאָג האָט נאָכגעלאָזט... עס איז געווען מיט איהר, ווי דאָס איז געוועהנליך מיט אַ מענ־שען, ווען עס שטאַרבט אַ נאָהענטער און טהייערער: מען מיינט אויף דער מינוט, אַז אייביג וועט זיך די וואונד ניט פערהיילען, מ'וועט קיינמאָל ניט אויפהערען קלאָגען; נאָר מ'געהמט דאָך ווערען צוריק דערזעלביגער... דער שאַרפער וועהטאָג פון מאָ־מענט האָט איהר נאָכגעלאָזט — לעבען ווייטער מוז זי דאָך... זי וועט זיך דאָך מיט איהם ניט גט'ען, און זי וועט אויך ניט אוועק־געהן און איהם איבערלאָזען... און זי האָט אויך געהאַט אַ גרויסען טרייסט אין איהרע צרות — קיינער וויים פון גאָרניט און קיי־נער וועט ניט וויסען... דאָס איז פאַר איהר געווען, ווי דער שטרוי פאַר דעם זיך־טרינקענדען. און מיט וואָס איז זי דען זיכער, אַז דער מאַן איהרער וועט ניט אַנטלויפען, אַז זי זאָל ווייטער אַזוי אַנהאַלטען?... זאָל ער צוקומען זיך בעטען ביי איהר...

זי האט נעהוסט אויף איהר געלעגער; געוואַרט, ער זאָל צוקומען און געטראַכט, אַז זי וועט איהם יאָגען פון זיך די ערשטע מינוט.

דער הוסטען איהרער האט גאַבלין'ען דערפרעהט, נאָר ער האט אַלץ ניט געסמייעט צוקומען צו איהר. מיט אַמאָל האט ער דערהערט פון סאַפע אַ קלאַגעדיגען אויסגעשריי, אַזוי ווי פון אַ פּלוצלינגען שרעק און באַלד אַ טיפען קרעכצען, ווי פון אַ מוראַדיגען וועהטאַג. ער איז אויפגעשפּרונגען.

דער אויסגעשריי און קרעכצען איז געווען פעני'ס שטאַרקערער סיגנאַל, אַז איהר הוסטען האט ניט גוט געוו'ירקט...

גאַבלין איז צוגעלאָפען צו זיין ווייב.

— וואס איז דיר? — האט ער אַ דערשראָקענער געפרעגט.

— מיר איז שלעכט, מיר איז ניט גוט. געה אַוועק!

— זאָג מיר, וואס דיר איז. געבען דיר אפשר אַביסעל וואַסער?

— כ'וויל ניט קיין וואַסער. געה אַוועק פון מיר!

— זאָל איך אָנצינדען די גען?

— כ'דאַרף ניט קיין גען. געה אַוועק פון מיר!

זי האט דאס אַלץ אַרויסגעזאָגט מיט וועהטאַג, אָבער אָהן רציחה, און גאַבלין האט אויפגעכאַפּט אין דעם טאָן פון איהרע ווערטער, אַז דאַ איז איצט פאַר איהם ניט געפעהרליך; ער האט געקראָגען מוטה און אָנגעהויבען אונטערבלאָפען:

— פעני, זאָל זיין גענוג! — האט ער זיך געבעטען. — אויב דו ווילסט, וועל איך זיך דאַ מאַכען דעם טויט פאַר דיינע אויגען; אָדער אַז דו ווילסט, לאָז איך איבער די סטאַר מיט די ביזנעס און איכ'ל אַוועקגעהן, וואו מיינע אויגען וועלען מיך טראָגען. פאַר זיך קעהר איך ניט, — אַז פאַר דיר וועט זיין אַזוי בעסער. זאָג מיר איין וואָרט, ועסטו זעהן.

פעני האט ניט געענטפערט און אַלץ געקרעכצט און שווער געאָטעמט, אָנשטרענגענדיג זיך צו אָטעמען וואס שווערער.

גאַבלין האט ווייטער געבלאָפט:

— איכ׳ל ניט גערן אליין שלאפען אין בעט, איכ׳ל פאלען און מ׳וועט מיר צונעהמען מיט אן אמבולאנס. קענסט טהאן מיט די סטאר, וואס דו ווילסט.

ער האט זיך גוט דערוואָרעמט מיט זיינע רייד און זיך דערפיהלט מוטהיג און דרייסט. ער האט געגלעט איהרע האר און א קוש געטהאן איהר באק.

— געה אוועק פון מיר, איך פיהל ניט גוט.

איהר קול איז געווען ווייך, און גאבלין האט ענדליך דער־פיהלט די אבסאלוטע זיכערקייט פון זיין פאזיציע, — ער איז גע־ראטעוועט.

— קום, פעגעלע! — האט ער גערעדט, אנגענומען איהרעביידע הענד, אזוי ווי וועלענדיג איהר העלפען זיך אויפהויבען. און עס איז איהם ניט אנגעקומען שווער. פערקעהרט, זי איז גע־ווען גאנץ גרינג; זי האט זיך ניט געוועהרט; זי האט זיך געלאזט הויבען אהן שום ווידערשטאנד... איהר ארט, כלומר׳שט ניט, וואס מיט איהר קומט פאר... זי ווייסט אליין ניט, וואס מיט איהר טהוט זיך איצט; מ׳קען מיט איהר טהאן, וואס מען וויל. אזוי ווי זי וואלט געווען א גע׳חלש׳טע, האט זי זיך געלאזט פון איהם אריינפיהרען אין בעד־רום. אין בעט האט איהר שוין פער־דראסען, פאר וואס איהם איז אנגעקומען אזוי גרינג, און עס האט פון דאס־ניי אויפגעקאכט אין איהר, ווי אין די ערשטע טעג... נאר גאבלין האט מיט לאסקעס און ליעבעס־צערטליכקיי־טען ניט דערלאזען ארויסברויזען איהר צארן און רציחה.

און זייער לעבען געהט זיך ווייטער. אין די ביזי זייטען זיי ביידע אין סטאר, דערנאך בייטען זיי זיך איבער. גאבלין פיהלט זיך גאנץ גוט, ער איז שוין אריבער דעם ים — ער האט ניט מעהר וואס צו שרעקען זיך און וואס מורא צו האבען. און ער האט אויף קיינעם קיין כעס ניט. ער האט א גרויסען משעק־בך, געלד קומט אריין אלע וויילע, און עסען — פון דאס בעסטע. נאר זי, פעני, ווערט נאך אלע טאג אויפגעקאכט, און זי

מיינט אלץ, אז זי וועט נאך האבען איהר נקמה, אבוואהל זי ווייס ניט וואס און ווי אזוי דאס וועט זיין... אלע טאג ביים „פערבע־טען" און „אויסבעטען" די בעט קומען איהר פאר די אויגען איוואַ זאבלאצקי און איהר מאן, און עס קאכט און ברויזט אויף אין איהר הארץ... און ביינאכט פאר'ן איינשלאפען וויעדער דיזעל־ביגע... עס שפארט זיך פון איהר און זי וויל ארויסשרייען, ער זאל געהן צו יענע; זי, פעני, וויל לעבען איהם ניט זיין — וויל זי אבער ניט ארויסברענגען דעם נאמען איוואַ זאבלאצקי פון מויל — זי וויל איהם ניט דערמאנען, אז יענע איז פאראן אויף דער וועלט... נעהמט זי גלאט זידלען איהם מיט די ערגסטע ווערטער; נאר דער מאן איהרער פערכאפט באלד ביי די ערשטע עטליכע ווערטער און איהם גיט זיך איין מיט די אויסגעפרובירטע מיטלען זיינע ניט דערלאזען איהר ווייטער געהן. און אויך דורכ'ן טאג, אז זיי קומט אוים צו זיין צוזאמען א ווײַלע אין הויז אדער אין סטאר, דערקענט שוין גאבלין אן איהר, וואו עס האלט; ער האט זיך אויסגעלערענט און ווייס, אז ער דארף „פערכאפען" מיט גלעטען איהר, חנ'דלען זיך, רופען איהר מיט צערטליכע נעמען. ער היט איהר, און אויך זי היט איהם — זי ייים פון זיין יעדע מינוט...

## 12

און איוואַ, פאהרענדיג יענעם טאג צוריק פון די בראנקס, האט זיך ניט געפיהלט בערוהיגט מיט איהר נקמה געגען גאבלין'ס ווייב. זי האט פערשטאנען, ווי קליין און געמיין זי, איוואַ, איז אין יענער'ס אויגען, און זי האט איהר דאס ניט פערגונען. זי האט געטראכט פון איהר אנטלויפען, דערזעהענדיג גאבלין'ס ווייב — זי האט זיך דערשראקען, מורא געהאט פאר איהר. און איהר געפאלענקייט האט איהר געדריקט און געשטיקט אויפ'ן הארצען. א צוזאמענגעבויגענע, א צוזאמענגעפאלענע איז זי גע־זעסען אין טריין, און זי האט ניט געקענט געפינען קיין ארט, אב־צורוהען איהרע אויגען.

דעם אבענד איז איוואַ ניט אַרויס פון איהר רום. זי האָט גע־פּרובירט לעזען אַ ביכעל, האָט גענומען איהר „טראַנק“ און געזוכט זיך עפּעס אַ אַרבייט, און געטראַכט וואָס זי האַלט אין דער וועלט, פון איהר גאָר שוואַכע, כמעט טוידטע האָפנונג אויף גאַבליין׳ען... וואָס קען זי טהאָן, און וואָס קען זי אויספיהרען?... ווי וועט זי קענען צונעהמען איהם?... אַז ער וואָלט געווען אַ מענש... אַז ער וואָלט געוואָלט אַוועקגעהן פון יענער... פערלאָזען זיך אויף איהם קען מען דאָך ניט מיט דער קלענסטער זאַך אפילו... און טרויען איהם, גלויבען איהם אויפ׳ן וואָרט, קען מען דאָך אויך ניט...

זי האָט ניט געקענט לעזען און טהאָן קיין שום אַרבייט. זי האָט זיך אַוועקגעלעגט אויף איהר בעטעל, פערמאַכט די אויגען, און זי האָט זיך דערמאָנט אַז שוין לאַנג־פערגאַנגענע זאַכען. זי האָט געטראַכט פון איהר מאַמען, אין דעם טאָג פון איהר אַוועק־פאָהרען קיין אַמעריקאַ, ווי די מאַמע האָט זיך מיט איהר געזע־גענט און געוויינט און איהר געבענשט און געוואונשען, זי זאָל גיך קריגען איהר בעשערטען און זי זאָל זיך לעבען גליקליך און עהרליך, און זי זאָל איהר פון אַלץ שרייבען... און דערנאָך, ווען עס איז אָנגעקומען דער בריעף, אַז די מאַמע איז געשטאָרבען... אַ טהייערען בעשערטען האָט זי געפונען! און זי לעבט גליקליך און עהרליך!... זי האָט געוויינט מיט שטיקער פון איהר האַרץ אַרויס; הייס, זודיג זיינען געווען די טרעהרען איהרע און האָבען אַריינגעדרונגען אין קישען, וואָס די מאַמע האָט מיט איהרע הענד צוגעשאָטען פאַר איהר אַוועקפאָהרען.

אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איהר אונרוהיגען שלאָף און אַנגעצונדען די גאַז, האָט דער „וועקער“ אויפ׳ן טישעל געוויזען נאָהענט צו דריי. זי האָט אַראָבגעצויגען די קליידער און זיך ריכטיג געלעגט שלאָפען.

אין דער פריה איז זי אויפגעשטאַנען מיט איהר געוועהנליכער פערביסענער עקשנות און זי האָט ווייעדער געטראַכט, פון מאַכען גאַבליין׳ען פאַר אַ מענשען.

און אין די ווייטערע טעג האט זי זיך געפיהלט שטארק דער־שלאגען און אומעטיג, און די האפנונגען צו קריגען אמאל גאב־לין'ען האט זיך געדוקט אלץ ווייטער און ווייטער פון איהר, און עס האט איהר ניט אבגעלאזט דער געדאנק, אז זי געהט אויפ'ן פינף און צוואנציגסטען יאהר, און איהר רום איז פוסט און ענג, פינסטער און אומעטיג.

און איין אבענד האט איווא געבראכט מיט זיך אין רום אריין עפעס א זאך, וואס זי האט אלע מאל פיינט געהאט און דאס קיינמאל ניט אנגעריהרט: א רונדען קעסטעלע מיט רויטען פארב פאר'ן פנים. איהרע באקען האבען אין דער לעצטער צייט בעקומען א מאדנע געלקייט, עפעס אזוי ווי נאך א לאנגען קרענ־קען, און אונטער די אויגען — גרין־בלויליכע רינגען. זי טאר אזוי ניט אויסזעהן. איווא האט אין זינען צו קריגען אן אמת'ען חתן און חתונה האבען — און וואס גיכער.

עס טרעפט ניט זעלטען, אז זי קען זיך ניט בעהערשען און מוז פאהרען א קוק טהאן אויף גאבלין'ען. זי געהט ארום א ווײַלע אויף דער אנדער זייט גאס און קוקט אריין דורך די גלעזערנע טהיר. זי האט קנאפע נחת, זעהענדיג ווי ער ווערט דיק, גראב, די פעטס גיסט זיך אזש פון איהם. ער איז שוין באלד אינגאנצען קיילעכדיג. דערפאר האט זי אבער איהר בעלוינונג אין דעם, וואס גאבלין'ס ווייב ווערט אלץ איינגעדארטער און זי זעהט שוין באלד אויס ווי א שטעקען

# אונרוהיגע נעכט

## 1

דער יונגער אלמן, הערמאן בליצער, האט ניט געקענט קומען צו זיך פון דעם גרויסען אונגליק, וואס איהם האט געטראפען. זיין לעבען איז איבערגעבראכען געווארען און וועט שוין קיינמאל, קיינמאל גאנץ ניט ווערען. און געקומען איז דער אונגליק פלוצלונג, אונגעריכט, אין דער צייט ווען אלעס האט פאר איהם געשיינט אזוי העל, אזוי ליכטיג.

אויפ'ן דריטען טאג פון איהר קינדבעט איז בליצער'ס יונגע פרוי פלוצלונג געשטארבען. דאס האבען פון איהר קינד איז איהר גראד ניט אנגעקומען איבעריג שווער. אלץ איז געגאנגען כשורה, דאס קינד איז געקומען א געזונדע, מיט עפעס מעהר פון דער נארמאלער וואג, און די יונגע געווינערין פון איהר ערשטען קינד האט ניט געליטען פיעל מעהר, ווי עס ליידט א פרוי ביים געבורט פון א קינד. אבער אויף דעם דריטען טאג האט אריינגעטראטען א בלוט־פערגיפטונג, און מען האט די יונגע מוטער ניט געקענט ראטעווען.

הערמאן בליצער האט שפעט חתונה געהאט. ער איז שוין געווען אריבער דרייסיג. פון דער נאטור איז ער געווען א צוריק־געהאלטענער, שטילער יונגערמאן, מיט ארעם־בחור'שע מאניערען, האלב־שעהמעוודיג, און ער האט געפיהרט א גאנץ ריינעם לעבען. פאר זיין טאטע־מאמע האט ער געהאט גרויסען דרך־ארץ, און געפאלגט זיי, ווי א אינגעל. דער טאטע זיינער איז געווען געריכט

ווען ער פלעגט זיך בעריהמען שבת אין זיין שוהל׳כעל, אז ער זאל וועלען, קען ער איצט זיין זוהן אנפאטשען, „ווי אין יוראפ״, און דער זוהן וועט ניט ריידען „אנטקעגען״.

ביז זיין חתונה האט בליצער קיין ליעבעס ניט געהאט. זיין גאנצע צייט און ענערגיע האט אוועקגענומען זיין שאפ פון „לייי־דים נעקווער״. פריהער איז דאס געווען מיט א פארטנער. די ביזנעס איז געווען אן ארימע און עס איז געגאנגען ניט גוט. די פארטנערס האבען שוועד געארבייט ביז זיי האבען עפעס געקענט ארויסקריגען פון זייער געשעפט. דערנאך האבען זיי אויפגעהערט „הויזען״, ניט געקענט צורעכט קומען, און עס איז געקומען אזוי וויית, אז זיי האבען זיך געמוזט פונאנדערגעהן. בליצער איז גע־בליבען ביים שאפ, צוזאמענגעליהען געלד ארויסצוצאהלען דעם פארטנער, און דערנאך געהאט א פאר יאהר צו צאהלען חובות. ער האט געארבייט „אינסייד״ און „אויטסייד״, שטענדיג געווען „שארט״, אז ס׳איז געקומען צו סעטלען בילס. אזוי האט זיך פערצווייגען, ביז ער איז געווארען אריבער דרייסיג. דער טאטע איז געווען בעשעפטיגט ביים זוהן אין שאפ, ארומגעדרעהט זיך דארט, „אכטונג געגעבען״. חתונה געהאט האט בליצער דורך א שדכן מיט אן ארימע, אבער זעהר א שעהנע יונגע מיידעל. און ער האט געוואלט, אז זיין טאטע־מאמע זאלען בלייבען וואוינען מיט איהם, ווי געווען. נאר די אלטע לייט האבען זיך דערפון אבגעזאגט, זיי האבען געוואלט בלייבען בעלי־בתים פאר זיך. האט דער זוהן געצאהלט דעם טאטען אלע וואך וויידזשעס. די ביזנעס איז איצט געגאנגען גאנץ גוט.

בליצער׳ס פערהייראטער לעבען איז געווען א העכסט גליק־ליכער, א סך שעהנער און געשמאקער, איידער ער האט זיך ווען־עס־איז פארגעשטעלט. און ער האט ניט געקענט גאר אנזעטיגען זיך מיט די הייסע ליעבע, וואס זיין פרוי האט איהם געגעבען. ער איז אלע מאל געווען א היים־זיצער, נאר איצט האט זיין הויז געהאט פאר איהם א בעזונדערען צויבער, און יעדעס פריהמאר־גען, אז ער האט געמוזט פערלאזען זיין היים און זיין פרוי, האט

ער געפיהלט אזוי אומעדיג און שווער אויפ'ן הארצען, ווי ער וואלט קיין מרחקים, אויף א לאנגע צייט, פון איהר זיך געשיידט.

און אין די אבענדען און אין די לאנגע נעכט, האט ער די העכסטע זיסקייט פון לעבען געהאט, און קיינמאל נים גענוג געהאט פון די פערגעניגענס, וואס ער האט פון איהר געקראגען. ער האט קיינמאל אין זיין בחור'שען לעבען נים פערשטאנען גאר, נים פארגעשטעלט זיך, אז אויף דער וועלט געפינט זיך אזויפיעל גע־שמאקייט און זיסקייט, וואס ער האט אין הויז און אין זיין פרוי געפונען.

מעהר ווי א יאהר האט בליצער אין זיין גן־עדן געלעבט. איצט איז זי געשטארבען און איבערגעלאזט איהם א קינד פון דריי טעג.

ער האט געזעהן, ווי מען האט איהר אין קבר אראבגעלאזען, און ער האט צום לעצטען מאל א קוק געטהאן אויף איהר, אויף איהר פנים, וואס איז געווען געל און פערשטיינערט, אויף די גע־שלאסענע אויגען, אויף די צוזאמענגעפרעסטע ליפען, וועלכע ער האט נים לאנג צוריק אזוי געזויגען און געגעסען. די גאנצע אנ־דערהאלבען מעת־לעת, וואס די טויטע איז אין הויז געלעגען, האבען די אלטע טאטע־מאמע פון איהם נים אבגעטראטען, נים אבגעלאזט איהם אויף א מינוט פון האנד און אויג, און אוועקגעהאל־טען איהם פונ'ם מת, וויפיעל זיי האבען נור געקענט.

די גאנצע וואך איז דער שאפ געווען געשלאסען. די אלטע לייט זיינען פון זוהן'ס הויז נים ארויס. דער אבל האט געפאלגט, וואס זיי האבען איהם געהייסען, און ער איז געזעסען שבעה, הגם ער האט אין דעם נים געגלויבט; איהם האט זיך אויך אויסגע־דוכט, אז דאס איז א טובה פאר זיין געליעבטער פרוי... אין הויז איז נאך פער...יבען די נוירס וואס מען האט איינגענומען פאר דער געווינעריז, און זי האט זיך אבגעגעבען מיט דאס עופה'לע. די אלטע האט שטענדיג דאס קינד געהאלטען פאר דעם פאטערס אויגען — ער זאל זעהן, אז ער האט נאך אויף דער וועלט עטוואס וויכטיגעס... נאר ער האט אין די שבעה־טעג נים געפרעהט זיך און נים געוויינט אויף זיין קינד, נים ארויסגעוויזען קיין ליעבע...

ריין מח איז ווי פערגליווערט און פערטעמפט געווען; פון איין זאך איז ער געווען בעוואוסט: אלץ איז אבגעשטארבען און אוועק אויף אייביג. ער האט דורך די טעג קיין שארפען וועהטאג ניט געפיהלט; געזעסען אדער געלעגען ווי א תם.

אז די וואך האט זיך געענדיגט, איז דער טאטע מיט איהם אין שאפ אוועק און גענומען איהם אויפטרייסלען, אויפמונטערען איהם צו ביזנעס. דער „שאפ" האט בליצער'ן אין די הענד אריינגענומען און געצוואונגען איהם ווערען צוריק וואס געווען. אהן זיין אייגענעם וויסען, אדער ווילען, מוז ער אכטונג געבען, אז אלץ זאל זיין אין בעסטער ארדנונג, אלץ זאל געטהאן ווערען ווי ס'בעדארף צו זיין, ס'זאל ניט געהן אין ניוועץ קיין ברעקעלע און קיין הערעלע און קיין מינוטעלע. זיין אויג מוז אלץ זעהן און זיין קאפ איז מיט אלץ פערנומען. דאס איז „אינסייד". „אויטסייד" האט ער צו טהאן מיט קאסטאמער, מיט קויפען און פערקויפען. ער איז פערטהאן, פערהאוועט; דאס טהוט זיך ביי איהם פון זיך אליין, ווי א מאשין... דער טאג געהט אוועק. ביינאכט, אז ער קומט אהיים, דערפיהלט ער ריכטיג זיין בראך.

די אלטע לייט האבען אויפגעגעבען זייער דירה און אריינגעצויגען צום זוהן. די נוירס איז אבגעווען א פאר וואכען און אוועק, און די באבע האט געהאדעוועט דאס עופה'לע מיט'ן פלעשעל. דאס קינד איז געווען געזונד און געוואקסען מיט יעדען טאג.

נאך סאפער בעטען זיך טאטע־מאמע ביים זוהן, ער זאל ערגעץ געהן, ער זאל זיך זעהן מיט מענשען, פערברענגען. דער טאטע האט אפילו מתיר געמאכט דעם אבל, אז ער מעג געהן זעהן מואווינג־פיקטשורס און אין טהעאטער, אבער דער אלמן וויל ניט הערען דערפון. גלייך ווי ער קומט אריין פון אבענד אין הויז, איז ער שוין א פערביטענער מענש, ניט דערזעלביגער וואס דורכ'ן טאג אין שאפ און „אויטסייד"; דער טומעל פון טאג וועפט זיך באלד אוים פון איהם, און ער דערפיהלט שארף און שטארק זיין אומגליק. די מאמע שטעלט עסען אויפ'ן טיש און גיט איהם אב

גרויסען פונ'ם קינד. ער בעקוקט דאס קינד אין קערידזש מיט א פערקוועטשט הארץ פון רחמנות. ביים טיש זעצט ער זיך א דער־שלאגענער, נאר עסען מוז ער. טאטע־מאמע צווינגען איהם פשוט. די מאמע שטעהט צו, און ער מוז עסען פארשפייז, אויפעסען דעם זופ, פלייש און דעם צוביים. נאכ'ן עסען פרובירט ער אריינקוקען אין א ציימונג, נאר ער פאלט גיך אוועק אויפ'ן זאפע און דרעמעלט ביז א שטיק אין אבענד. דערנאך וועקט איהם די מאמע אויף, ער זאל זיך אויסטהאן און געהן אין בעט אריין. נאר קיין גרויסע טובה טהוט איהם די מאמע מיט דעם ניט.

ער ליעגט אין בעט און קען ניט איינשלאפען. די נאכט איז פינסטער און שטיל. ער מאכט צו די אויגען, און ער שלאפט ניט. זיינע הענד זוכען ארום זיך, ווי אהן זיין ווילען און וויסען... ער זוכט די זיסע ווארימקייט פון איהר קערפער, פון איהרע גליעדער... נאר אין בעט ארום איז קיהל...

ער קארטשעט זיך צוזאמען, מיט'ן קאפ אראבגעלאזט הארט אויפ'ן ברוסט, און ער דערפיהלט זיין הייסען אטהעם אויף זיין ברוסט און ער פרובירט אריינארבייטען זיך אין א געדאנק, אז זי ליעגט דא ביי זיין זייט, נאר ער פערגינט זיך ניט זי אנצוריה־רען... ער זיפצט טיעף און שווער איידער ער פאלט אריין אין שלאף, און אין אנפאנג פון זיין שלאף, אז זיין זין איז שוין כמעט איינגאנצען אבגע'חלש'ט, ציהען זיך זיינע גליעדער, און זיינע ארעמס ציהען זיך אויס, און זיינע הענד זוכען אויפ'ן פוסטען קישען לעבען איהם, אויף די לעדיגע וועש און צודעק — שטויסען זיך אן אן קאלטען וואנד.

א סך מאל איז ער פון בעט ארויסגעקראכען און געזוכט אין קאמאד א נאכט־העמד איהרע, און ניט געקענט געפינען. די מאמע האט דער פערשטארבענערס זאכען פערפאקט און בעהאלטען, ס'זאל אויף זיינע אויגען ניט קומען.

שפעטער אביסעל זיינען די נעכט זיינע געווארען אונרוהיגע־רע, ערגערע. ער האט אויפגעהערט זוכען איהר לעבען זיך, און אלע נאכט פאר'ן איינשלאפען האט ער זיך געמאהלען שרעקליכע

בילדער און געשטעלט פאר זיינע אויגען בילדער פון שרעק און שוידער. ער האט ניט אויפגעהערט זעהן פאר זיינע צוגעמאכטע אויגען איהר קערפער אין זיין איצטיגען צושטאנד, אבליגענדיג עטליכע מאנאטען אין קבר... ער געהט פארביי אלע טאג אין דער דריי־און־צוואנציגסטער סטריט א מין אנאטאמישען מוזעאום, וואו סקעלעטען פון מענשען זיינען צושטעלט אין די פענסטער און פאר'ן ארייננאנג, און ביינאכט אויף זיין געלעגער זעהט ער זיין פערשטארבענע פרוי אין דעם געשטאלט פון איינעם פון די סקע־לעטען... ניטא איהרע אמאליגע פרעכטיגע, ווייכע, ווייסע ארעמס, ניטא איהרע בריסט, ניטא איהר האלז... אלץ צופוילט און צור־ביינערט... און אנשטאט אויגען — טיעפע לעכער... די באקען ארא בגעפוילט... און א מיאוס'ע, עקעלהאפטע לאך אויף דעם ארט, וואו עס איז געווען איהר מויל, די ליפען איהרע... אויסגעטריקענ־טע ביינער פון איהרע הענד און פיס, פון איהרע פינגער...

ער ווייס, אז דאס מאהלט איהם אויס זיין פאנטאזיע; זי איז דא איצט אנטקעגען איהם ניטא... און ער ווייס, אז דער שרעקליכער בילד, וואס שטעהט אנטקעגען איהם, איז אן אמת'ער... דאס ווערט איצט פון איהר... איהר צויבערליכער קערפער פוילט אין קבר... איהרע גליעדער, מיט וועלכע ער האט זיך געקוויקט און ניט געקענט זיך אנזעטיגען, עסען איצט שמוציגע ווערים... און איהר שעהנער, אבגעמאהלטער פנים צופאלט אין שטיקער; און עס ווערען פוסטע לעכער אויף דעם ארט, וואו עס זיינען געווען איהרע אויגען, איהר מויל, איהרע ליפען... און פון איהר קאפ מיט די שעהנע האר, פון וועלכע ער האט געשלונגען דעם געשמאקען טעם פון נים און מאנדלען, ווערט איצט א נאקעטער, עקעלהאפטער שארבען...

ער איז ניט אבערגלויביש און ער ווייס, אז די טויטע קומען ניט צוריק פון זייערע קברים. נאר דאך האט עס געטראפען מיט איהם א פאר מאל, ווי ער האט איינגעשלאפען, האט ער דערפיהלט אין זיינע ארעמס קאלטע ביינער און פערפוילטע גליעדער... ער האט זיך אויפגעכאפט מיט א שרעקליכען געשריי און יאמער.

די מאמע איז אויפגעשפרונגען פון איהר שלאף מעהר טויט, איי־ דער לעבעדיג, און אנגעצונדען פייער.

— מאמע!... מאמע! — האט ער ארויסגעיאמערט, און דערנאך צוגעגעבען: — געה, לעג זיך שלאפען, ס'איז גארניט, מיר האט זיך עפּעס אבגעדאכט...

די מאמע האט אויפגעוועקט דעם אלטען, און געהייסען איהם זיך געהן לעגען מיט'ן זוהן; ער האט זיך אבער געשעהמט און ניט געלאזען דעם טאטען לעגען זיך מיט איהם אין בעט. ער האט זיך קוים איינגעבעטען ביי דער מאמען, אז זי זאל געהן שלאפען, — ס'איז גארניט.

2

די טעג און וואכען און אויך די אונרוהיגע נעכט זיינען זיך געגאנגען זייער וועג. ס'איז געווען דער זומער און ס'איז געקומען דער הערבסט; ס'איז אוועק דער הערבסט און געקומען איז דער ווינטער. און געענדערט האט זיך אויך דער אונגליקליכער אלמן. די ביזנעס איז זיך געגאנגען גוט, ווי פריהער. הערמאן בליצער האט געארבייט „אינסייד" און „אויטסייד" און קומענדיג אין אבענד אהיים, אז אנגעארבייטער, אנגעלאפענער, האט ער גע־ געסען מיט אפעטיט די גוטע מאכלים, וואס די מאמע האט פאר איהם אנגעגרייט. ער פלעגט אויך דורכשלאפען די נעכט. די מאמע האט איהם אבגעוואוינט פון לעגען זיך נאכ'ן סאפער אויפ'ן זאפע און דערנאך ליעגען וואכענדיג אין בעט און טראכטען טרויעריגע געדאנקען און זעהן שלעכטע, בייזע חלומות. ער ליי־ ענט נאך סאפער א פאר צייטונגען, א אידישע און אן ענגלישע, און לעגט זיך שלאפען. איהם איז שטארק אומעטיג, זיך אויס־ טהוענדיג די קליידער, ער זיפצט. נאר ער זוכט שוין ניט מעהר ארום אין בעט, ווי אין די גאר שלעכטע צייטען, און ער זעהט אויך ניט מעהר דעם שרעקליכען בילד פון זיין פרוי'ס צופאלענדען קערפּער אין קבר... ער טראכט איצט פון א לעבעדיגע — פון מיס הווירשהארן.

מים הוירשהארן, — דאס איז בליצער׳ס נייע בוכהאלטערקע. א נידעריגע, קיילעכדיגע מיידעל, מיט דיקע באקען, ווי פאמפוש־קעס. קיין גאנץ יונגע איז מים הוירשהארן שוין נים. דאס פנים ביי איהר איז שטענדיג איבערגעפוידערט און בערויטעלט, און די אויגען גלאנצען מיט א פערדעכטיגען גלאנץ. איהר פעטע, ווייכע האלז איז אויך בעשאטען מיט פוידער, און דאס זעלבע — די אויסגעשניטענע שטיק ברוסט. די גרויסע קאפ האר איהרע איז פון א צוויי־דביי קאלירען: העל־ברוין, א פאר פאסען פונ׳ם קאליר פון אלטען, נים געשייערטען קופער און אויך אזעלכע, וואס פאלען אריין אין א רויטקיים — נים גערוי׳טען „צוגעמעטשט״, בעזעצט מיט א סך געלע קעמעלעך און שפילקעס. שטענדיג טראגט זי א שווארצע קלייד, פון וואס עס שלאגט שארף און בולט ארויס דאס ווייסע און רויטליכע, וואס זי פערמאגט, פאר׳ן עלעקטרישען ליכט אין דעם קליינעם אפיס. זי זיצט דעם גאנצען טאג איבער די ביכער, און אז זי האט א ביסעל פרייע צייט, שפיגעלט זי זיך מיט איהרע לאנגע, אויסגעשניצטע, שפיציגע קעצישע נעגעל, אדער זי קוקט אריין אין „קאסמאפאליטאן מעגעזין״, אדער „סנעפפי סטאריעס״. נאר דאס רוב שטודירט זי די בלאנדע נאקעטע נקבה אויפ׳ן פאדערבלאט פון די דאזיגע שריפטען.

מיס הוירשהארן איז שוין אויך נים מעהר נאאיוו און אונ־שולדיג. זי האט שוין אביסעל ערפאהרונג אין לעבען און אויך איהר לעסאן. זי האט שוין דורכגעמאכט א שטיקעל „אפעיר״: א פאר יאהר כסדר האט זי געשפיעלט א געהיימע ליעבע מיט איינעם פון דער „ליים־האוז״, וואו זי איז פריהער געווען בעשעפ־טיגט, א פערהייראטען מאן. ווען זי האט זיך מיט יענעם בעקענט, איז זי געווען יונג און אונשולדיג; געגלויבט אלץ, וואס יענער האט איהר געזאגט און זיך געלאזט פיהרען פון איהרע גע־פיהלען. א פאר יאהר האט זיך די געשיכטע געצויגען. ער האט איהר גענומען צו סאפערס, אין טהעאטער, צו קאבארעים; גע־קויפט איהר גלאווס און וויסטס, און זיי פלעגען פערברענגען ביז שפעט אין דער נאכט. זייער פריינדשאפט האט דערגרייכט צו

יענעמס ווייב. מים הוירשהארן האט זיך דערשראקען און געפא־
דערט פון איהם, ער זאָל איהר זאגען, וואָס עס וועט זיין, וואָס
ער געהט טהאָן, און זי האט זיך איבערצייגט, אַז זי האט גארניט
צו ערוואַרטען, און זי האט בעשלאָסען צו מאכען א גיכען סוף.
זי האט פערלאָזען דעם פלאץ, און זיך מעהר מיט יענעם ניט גע־
זעהן. און זייט דאמאלס היט זי זיך, ניט אריינצופאלען נאָך
א מאָל און זוכט אַן אמת'ען תכלית, ס'הייסט — א שדוך, חתונה
צו האבען. מיט ליעבע — איז געווים גוט; און מאמער אהן
ליעבע, קען מען אויך לעבען, אבי זי וועט נור די פערזאָן „גלייכען"
אביסעל, נאָר יענע פערזאָן מוז „זיין אין ביזנעס". אהן דעם וועט
ניט געהן.

אין איהר איצטיגען באָס, בליצער'ן, איז מים הוירשהארן ניט
פערליעבט, און מיט איהם גארנישט גערעדט א חוץ וועגען זאכען,
וואָס האבען צו טהאָן מיט ביזנעס. אבער דאך פלאָנטערט זיך ביי
איהר אין קאָפּ וועגען איהר און מיסטער בליצער. אַן אנשטענ־
דיגער, פיינער יונגערמאַן איז ער, האט א ביזנעס, — א גאַנץ גוטע
ביזנעס, און זי וואלט איהם געווים ניט ענטזאגט, אַז ער וואלט
איהר איינגעלאדען מיט איהם געהן צו דינער, אדער סאפער...
אבער ניט מעהר ווי מיט יענעם... דאָס ניט! אַז ער וועט איהר
זועלען, וועט ער מוזען מיט איהר חתונה האבען... און פאר וואָס
קען דאָס ניט זיין? א לעבען מאכט ער גאָר א פיינעם, און יונג
איז ער. ווי לאַנג וועט ער קענען זיין אַן אלמן? טא פאר וואָס
זאָל דאָס ניט זיין מיט איהר?... זי איז נאָך אַזוי שעהן ווי אַנ־
דערע, און אפשר נאָך שעהנער. און געלד זוכט ער דאָך ניט.
יענע פרוי זיינע איז אויך געווען אַן ארימע מיידעל, — מים הוירש־
הארן האט וועגען דעם אויסגעפונען. און זי האט מיט דער צייט
איינגעזעהן, אַז קיין בעסערען שדוך קען זי גאָר קיינמאָל ניט קרי־
גען... און זי האט זיך פארבערייטעט, אויסגעארבייט דעם גאַנצען
פלאַן, ווי אַנצוגעהן, וואָס צו זאגען איהם, אויב ער וועט איינ־
לאדען איהר צו געהן מיט איהם, אדער ער וועט נעהמען מאכען
איהר קאָמפּלימענטען, אדער ווערען „פרעש" מיט די הענד... דאָס

וועט ניט געהן!... זי האט געהאט גענוג און טהייער בעצאהלט... איצט וועט מוזען זיין יא אדער ניין... זי האט געהאפט אויף יא, נאר זי וועט זיך ניט נעהמען צום הארצען — האט זי בעשלאסען — אויב ניט... „זיי" זיינען דאס קיינער ניט ווערטה...

בליצער האט ניט געקלעהרט פון חתונה האבען. נאך דאך, באלד ווי די נייע בוכהאלטערקע איז צו איהם צוגעקומען, האט זי איהם מאדנע פעראינטערעסירט: דאס איז געווען דער געוואלדיגער קאנטראסט פון זיין נייער בוכהאלטערקע און די פריהערינע. יענע איז געווען א פיצינקע, א שווארצינקע, א מיידעל אהן א גוף; זי האט זיך כמעט ניט ארויסגעזעהן פון הויכען לעהן פון שטוהל, אויף וועלכע זי איז געזעסען אין ווינקעלע ביים דעסק, און די, די נייע, — מיס הוירשהארן, האט ארויסגעגלאנצט און ארויסגעשיינט פון איהר שווארצען קלייד, מיט איהר ווייסרויטען דיקען פנים; איהר ווייסען, פעטען, קיילעכדיגען האלז און מיט די ווייסע, אויסגעשניטענע שטיק ברוסט. און די לאגע איז געווען אזא, אז בליצער האט איהר קיינמאל ניט געזעהן פאר'ן ליכט פון טאג, נאר שטענדיג און אלע מאל פאר דעם שימערענדען עלעקטרישען שיין אינ'ם קליינעם אפיס'על, אין דעם זעלביגען ווינקעלע, אויפ'ן זעלבען שטוהל וואו יענע, דער בינטעל הויט און ביינער, איז געזעסען... איז אין די ערשטע טעג פון מיס הוירשהאר'ן אנקומען, איז בליצער'ן גלאט אינטערעסאנט געווען דער מאדנער אומבייט, וואס איז פארגעקומען אין זיין אפיס. ער האט אלץ געקוקט אויף יענעם ווינקעל, ווי מען קוקט אויף א טשיקאווען חידוש. נאר דערנאך, — ס'האט לאנג ניט גענומען, טאקע גאר גיך, — האט בליצער גאר אינגאנצען פערגעסען אז דער פריהעריגער בוכהאלטערקע און געקוקט אויף דער נייער מיט זשעדנע אויגען, פון אן אויסגעהונגערטען מאנסביל... און ער האט געקוקט און ניט געקענט אוועקרייסען די אויגען פון מיס הוירשהארן'ס שעהנע, געשמאקע זאכען, פון איהר שעהנעם, פעטען האלז, פון די ווייסע, אויסגעשניטענע שטיק ברוסט... און איהם האט זיך שטארק געוואלט בעריהרען אט די דאזיגע זאכע איהרע... גלעטען

און קושען... האַלטען אין זיינע הענד... און ער קוקט מיט ברע־נענדיגע אויגען, ווען ער האָט נאָר די געלעגענהייט, ס'הייסט — ווען ער איז „אינסייד"... אבער וועגען אַגריהרען מיס הוירשהאָרן מיט איין פינגער אפילו, האָט ער גאָר מורא צו קלעהרען... ער ווייס ניט ווי מען הויבט אָן אַזעלכע זאכען... ער וואָלט זיך געשעהמט דערנאָך ווייזען די אויגען פאַר איהר... האָט ער גע־קוקט און געגעסען איהר מיט די אויגען.

מיס הוירשהאָרן האָט געהאַט איהר אויג אויפ'ן בעל־הבית און זי האָט זיך דערשפירט, וואָס פאַר אַ מין קוקען דאָס איז זיי־נער. און איהם איז שוין ניט גענוג דער קוקען פון ווייטען, — ער זוכט זיך אויס תירוצים צוצוקומען וואָס נעהנטער צו איהר, שטעלט זיך אוועק ביי איהר פּלייצע און הייסט איהר איבערקו־קען דעם און דעם „אקאונט", און נאָך איינעם, און נאָך איינעם, וואָס איהם איז דאָס גאָרניט נויטיג געווען. מיס הוירשהאָרן מישט די בלעטער אין בוך הין און צוריק, רעכענט און שרייבט מיט'ן פענסיל. בליצער שטעהט ביי איהר פּלייצע און קוקט אויף איהר פּוכקער באַק און האַלז, אויף איהרע הויכע, אויפגעשוואָלענע אָרעמס, ווי אַ קישעלע, באַלד נאָכ'ן פּלייצע, בעהאַלטען אין אַ שוואַרצען „סליוו". מיס הוירשהאָרן פיהלט זיינע אויגען אויף זיך און זי בענעהמט זיך אַזוי, בויגט זיך אויס אַזוי צום בוך, אַז דער זוים פון דער אויסגעשניטענער שטיק שטעהט אַוועק פון איהר ברוסט, און בליצער בענוצט זיך מיט איהר „נאָכלעסיגקייט" און קוקט אריין טיעף, טיעף, ביז זיין קוק פערטשעפּעט זיך און ווערט פערהאַלטען פון אַ זיידענעם שלייפעל פון „פּינק", אָדער בלוט־רויטע זייד... און מיס הוירשהאָרן האָט צייט, קוקט איבער די „אקאונטס" פּאַוואָלינקע, זעהר פאָרזיכטיג — נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל. וואָס איז די איילעניש?

און פאַר'ן איינשלאָפען וואַרפט זיך נעבעך דער אַלמן אויף אַלע זייטען, זיפצט און קרעכצט... מיס הוירשהאָרנ'ס שעהנע, גע־שמאַקע זאַכען לאָזען איהם ניט רוהען... זיין פאַנטאַזיע אַרבייט, און ער „זעהט" איהרע נאַקעטע אָרעמס און ברוסטען, איהר גאַנצען

ערפער, וואס ער האט נאך קיינמאל געזעהן, און וואס איז פערשלאסען אין איהר שווארצען קלייד. ער פערוואונדערט ביידע ארעמס אויף דעם ליידיגען קישען ביי זיין זייט, נעהמט אן הויי-פענס פון צודעק און אונטערגעבעט; כאפט זיך אויף א פאר מאל מיט שווערע זיפצען און קרעכצען... און זוכט.

און די מאמע דארט, אין איהר קאמער, זיפצט און קרעכצט אויף איהר זוהן'ס זיפצען און קרעכצען: ער קען איהר ניט פער-געסען... ער האט נעבעך גרויסע יסורים...

.3

די צייט געהט.

בליצער זיפצט נאך אלע טאג, א פאר מאל דורד'ן טאג, אז איהם קומט נאר ארויף אויפ'ן געדאנק זיין פערשטארבענע פרוי. נאר דאס טרעפט אלץ ווען ער איז „אויטסייד". „אינסייד" פא-סירט דאס ניט מיט איהם; ער איז צו ביזי מיט'ן קוקען אויף זיין בוכהאלטערקע, און קומט אלע ווייל צו צו איהר פלייצע מיט ניט-וויכטיגע קשיות און שאלות: „אקאונטס", „סטייטמענטס", „בילס". מיס הוירשהארן פערשטעהט זיך גוט אויף איהם, און זי ווארט. זי איז כמעט איבערצייגט ביי זיך, אז ער וועט לאנג ניט אויסהאלטען, ער וועט מוזען זאגען, וואס ער האט אויפ'ן הארצען. זי איז ניט זיכער, אז ער וועט קומען מיט א בימע, זי זאל מיט איהם חתונה האבען, — דאס ניט, אין אזא זאך קען מען ניט זיין זיכער — אבער זי האט געמענט שווערען, אז „עפעס" וועט פארקומען. און זי האט זיך פארבערייטעט, ווי צו „עקטען", וואס צו טהאן און רעדען, ווי די זאך זאל ניט פארקומען.

און דער מאמענט איז געקומען.

מיס הוירשהארן האט זיך פערשפעטיגט אין אפיס, — א זאך, וואס זי האט אין דער לעצטער צייט געטהאן גאנץ אפט. זי איז כלומר'שט שטארק ביזי מיט די ביכער, טאר ניט איבערלאזען אויף מארגען. אין גאנצען פלאץ איז שוין קיינער ניט געווען,

נאָר זי האָט גערעכנט, אַז בליצער וועט נאָר אַריינקומען פון ביז־נעס. דעם גאַנצען נאָכמיטאָג איז ער געווען „אויטסייד“, ווי שיקט עס זיך, אַז ער וועט ניט קומען! אין אָפיס איז געווען הייס און זי איז געווען הונגעריג, נאָר זי איז געזעסען און זיך געלאַנג־ווייליגט און געוואַרט, עס זאָל זיך עפענען די טהיר.

בליצער איז אַריינגעקומען, אַראָבגענומען פון זיך דעם ראָק און די שטרויענע העט, און זיך אַרומגעווישט דעם שוויים פון שטערען. ער האָט דאָ אייגענטליך גאָרניט געהאַט וואָס צו טהאָן איצט, — און ער האָט געמעגט געהן פון גאַס אַהיים; ער איז אויך ניט זיכער געווען, אַז ער וועט איהר טרעפען אין אָפיס, נאָר פונדעסטוועגען האָט ער גענומען אַ „טשענס“.

— אַזוי שפּעט? — האָט ער איהר געפרעגט, אַזוי ווי ער וואָלט געווען איבעררעשט טרעפענדיג איהר דאָ.

— כ'האָב געוואָלט פרעגען אייך, — האָט מיס הוירשהאָרן געענטפערט — וואָס איך זאָל טהאָן מיט די פלעטבוש ריליייאייבעל שאָפּ. ס'קומט ניט קיין ענטפער אויפ'ן צווייטען סטייטמענט, און באַלד איז שוין אויך „דיו“ דער לעצטער ביל „מוירטשענדייז“.

— געהט דורך דעם „אַקוואַנט“, פּליעז, — האָט ער געבעטען.

זי האָט זיך גענומען צו די ביכער, און ער האָט זיך געשטעלט ביי איהרע פּלייצעס.

מיס הוירשהאָרן איז דיעזען אָבענד געווען שעהנער, רייצענ־דער, אָפּטימיסטיגער, ווייסער און רויטער, ווי ווען עס איז פריהער, — אַזוי האָט זיך בליצער'ן אָבגעדאַכט. איהם איז איצט אין דער לינקער פּאָה ניט געלעגען די פלעטבוש ריליייאייבעל שאָפּ. ער האָט געשלונגען מיט ברענענדיגע אויגען איהר גרויסען באַרג האָר מיט די קעמעלעך און שפּילקעס, איהר אָבגעקאַלכטע באַק, איהר האַלז, די שטיק אויסגעשניטענע ברוסט... און ער האָט זיך פער־לאָרען, ניט געקענט זיך מעהר צוריקהאַלטען — — מיטביידע הענד אַ נעהם געטהאָן אומגעלומפּערט איהר קאָפּ און גזל'ניש, מיט'ן גאַנצען כח, אַ קוש געטהאָן איהר האַלז, שיער ניט אַריינ־געלאָזען די שאַרפע צייהנער.

— אויטש! — האָט מים הוירשהאָרן אַ קוויטש געטהאָן און איז אויפגעשפּרונגען פון איהר פּלאַץ.

בליצער איז געווען שטאַרק צושראָקען, די הענד האָבען ביי איהם געציטערט, און ער האָט זיך געשעהמט אַנקוקען איהר, ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט זיך. איהם האָט ביטער פערדראָסען פאַר זיין טהאָט, און ער האָט אויך רחמנות געהאָט אויף מיס הוירשהאָרן. ער איז זיכער געווען, אַז זי וועט מעהר ניט קומען... ער וועט איהר מעהר ניט זעהן...

מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען האָט מיס הוירשהאָרן גענומען פאַרטיג מאַכען זיך אַוועקצוגעהן. דוקא ניט געאיילט זיך צו אַנטלויפען, נאָר לאַנגזאַם, פאַוואָלינקע.

— זעצט זיך אַ ווײַלע, מיס הוירשהאָרן! — האָט בליצער זיך געבעטען ביי איהר.

— צו וואָס? — האָט זי געזאָגט, אַלץ מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען, אָהן כעס, נאָר אַ בעליידיגטע, אַ טיעף־געקרענקטע, און אַזוי ווי שלינגענדיג איהרע טרעהרען.

— מיס הוירשהאָרן, — האָט בליצער ווייטער געבעטען, — טהוט דאָס מיר, זעצט זיך אַ ווײַלע, געהט נאָך ניט!

— צו וואָס? — האָט זי אַלץ ניט פערשטאַנען, ציהענדיג די לאַנגע שפּילקעס פון העט.

— געהט ניט אַוועק, זעצט זיך, — איז ער צוגעשטאַנען, איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו איהר, לייכט אַרויסגעצויגען די העט פון איהר האַנד. — מיס הוירשהאָרן, איך האָב אייך ליעב... — ער האָט אָנגענומען איהר האַנד, און ווידער געבעטען זיך: — זעצט זיך... איהר גלויבט מיר ניט, אַז איך האָב אייך ליעב?...

— און וואָס וועט זיין, אַז איך גלויב? — האָט זי שוואַך געשמייכעלט.

— איך האָב אייך ליעב, — האָט ער גערעדט, און אָנגענומען איהר האַנד.

זי האָט אַוועקגענומען די האַנד, און זי איז נאָך אַלץ געווען אומעדיג, דערשלאָגען, בעליידיגט.

מיס הוירשהארן האט געהאט אנגעגרייט רייד און פאדערונ־
גען, אז דער מאמענט וועט קומען, נאר זי האט זיך געכאפט, אז
עס וועט גלייכער זיין צו לאזען איהם ריידען; אז זי זאל דערווייל
שווייגען. זי האט געזעהן, אז ער איז דערשראקען און אין גאנ־
צען „גרין", איז דאך דאס בעסער, ווי זי האט אליין געוואונשען.

— מיס הוירשהארן, איהר קענט דאך מיר שוין אביסעל! —
האט בליצער געערעדט מיט הארץ. — איך בין אן עהרליכער מאן;
כ'האב קיינעם קיינמאל ניט אבגענארט... איך וואלט זיך אזוי
ניט בעגאנגען, אז איך וואלט אייך ניט געליעבט...

בליצער האט פריהער ניט געקלעהרט פון חתונה האבען מיט
איהר. איהם האט געצויגען צו איהר, און ער האט געקוקט גאר
אהן שום רעכענונג; נאר אין זיין איצטיגער לאגע האט ער ניט
געהאט וואס צו זאגען איהר און ניט געוואוסט, ווי אזוי צו גע־
רעכטפערטיגען דעם אונרעכט, וואס ער איז געגען איהר בעגאנ־
גען... און דערצו האט ער נאך געפיהלט, אז ער מוז איהר האבען,
ער מוז! עס קען אנדערש ניט זיין!

— איך האב אייך ליעב, — האט ער געערעדט. — איהר ווייסט
וואס פאר א מענש איך בין... איהר ווייסט מיין גאנצע ביזנעס...
עס וועט אייך ביי מיר ניט פעהלען... איך וועל אייך ליעבען און
שעצען, אז איהר וועט זיין מיין פרוי... גלויבט מיר...

זי האט ערנסט געענטפערט:

— איך האב קיינמאל וועגען דעם ניט געטראכט און ניט גע־
דענקט. איך וויל האבען צייט, איידער איך גיב אייך מיין ענט־
פער.

אזוי איז געווען אויף מיס הוירשהארן'ס פראגראם צו ענט־
פערען, אז דער מאמענט וועט קומען. נאר איצט האט איהר שוין
פערדראסען, צו וואס זי האט דאס געזאגט: דערווארטען קען
ערגער מאכען...

איהר ענטפער האט איהם נאך מעהר צורייצט.

— פאר וואס קענט איהר ניט ענטפערען שוין? — האט בלי־

צער זיך ווייטער געבעטען. — איהר זייט ביי מיר אין אפים א לאנגע צייט... איהר ווייסט, ווער איך בין.

ער האט ווידער גענומען איהר האנד, נאר זי האט די האנד מעהר ניט אוועקגענומען פון איהם. זי האט זיך געהאלטען אזוי, ווי זי וואלט געווען ארייננעטהאן אין טיפע געדאנקען... ווי פערטרונקען... זי ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהר...

זי האט איהם גארניט צוגעזאגט; ער האט אבער פערשטא־נען, אז ער האט זיין ציעל עררייכט... ער האט זיך געזעצט מיט איהר אין ווייטען ווינקעל אויפ'ן זאפע און איהר געקושט און געביסען, און איהר געגלעט, און ער איז ענדליך צוגעקומען און גע־האלטען אין זיין האנד דעם ווייטען, ווייטען, פערבאטענעם „פינק" שלייפעל. זי האט אבער אלץ געשוויגען און איהם גארנישט צו־געזאגט; נאר צום סוף האט ער שוין אליין פערשטאנען, אז זי איז וויליג צו ווערען זיינע אויף אלע מאל. נאך פיעל בעטען זיך, האט ער פון איהר ארויסגעקראגען א קוש, און אזא מין קוש איז דאס געווען, אז בליצער האט געפיהלט, אז זי ווייס גארניט וואס דאס איז אזוינס קושען זיך; זי ווייס ניט, „מיט וואס מען עסט דאס". ער איז אבער געווען צופריעדען מיט דעם „געבאטשטען" קוש איהרען; ער איז געווען גליקליך.

עס איז געווארען שפעטליך. ער האט געמוזט געהן אהיים. די מאמע וועט דארט ניט וויסען, וואס איבערצוקלעהרען. זיי האבען אבגערעדט צו טרעפען זיך נאך סאפער ביים פארק.

אין א פינסטערען ווינקעל אין פארק, אויף א באנק, האבען זיי דעם אבענד לאנג גערעדט און בעשלאסען, ווי צו בעגעהן זיך אויף ווייטער. דערווייל מוז זייער ליעבע בלייבען א געהיימניס, קיינער טאר ניט וויסען. זי וועט בלייבען זיין בוכהאלטערקע ווי געווען, און אין שאפ און אין אפים וועלען זיי זיך אנגעהן ווי פריהער — מען זאל זיך גארניט אנשטויסען. פארוואס עפעס אזא גוואלדיגער סוד? בליצער האט ניט געהאט דאס הארץ ארויסצוקומען פאר דער וועלט מיט זיין נייער ליעבע. ער האט געמיינט, אז אלע, די גאנצע וועלט, האט מיט איהם מיטגעקלאגט

אויף דעם טויט פון זיין פרוי. טא ווי זשע קען ער זיין אזוי שלעכט?... ער האט דאס ניט ארויסגעזאגט פאר מים הוירש־הארן, — פאר איהר האט ער געהאט אנדערע אורזאכען. זי איז אויף אלץ געווען צופריעדען, איהם אלצדינג געגלויבט. זי האט געזעהן, געפיהלט און פערשטאנען, אז ער גארט איהר ניט, ער מיינט עהרליך מיט איהר, און זי איז געווען העכסט גליקליך. זי האט דאך באלד געזעהן, אז דאס איז ניט „יענער", א גאנץ אנ־דער סארט מענש. נאר פונדערסטוועגען האט זי פעסט אבגעמאכט ביי זיך, אז זייער ליעבע פאר דער חתונה וועט געהן אזוי ווייט, , און ניט ווייטער, — קיינמאל וועט שוין מיט איהר ניט פאסי־רען, וואס עס האט פאסירט. נאר בליצער האט פון איהר איבע־ריגס ניט פערלאנגט. דאס וואלט געווען געגען זיינע פיינע גע־פיהלען פאר איהר.

יעדען טאג פערבלייבען חתן־כלה שפעטליך אין אפיס און האבען זיך דארט שטארק ליעב. עטליכע מאל דורך דער וואך פערברענגען זיי ביז שפעט, שטארק בעהאלטען אין פארק.

אין זיין גרויס שמחה, אין זיין גליק, האט זיך בליצער'ן זעהר געוואלט אלעס דערצעהלען זיין מאמע, אבער וויעדער די זעלביגע זאך: די מאמע איז נאך צובראכען פון איהר זוהנס אונגליק, — ווי קען ער דערצעהלען איהר? און אזוי פריה! נאר מעהר ווי ביז'ן יאהר וועט ער ניט ווארטען, — אזוי האט ער צוגעזאגט מיס הוירשהארן. זיין אוועקגעהן עטליכע מאל אין וואך נאך סאפער ער־קלעהרט ער מאטע־מאמע, אז דאס איז ביזנעס: ער האלט אין „אויפפיקען א נייעם טרייד".

בליצער'ס מאמע האט שטארק געקלאגט אויף דעם טויט פון איהר יונגע, גוטע שנור. אבער נאך אלעמען, איז די מאמע אין איהר געווען שטארקער, ווי די שוויגער. איהר זוהן איז יונג און ער מוז נאך לעבען אויף דער וועלט, קלעהרט זי וועגען א שידוך פאר איהם. זי האט אבער רעספעקט פאר איהר זוהן'ס געפיהלען. זי ווייס, אז זיין וואונד איז נאך אפען, ניט אנגעהויבען זיך פער־היילען, קען זי ביי זיך ניט פועל'ן צו ריידען מיט איהם פון אזעלכע זאכען. זיווארט, זאל כאטש אוועקגעהן דאס יאהר. אבער נאר

איננאנצען שוויינען, איז שוין פאר איהר צו שווער, — רעדט זי זיך אפּט דורך מיט'ן אלטען.

— הערשעל קען נעבעך א מינוט אן איהר ניט פערגעסען.

— א יונגער מענש! — ערקלעהרט דער אלטער.

— דער לעבעדיגער מוז דאך אבער לעבען, — זאגט די אל־טע. — ווען ווערט א יאהר?

— זי איז נעשטארבען, דאס איז געווען, — חשבונ'ט דער אלטער — זיעבען טעג אין אב, א טאג פאר ערב תשעה באב.

— נאכ'ן יאהרצייט וועל איך מוזען ריידען מיט איהם, — זאגט די מאמע.

נאר וואס נעהנטער עס קומט צום יאהר, ווערט די מאמע אלץ מעהר און מעהר אונרוהיג וועגען איהר זוהן: זי זעהט דאך, אז ער קען פארט ניט פערגעסען, און וועט אפילו ניט וועלען צו־הערען זיך צו איהרע רייד. מיט יעדע נאכט, וואס קומט נעהענ־טער צום יאהר, פערבערענגט ער אלץ ערגערע נעכט. זי הערט זיינע קרעכצען און זיפצען, און אז זי שפּיצט אוים די אויערען קען זי הערען, ווי ער ווארפט זיך און שליידערט זיך דארט אין זיין בעט... „ער קען ניט פערגעסען", זיפצט די מאמע, „יענע געהט איהם א מינוט פון זינען ניט ארוים".

# דער געדאַנק

דער געדאנק האט זיך אריינגע׳גנב׳עט אין רעכטען הארץ פון זיין שטארקער ליעבע און צערטליכע געפיהלען, מיט וועלכע ער איז שטענדיג געווען איבערפילט דורכ׳ן טאג, טהוענדיג זיין אר־ בייט — זיין ליעבע פאר זיין יונגער פרוי און קינד, אן עופה׳לע. זיין ליעבע איז געווען א ווילדע, א חיה־ אדער א בהמה־ליעבע, נאר מיט דעם אונטערשיעד, וואס די חיה אדער די בהמה טראכט ניט אין איהר ליעבע פאר די איהריגע, אז עס קען אן אונגליק פאסירען און זי קען די איהריגע פערליערען. זי נעהמט זיך וועהרען און קעמפפען ערשט דאן, ווען מען וויל אוועקרייסען פון איהר איהרע נאהענטע. ער האט אין זיין ווילדער ליעבע ניט אויפגעהערט אויך טראכטען פון דעם, וואס ער וואלט און ועט טהאן ווען מ׳זאל ווע־ לען אוועקנעהמען איהם פון זיי, אדער זיי פון איהם. ער וואלט די וועלט חרוב געמאכט, ער וואלט דער׳הרג׳עט זיך און אלעמען.

אזוי איז אויך געווען, ווען ער האט זיך אין איהר פערליעבט; אין די קורצע צייט פאר זייער חתונה. ער האט געליעבט ווי א ווילדער, און ניט אויפגעהערט טראכטען, וואס עס וואלט געווען, אז ער זאל איהר פערליערען, מ׳וועט וועלען אוועקנעהמען איהר פון איהם... אליין ניט זיכער געווען, זיך געשראקען און געציטערט. און יעדעם מאל, וואס ער איז זיך מיט איהר צוזאמענגעקומען, האט ער אויף איהר געפארשט, געזוכט עפעס אויף איהר, וואס זאל איהם ווייזען, אז ער איז ניט געזיכערט... געפארשט מיט שפיציגע אויגען, מיט זייטיגע פערשטעלטע רייד און פראגען... און עס האט זיך איהם אלע מאל געוואלט עפעס אויסגעפינען... און ער וועט ווייזען וואס ער קען און וועט טהאן... נאר ער האט נאר־

ניט אויסגעפונען. איהר ליעבע צו איהם איז געווען אן אמת'ע און עהרליכע, און אזוי שטארק ווי זיינע, נאר אהן די רויהקייט פון זיין חיה־בהמה־ליעבע. און אז ער איז געווארען א פאטער, האט זיך זיין ליעבע, זיין צווייפעל און פארשען פערדאפעלט...

דער מאדנער בייזער געדאנק האט זיך איין איהם אריינגע־גנב'עט, זיך צושפרייט, בעפעסטיגט און געוועלטיגט איבער זיין קאפ און הארץ. און ער האט ניט געמאכט דעם מינדעסטען פער־זוך דעם דאזיגען געדאנק צו פערטרייבען, ניט לאזען איהם אויס־וואקסען. פערקעהרט גאר, איהם האט עס הנאה געטהאן, — ער איז ענדליך דאך עפעס דערגאנגען, דערפארשט... ער האט זיך דערטראכט צו דעם געדאנק, אז זי האט אייגענטליך ליעב ניט איהם גופא, נאר דאס, וואס ער האלט אויס איהר מיט'ן קינד. איהם גופא האט זי גאר קיינמאל ניט געליעבט, נאר זי איז מיט איהם געגאנגען און מיט איהם חתונה געהאט, ווייל זי האט זיך געוואלט בעסער מאכען, לעבען גרינגער, זיך פערזארגען... דער געדאנק ציהט זיך און ברענגט איהם א ראיה אז עס איז אזוי: אז ער וואלט איהר קיינמאל ניט געזאגט, אז ער האט איהר ליעב און מיט איהר ניט חתונה געהאט, וואלט זי איצט געהאט אן אנדערען... אליץ איינס פאר איהר: ער, צו אנאנדערער... און זי וואלט איהם ניט געליעבט און מיט איהם געווים קיינמאל ניט חתונה געהאט, אז ער וואלט ניט פערדיענט עטליכע און צוואנציג דאלאר א וואך, נור פינף־זעקס... די אמת'ע ליעבע איהרע זעהט ער גאַיץ גרינג: דאס איז אנאנדער ליעבע — איהר ליעבע צום קינד; אז דאס קינד איז עפעס ניט געזונד געווען, האט זי געוויינט און געקלאגט, זיך געריסען די האר פון קאפ. זי האט דאס ניט געטהאן, ווען ער איז געווען ניט־געזונד; זי איז געווען פערזארגט, זי האט איהם אבגעהיט, און זי האט זיך געפרעהט, ווען ער איז געזונד געווא־רען, — דאס איז איהם אבער גאר קיין וואונדער ניט: ער אר־בייט און האלט אויס און פערזארגט איהר מיט'ן קינד...

ער פיהלט, ער איז זיכער, אז דאס איז אזוי. אנדערש

קען גארניט זיין. און אט איז נאך א שטארקערער בעוויין: וואס וואלט געווען, אז ער הערט אויף ברענגען געלד? — זי וואלט איהם געווים ניט געשוויגען!... ער מוז ארבייטען און ברענגען געלד!... זאל ער דאס ניט טהאן, וועט זיך אבטהאן מעשים, און זי וועט אוועקגעהן פון איהם... און וואס עס זאל ניט פאסירען, וועט זי ס'קינד ניט איבערלאזען און אוועקגעהן, און פון איהם וועט זי אוועקגעהן, ווען ער וועט נור אויפהערען אויסהאלטען איהר, געבען איהר געלד... דאס איז דאך קלאהר. זי וועט אוועק פון איהם און אוועקגעהן צו אנאנדערען, וועלכער וועט איהר געבען וואס זי דארף, ווי זי וואלט דאס געטהאן, אז ער וואלט מיט איהר ניט חתונה געהאט; אז ער וואלט ניט געמאכט זיינע עטליכע און צוואנציג דאלאר די וואך...

ער ראיעט זיך אין גערדאנק, און ער זעהט, ווי זיין ווייב האלט אויף די הענד ניט זיין קינד, נור יענעמס, מיט וועמען זי וואלט חתונה געהאט און וועמען זי וואלט „געליעבט", אז ער וואלט ניט געקומען צו איהר מיט זיינע עטליכע און צוואנציג דאלאר א וואך.

און אז ער קומט אין אבענד צו זיך אהיים און געפינט דעם טיש געגרייט, און זי איז צו איהם גוט און פריינדליך, דערזעהט ער אויף איהר, און ער דערהערט אין איהר יעדען ווארט א מין רייצען־זיך מיט איהם: דאס איז אלץ, ווייל דו ברענגסט געלד; ווייל דו האלטסט אוים מיין הויז, — מיר מיט מיין קינד... דו וועסט דא ניט קענען זיין איין וואך, איין טאג אפילו, אז דו וועסט אויפהערען ברענגען געלד... ס'וועט זיין אנאנדערער... פרוביר נור טאקע, וועסטו זעהן...

שפעט ביינאכט, אז ער האט ניט געקענט איינשלאפען און האט געטראכט פון דעם, ווי דא וואלט איצט לעבען איהר געלענען אנדערער אויף זיין פלאץ, ווען ער וואלט ניט פערדיענט אזוי פיעל, און ווי עס קען גאר זיין, אז זי וועט ווען־עס־איז ליעגען ביי אנ־אנדערענס זייט, האט ער גענומען ריידען צו איהר פערשטעלט, גע־

פּאַרשט, וואָס ער האָט אַליין געהאַלטען פאַר גאַנץ איבעריג, — ער איז דאָך געווען זיכער אין דעם. איהם האָט זיך געוואָלט עפּעס ארויסקריגען פון איהר, וואָס זאָל נאָך מעהר פערשטאַרקען זיין זיכערהייט.

— וואָס וואָלט געווען, — האָט ער אנגעהויבען, — אז איך ארבייט ניט און ברענג דיר ניט קיין געלד?

—רייד ניט אזוי הויך, — האָט זי געזאָגט — וועסט אויפוועקען ס'קינד. וואָס האָסטו געזאָגט?

— וואָס וואָלסטו געטהאָן, אז איך האָב שבת ניט קיין געלד?

– צו וואָס פרעגסטו דאָס? עפּעס טראָבעל ביי דער אר־בייט?

ער האָט אויפגעכאַפּט דעם שטילען שרעק אין איהרע ווער־טער, און דאָס האָט איהם הנאה געטהאָן.

— ס'וועט אפשר זיין טראָבעל — האָט ער איהר געזאָגט א ליגען.

— וואָס איז דער מעהר? — האָט זי געפרעגט שוין מיט גאַנץ בולט'ן שרעק.

— כ'ווייס נאָך ניט... וואָס וועט זיין אהן געלד?

— א פּאָר דאָלאַר האָבען מיר דאָך דערווייל.

— אָבער דערנאָך, אז ס'וועט שוין ניט זיין?

— וועסטו מוזען זעהן צו פערדיענען. וואָס איז דאָרטען ביי דיין ארבייט?

ער האָט געכאַפּט! ער האָט וואָס ער דאַרף: ער וועט מו־זען פערדיענען!... ער וועט מוזען ברענגען מעהר געלד! דאָס איז איהם אָבער נאָך ניט גענוג; ער מוז הערען נאָך. ער פרעגט:

— אָבער אז איך וועל ניט וועלען?

— איך פערשטעה ניט, וואָס דו רעדסט.

זי פערשטעהט ניט! זי פערשטעהט שוין גאָר גוט!...

— אָבער, וואָס וועט זיין, אז איך וועל ניט וועלען פערדיענען און דיר ניט געבען קיין געלד?

זי האָט גערעכענט, אז זיינע פראַגען האָבען עפּעס א צוזאַ־

מענהאַנג מיט'ן טראַבעל ביי זיין אַרבייט, האָט זי איהם גע־טרייסט:

— ווערסט אַרבייטען, ווערסט פערדיענען. ווערסט דאָך מוזען מאַכען אַ לעבען.

זי האָט אַרויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער געלאַסען, גוט־מוטהיג, — אייגענטליך געטרייסט איהם; אָבער ער האָט אין זיי געהערט אַ מוז, אַ סטראַשונאַק, אַ נצחון איבער איהם... אויב אַנדערש, וואָלט זי דאָך געזאָגט איהם, ער זאָל זיך ניט זאָרגען וועגען געלד; געלד איז ביי איהר גאָרניט... ער אַליין איז ביי איהר די הויפּטזאַך... זי האָט ליעב איהם... אָבער... ער כאַפּט זיך, אַז ווען זי וואָלט דאָס איהם געזאָגט, וואָלט דאָס ערשט געווען נאָך אַ בעסערער בעוויז, אַז ער איז גערעכט... זי וואָלט דאָך עקסטראַ צו איהם גערעדט אַזוי גוט, כדי ער זאָל זיך ניט כאַפּען, ער זאָל ניט פערשטעהן. וואָרים, אדרבא, זאָל ער טאַקע פּראָבירען אויפהערען ברענגען געלד, וועט ער שוין אויסגעפינען...

ער האָט פּראָבירט נעהמען די זאַך פילאָזאָפיש: אַזוי איז דאָס, און עס קען אַנדערש ניט זיין. אַזוי איז דאָך מיט אַלעמען, און אַזוי איז אויך מיט איהם. ער האָט געפּראָבירט פילאָזאָפירען וועגען די פרויען אין אַלגעמיין: זיי זיינען דאָך אויף דעם בע־שאַפען, מ'זאָל פאַר זיי אַרבייטען און זיי אויסהאַלטען; ער איז ניט דער איינציגער... אָבער די דאָזיגע פילאָזאָפיע זיינע האָט איהם ניט געהיילט... אין רעכטען פילאָזאָפירען האָט איהם עפּעס געפּיקט אַ האַמערעל און געקלאַפּט: „דו ווילסט זיך איינריידען, דו ווילסט זיך אָבנאַרען. און אַז מיט אַלעמען איז אַזוי, — איז וואָס? דער אמת בלייבט אמת: דו אַליין ביזט גאָרניט, ניט דיך ליעבט זי, זי דאַרף דיין געלד און דו מוזט געבען... פּראָביר נור ניט געבען, ווערסטו זעהן... וואָלט געווען אַנאַנדערער — וועט זיין אַנאַנדערער...

און איינמאָל האָט עס איהם געטריבען; ער האָט ניט געקענט מעהר שטיקען אין זיך, און ער האָט גערעדט צו איהר פּראָסט און אָפען:

— איך וויל הערען פון דיר, און דו מוזט מיר זאָגען: וואָלסטו מיט מיר געוועזן, אַז איך וועל מעהר ניט ארבייטען פאַר דיר; איך גיב דיר מעהר קיין געלד ניט; וואָס וואָלסטו געטהאָן? איך וויל, דו זאָלסט מיר זאָגען?

זי האָט איהם אָנגעקוקט מבולבל און טאַקע גלייך זיך דער־שראָקען, דערזעהענדיג זיינע פאַרשענדע, דורכדרינגענדע אויגען, וועלכע האָבען געוואָרענט און געסטראַשעט. איהר איז געוועזן גוט בעקאַנט דער דאָזיגער קוק פון זיינע אויגען נאָך פון יענער צייט, ווען ער האָט געמיינט, אַז ער איז ניט זיכער מיט איהר, און אַלץ געפאַרשט פון איהר. זי האָט אָבער שוין לאַנג ניט געזעהן אין איהם דיעזע אויגען און האָט שוין געהאַט פערגעסען דעם טעם... זי האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז ניט לאַנג צוריק האָט ער ביי איהר געפרעגט אַזאַ מין שאלה... זי מעג זיך אויף עפּעס ריכ־טען... און זי מוז זיך היטען מיט איהר ענטפער:

— וואָס פרעגסטו מיר אַזעלכע מאָדנע זאַכען? — האָט זי געזאָגט, און דערווייל נאָכגעטראַכט ווי אַזוי צו ענטפערען איהם.

— איך מוז דאָס וויסען! — און די אויגען זיינע האָבען גע־פאַרשט און געסטראַשעט.

איז זי נאָך מעהר צושראָקען געוואָרען.

— איך ווייס ניט, און פרעג מיר ניט אַזעלכע זאַכען.

זי האָט זיך פון איהם אוועקגעקעהרט, ניט געוואָלט איהם ענטפערען מעהר... זי ווייס ניט, וואָס זי קען זיך מיט איהרע רייד אָנמאַכען.

ער האָט איהר ווידער איבערגעפרעגט דאָסזעלביגע, און גע־קראָגען איהר הערצען ענטפער, אַז זי וועט מיט איהם פון אַזעלכע זאַכען איצט ניט ריידען, זי וועט איהם מעהר גיט ענטפערען.

איהר בענעהמונג האָט איהם שטאַרק אויפגערעגט און ביי איהם האָבען אָנגעהויבען ציטערען די פויסטען... נאָר איידער ער האָט נאָך געקענט בעדענקען זיך, ווי אַזוי צו זעטיגען זיין צאָרן, האָט איהם שוין ניט געקימערט פאַרוואָס ער האָט פון איהר

נים אַרויסגעקראָגען קיין ענטפער: איהם וואָלט דאָך דערפון גאָרניט אַרויסגעקומען. דעם אמת קען זי איהם נים זאָגען. און זאָל זי ענטפערען און וועלען בעווייזען איהם, אַז ער איז אונגע־רעכט מיט זיין געדאַנק, — קען ער איהר דאָך נים גלויבען... זי מוז דאָך אַזוי זאָגען...

שפעטער האָט זיך צו איהם צוגעטשעפעט נאָך אַ נייער גע־דאַנק: ער מוז מאַכען אַ פּראָבע און אויסגעפינען. ער וועט אַ געוויסע צייט נים אַרבייטען, נים פערדיענען, וועט ער זיך אי־בערצייגען אויף ריכטיג, איבערצייגען זיך... אָבער וואָס וועט ער מיט דעם אויספיהרען, און ווי וועט ער זיך איבערצייגען: זי וועט דאָך באַלד ווי ער וועט אויפהערען פערדיענען נים אַוועק־געהן פון איהם און געהן צו אַנאַנדערען... ס'וועט זיין נויט, צרות, קריעגערייען, און ער וועט ווידער מוזען אָנהויבען פערדיענען און ווידער געבען איהר געלד... און וואַרטען ווידער אַזוי לאַנג, ביז זי וועט פון איהם אַוועקגעהן, איז דאָך אונמעגליך, — וואָס וועט ווערען פון איהר מיט'ן קינד, פונ'ם הויז, פון איהם אַליין?... און זאָל ער שוין אפילו ברענגען דערצו, אַז זי זאָל פון איהם אַוועק און געהן צו אַנאַנדערען — וויל ער דאָס דען? וועט דאָס איהם צופריעדענשטעלען?... ער וויל דאָך נים, זי זאָל איהם פערלאָזען... און ער שרעקט זיך צו טראַכטען אפילו דערפון... אַ חוץ אַלעמען, איז ער דאָך זיכער און איבערצייגט אין זיינע געדאַנקען און ער דאַרף נים מאַכען קיין פּראָבע.

איין מיטעל בלויז בלייבט פאַר איהם: פערגעסען, נים טראַכ־טען מעהר פון דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט; פערטרייבען פון זיך דיזע געדאַנקען... אָבער דאָס גיט זיך איהם נים איין, און עס פּיקט ביי איהם אין מח, הערט נים אויף האַמערען: „ניט דו! דו ביזט גאָרניט, דיין געלד, דיינע פערדיענסטען...“ און וועגען וואָס ער זאָל נים טראַכטען, מיט וואָס ער זאָל נים פערנעהמען זיין געדאַנק, כאַפּען זיך אַריין דער פּיקערעל און דער האַמערעל, און פּיקט און קלאַפּט...

# בעצאָהלט דעם חוב

איך האָב פּראָסט ניט געוואָלט גלויבען, ווען איך האָב דער־הערט די נייעס, קומענדיג צוריק אין ניו יאָרק, אז בערטא גראָס האָט חתונה געהאַט מיט לואי ליבערמאַן. דאָס איז געווען פאַר מיר אַן אמת'ע איבערראַשונג, כמעט אַן אונגלויבליכע געשעהע־נים. דער שידוך איז געווען אַ גאַנץ קרומער, — ווי אַזוי האָט דאָס גאָר געקענט פּאַסירען?

איך און בערטא גראָס זיינען אַמאָל געווען נאָהענטע בעקאַנ־טע. עס איז ביי אונז ניט געווען קיין ליעבע, נאָר פּשוט'ע פריינד־שאַפט. בערטא איז ניט געווען קיין שעהנע מיידעל, ניט קיין גע־בילדעטע און אפילו ניט קיין „אינטעליגענטע", און דאָך איז געווען אַ פערגעניגען מיט איהר צו פערברענגען. זי האָט געהאַט איהר אייגענעם קוק אויף מענשען און זאַכען. ווענגען חתונה האָבען האָט זי געהאַט איהר אָבגעמאַכטע מיינונג. ס'איז איהר ניט גע־פעלען געווען, ווי אַזוי שידוכים ווערען געטהאַן, — אַבי גענומען און חתונה געהאַט. און אויב זי וועט יאָ אַמאָל חתונה האָבען, וועט אַלץ מוזען זיין ווי זי פערשטעהט: ערשטענס — ליעבע; דאָס געוויס. דאַן מוז זי זיין גוט פערזאָרגט, וואָרים אויף ליעבע אַליין קען מען ניט לעבען. בשעת מען איז פער'שכור'ט, מיינט מען, אַז מעהר ווי ליעבע איז אויף דער וועלט ניטאָ, און מעהר דאַרף מען גאָרניט; דערנאָך איז צרות. דאַן דאַרף „יענער" טאַקע זיין אַ מענש, מיט וועמען עס זאָל זיין אינטערעסאַנט צו זיין שטענדיג צוזאַמען, דעם גאַנצען לעבען אונטער איין דאַך. אמת, מ'קען זיך אַמאָל אין די דאָזיגע אַלע זאַכען אָבנאַרען. אָבער אין דעם קען מען זיך ניט העלפען, — קיינער קען ניט גאַראַנטירען

און מ׳קען זיך ניט בעוואָרענען. אָבער אַם װעניגסטען באַלד אין אָנפאַנג לאָמיך זעהן, אַז פאַר מיר לוינט זיך, אַז איך טהו עפּעס אויף, — ניט גלאַט נעהמען און חתונה האָבען, ווייל מ׳דאַרף חתונה האָבען. וואָס פאַר אַ קונץ איז סקראַבען פּלאָרס, וואַשען וועש, זיך פּרעגלען ביים אויווען, האָבען קינדער און זיך אָרומרייסען מיט׳ן מאַן?

דאַרום איז דאָס מיר געווען אַזאַ וואונדער, ווי אַזוי דאָס האָט פּאַסירט, אַז די דאָזיגע בערטאַ גראָס האָט גענומען און חתונה געהאַט מיט לואי ליבערמאַן, וועלכער האָט ניט פערמאָגט כמעט קיינע פון די אויבען אויסגערעכענטע אייגענשאַפטען: שוואַך, שוועך צו פערליעבען זיך אין לואי ליבערמאַן. קיין נגיד איז ער ניט, גאַנץ ווייט פון דעם — און מיט וועמען צו פערברענגען איז אויך ניטאָ. אַ קנאַפּער חכם איז לואי ליבערמאַן.

מיך האָט ניט געלאָזט רוהען. איך האָב געמוזט אויסזוכען בערטאַ׳ן און זיך דורכריידען מיט איהר.

זי איז געוואָרען איבערראַשט און דערשראָקען, דערזעהענדיג מיך פּלוצלונג. זי האָט געהאַלטען אין שייערען די כלים און איז געווען גאַנץ היימיש אָנגעטהאָן. לכבוד מיר האָט זי אוועקגע־וואָרפען די אַרבייט, געבעטען מיך ענטשולדיגען איהר און איז אוועק זיך אַביסעל „צוקלייבען“.

מיר האָבען גערעדט פון פערשיעדענע זאַכען, פון אַמאָליגע צייטען, איידער איך בין אוועק פון ניו יאָרק, פון אַלטע בעקאַנטע; ווי מיר איז געגאַנגען דורך דער צייט, וואָס איך בין דאָ ניט גע־ווען; עס איז אָבער אַלץ ניט געקומען צו דעם, וואָס איז געווען דער הויפּט־צוועק פון מיין בעזוך: וועגען איהר אַליין, ווי אַזוי „דאָס“ האָט פּאַסירט. זי האָט דערפון אָבגעווייכט, אויסגעמידען ווען־עס־איז צו קומען נאָהענט דערצו, אַרויפגעפיהרט די רייד אויף אימיצען אַנדערש. איך האָב אָבער דאָך אָבגעוואַרט די געלעגענהייט, ווען איך האָב אויסגערעכענט אַז עס „פּאַסט“, און איך האָב געזאָגט:

— און אייך קומט אויך אַ מזל־טוב.

— יא. — האָט זי קורץ געזאָגט

און מיר האָבעןביידע געשוויגען. דאָס איז געווען אַ שווערע שטילקייט, וואָס האָט זיך געזעהן און געהערט... מיך האָט שוין גענומען פערדריסען, צו וואָס איך האָב אריינגעוואָרפען די עטליכע אונאַנגענעהמע ווערטער, וואָס האָבען געשאַפען אַזאַ געדריקטע שטימונג און איהר אריינגעבראַכט אין אַזאַ מאָדנע פערלעגענהייט, — עס האָט אָבער געמוזט קומען דערצו, מיין נייגיערדע האָט געמוזט בעפרידיגט ווערען; איך האָב געמוזט וויסען... אָבער פרעגען ביי איהר האָב איך ניט געקענט... מיר האָבען געשוויגען. עטליכע מינוט זיינען אַזוי פאַרביי, און זי האָט געזאָגט:

— יאָ, איהר האָט געפונען אַ סך זאַכען געענדערט און אויך מיר אַליין.

— אַלעס ענדערט זיך, — האָב איך געזאָגט פילאָזאָפיש. — קיין זאַך בלייבט ניט אויף אַן אָרט. — און געמיינט האָב איך מיט דעם צו טרייסטען איהר, אַז זי איז ניט שולדיג אין איהר ענדערונג.

— איך וויל אייך אָבער זאָגען, — האָט זי ווידער געזאָגט, — אַז איך בין ניט געענדערט געוואָרען; איך האָב מיינע מיינונגען ניט געביטען. איהר געדענקט דאָך אונזערע אַמאָליגע געשפּרעכען. און וואָס איך פלעג זאָגען דאַן, זאָג איך איצט אויך. זייט דאַמאָלס האָב איך אָבער עפּעס אויסגעפונען, וואָס איך האָב ניט געוואוסט.

— וואָס איז דאָס?

— איך האָב אויסגעפונען, אַז מ'האָט אויף זיך קיין דעה ניט; איך האָב ניט געוואוסט, אַז איך בין שולדיג דער וועלט אַ חוב, וואָס איך מוז אָבצאָהלען.

איך האָב ניט בעהאַלטען מיין נייגיערדע און אריינגעקוקט איהר אין מויל, און זי האָט געענדעט:

— איהר זאָלט וויסען, אַז איך בערייך ניט מיין מאַן. איך האָב צו איהם גאָרניט. ער איז אַ מאַן ווי אַלע מענער, און אפשר

נאך אבעסערער. דאס האט אבער ניט צו טהאן מיט אונזערע אמאליגע געשפרעכען, און איך האב נאך היינט אויך יענע מיי־נונגען. איך האב אבער געמוזט בעצאהלען דעם חוב. עס איז געקומען דערצו, אז מיר איז ענג געווארען די וועלט: איך בין אלע־מען שולדיג געווען, אלע האבען ביי מיר געמאנט, און איך האב געמוזט מאכען א סוף דערצו. איך האב עס מעהר ניט געקענט אויסהאלטען. וואו נור א בעקאנטער, האט ער געוואלט וויסען, ווען מען וועט ביי מיר עסען לעקער. קרובים, מוהמעס, פעטערס האבען מיך ניט אבגעלאזען: ווען? ווען? און די, וואס האבען ביי מיר ניט געמאנט, האב איך אבער אויף זיי געזעהן, אז עס לאזט זיי ניט רוהען: פארוואס, פארוואס האב איך שוין ניט חתונה. פון מיין טאטען מיט מיין מאמען איז דאך גימא וואס צו רעדען: זיי האבען מיר פערוויינט די יאהרען און געמאנט, געמאנט. און אז אלטינקע באבע האב איך געהאט, וואס האט פון מיר געמאנט מיט טרעהרען. מיין היים, ביי מיין טאטע־מאמע, איז פאר מיר געווארען דער ערגסטער פלאץ, וואס איך האב זיך געקענט אויסקלייבען — אלעמען אין הויז בין איך שולדיג געווען א חוב. שלעכט צו לעבען, אז מען איז אלעמען שולדיג... וואס דארף זיי, דאכט זיך, קימערען, וואס איך טהו? ווען דארף עס אנגעהן, אויב איך האב חתונה אדער ניט? — דאס האב איך זיך ניט געקענט ערקלעהרען. וועגען קיין זאך וועלען זיך מענשען אזוי ניט נעהמען צום הארצען. מעג איך פיהלען גוט, מעג איך פיהלען שלעכט, מעג איך זיין געזונד אדער קראנק — גארניט, יעדער וועט זיך געהן זיין וועג און מיך איבערלאזען צו זיך אליין. אבער וועגען חתונה האבען — וועגען דעם האבען זיך אלע געזארגט און פון מיר געמאנט: גוטע פריינד און פערשטעלטע פריינד, — אלע, אלע! ווען וועט מען עסען לעקער? ווען וועט מען טאנצען? ווען וועט מען שוין זיין מחותנים?... די גוטע פריינד האבען דאס געזאגט און געפרעגט ווי גוטע פריינד, מיט אן עהרליכען אינטערעס; די פערשטעלטע האבען אבער דערביי געגעבען שטעכווערטלעך. אבער אלע האבען געמאנט, אלעמען בין איך שול־

דיג געווען, און דערנאך האבען זיך גענומען צו מיר אלע דריי מיט אמאל: מיין טאטע, מיין מאמע, מיט מיין באבע. די מאמע און די באבע האבען געוויינט. דער טאטע האט זיך געבייזערט. די שוועסטער מיט די ברידער האבען מיר אויך ניט געשאנעוועט, געקוקט אויף מיר ווי אויף אן איבריגע זאך, וואס האט שוין דארט לאנג ניט געדארפט זיין; ניט געזשאלעוועט קיין שטעכווערטער ביז אין זיעבעטען ריפ. און עס איז געקומען אזוי ווייט, אז איך האב זיך דערפיהלט איינע גענצען אלעמען; איך איינע — גענצען דער גאנצער וועלט, און איך האב געמוזט אונטערגעבען זיך און אבצאהלען זיי, וואס זיי קומט און ווערען א פרייער מענש. איך האב מעהר ניט געקענט אויסהאלטען. איז גראד אונטערגעקומען לואי ליבערמאן, — זאל זיין לואי ליבערמאן, איך האב דאך געזוכט זיך צו ראטעווען. איצט מאנט מען ביי מיר ניט; איצט ארט קיינעם ניט פאר מיר: וואס איך טהו, ווי איך לעב, ווי איך פיהל, צו האב איך געמאכט בעסער אדער ערגער — ניט קיינעמס עסק. מען האט פון מיר איינגעמאנט וואס עס האט געקומט, און קוויט — מען האט מיך אבגעלאזט...

זי האט זיך צולאכט מיט אן אמת־הארציגען געלעכטער. דער גאנצער ערנסט איז פון איהר פערשוואונדען און זי האט געלאכט פון זיך און פון אלעמען, הילכיג און הארציג.

— איך בין געווארען אן אמת'ע אידענע, — האט זי זיך א כאפ געטהאן, האט אנגעטהאן דעם פארטוך און גענומען זיך ווייטער צום רייניגען די כלים. — מיין מאן דארף באלד קומען צו סאפער, און איך האב זיך צופלאפלט.

מיר האבען זיך צוזעגענט. זי האט אבגעווישט די נאסע האנד אן פארטוך און מיר דערלאנגט. איך האב איהר צוגעזאגט ארויפצוקומען איין אן אבענד, ווען איהר מאן איז אין דער היים.

איך האב ניט געהאלטען מיין פערשפרעכען.

# אַ קאָרטענשפּיעלערס היים

אנדערהאַלבען יאָהר נאכאנאנד האט זיך בלאשטיין געהאַל־
טען אין גלייכען וועג. ער האט געהאט אין זינען, אז עס איז
ניט מעהר וואס אמאָל איז געווען. ער איז אַ פערהייראטער מאַן,
און ער האט ניט גענומען אַ קאָרט אין האַנד. ניט מיט אַמאָל,
פּלוצלונג, האט ער אוועקגעוואָרפען די קאָרטען, נאָר דאס איז פאָר־
געקומען ביסלעכווייז. ווען ער האט זיך בעקענט מיט זיין פרוי,
האט ער געשפּיעלט אין קאָרטען כמעט אַלע נאַכט, — אַ פּאָר
מאָל אין וואָך ביז אין טאָג אריין. נאָר אין דער צייט פון דער
ברענענדער ליעבע האט זי, די געליעבטע, גובר געווען דעם קאָר־
טען־יצר־הרע, און ער האט יעדען אבענד פערבראַכט מיט איהר,
איז איהם ניט געבליבען קיין צייט פאַר די קאָרטען, אבער דאָך
האט ער איינמאָל אָדער צוויי מאָל אַ וואָך געשפּיעלט צו פאַר
שטונדען שפּעט ביינאַכט.

די געליעבטע זיינע האט געוואוסט פון די קאָרטען. זי האט
זיך אבער וועגען דעם ניט אינטערעסירט און ניט גענומען זיך
צום הארצען — אַ דאגה, שפּיעלט ער דאָרט אַ ווײַלע. אַ חוץ
דעם, האט זי איהם געזאגט און ער האט איינגעשטימט, אַז ביי
זיי אין הויז וועט קיינמאָל קיין קאָרט ניט אריינקומען.

דער אבמאַך איז ריכטיג געהאַלטען געוואָרען — ביי זיי אין
הויז אין קיין קאָרט ניט אריינגעקומען. בלאשטיין האט ניט פער־
געסען, אַז ער איז אַ פאַמיליען־מאַן, ער האט אַ היים, און ער האט
שוין איינגענטליך געהאט כמעט אין גאנצען פערלאָרען דעם חשק
צו קאָרטען; עס האט איהם מעהר ניט געצויגען אַלע נאַכט אהין,
ווּ דער חברה קאָרטען־שפּיעלער, ווי אין יענע יאָהרען.

אזוי איז אוועק ארום א יאהר און א האלב. עס איז דערווייל געבארען געווארען א קינד.

געוועזן איז דאס א שבת ביי־נאכט, ווינטער. בלאשטיין איז ארויס פון הויז און געזאלט צוגעהן אויף א ווײלע צו א שוועסטער זיינע, וועלכע איז געלעגען קראנק, און ער האט אויפ'ן וועג אנגע־טראפען זיינעם א בעקאנטען פון די קארטען־יאהרען. זיי האבען זיך אבגעשטעלט ריידען. בלאשטיין האט פערשפארט צו פרעגען, וואוהין יענער געהט, — ער האט דאך געוואוסט — אין סע־קאנד עווענױ, צו די קארטען.

— קום ארויף א קוק טהאן אויף א ווײלע, — איז דער בעקאנ־טער צוגעשטאנען.

— כ'וועל בעסער ניט אנהויבען, — האט זיך בלאשטיין גע־האלטען שטארק.

— א קוק טהאן מעגסטו דאך. וואס האסטו מורא? ווי קומט מען דאס ניט ארויף אויף א ווײלע? איך וואלט דאס אסור גע־קענט טהאן!

בלאשטיין האט שוין דערווייל אליין דערפיהלט א חשק אנ־צוקוקען דעם פלאץ און די אלטע בעקאנטע, וועלכע ער האט שוין אזוי לאנג ניט געזעהן, און ער האט זיך מעהר ניט געלאזט פיעל בעטען. ער וועט ארויפגעהן א קוק טהאן און אוועקגעהן.

אין פלאץ איז געוועזן שטארק ביזי — שבת ביינאכט — ס'איז געוועזן ענג, און ס'איז פאר איהם גאר קיין פלאץ ניט געוועזן אוועקצוזעצען זיך שפיעלען, ווען ער וואלט דאס זאגאר געוואלט טהאן. די אלטע בעקאנטע האבען קיין צייט און קיין געדולד ניט געהאט צו פרעהען זיך מיט איהם. ער האט צוגעקוקט צום שפיעל, און ער האט געטראכט, אז ער דארף געהן צו זיין שוועסטער, דערנאך געהן אהיים... נאך א מינוט, נאך א ווײלע — זיין גאנ־צער געדאנק איז אריינגעטהאן געווארען אין די קארטען, און עס זיינען גיך פארבייגעלאפען א פאר שעה. דערווייל זיינען א פאר פון די שפיעלער „געגאנגען געבראכען" און האבען זיך געמוזט

אויפהויבען פון טיש. בלאַשטיין האָט זיך דערפרעהט... ער האָט פערכאַפּט אַ פּלאַץ און דערנאָך אַ קוק געטהאָן אויף זיין זייגער. ער האָט געשפּיעלט, אָבער ער האָט ניט פערגעסען וואו ער גע־פינט זיך און וואָס ער טהוט, און ער האָט אַלע ווייִלע געקוקט אויפ'ן זייגער — די שפּיעל איז איהם ווייניג־וואָס געגאַנגען אין קרעפּטען. ער האָט זיך אויפגעהויבען אַ זייגער צוועלף, אַ גע־פאַלענער ביי זיך — ער איז נאָך קיינמאָל ניט געקומען אַהיים אזוי שפּעט... ער האָט געשפּיעלט אין קאָרטען; ביי די קראַנקע שוועסטער איז ער ניט געווען און האָט נאָך דערצו פערלאָרען זעקס דאָלאַר... זעקס דאָלאַר איז אַ סך געלד, עס קען צוניץ קומען אויף גאַר פיעלע זאַכען... ער האָט געהאַט אַ לעסאָן... ער וועט זיך ניט אריינלאַזען צוריק אין קאַרטען...

זיין געוויסען האָט זיך גיך בערוהיגט. אָבער אויף די זעקס דאָלאַר האָט איהם שטאַרק פערדראָסען — ער מוז צוריק אַרויס־קריגען זיין פערלאָרען געלד און ער וועט מעהר אַהין ניט קומען. ער וועט אריינקומען אַן אָבענד דורך דער וואָך, — ניט שבת ביי נאַכט — כדי ער זאָל ניט קענען זיצען שפּעט... אַרויסקריגען צוריק זיינע זעקס דאָלאַר, און דאָס וועט זיין דער לעצטער מאָל...

דער נאָך פון די קאַרטען האָט געלאַכט פון בלאַשטיין'ס נאַ־רישע געדאַנקען. אַז ער איז צום צווייטען מאָל געקומען אין קאַרטען־פּלאַץ און זיך אַוועקגעזעצט שפּיעלען, איז איהם „גע־גאַנגען אַ קאַרט"; ער האָט גיך אָבגעוואונען זיינע זעקס דאָלאַר מיט נאָך עפּעס דערצו. דאָס איז ניט געווען שבת ביינאַכט; ער איז אָבער אַוועקגעזעסען ביז גאַנץ שפּעט, וואָרים עס איז שווער זיך אויפצוהויבען, אַז עס געהט אַ קאַרט.

און אזוי איז בלאַשטיין צוריק אריינגעשלעפּט געוואָרען אין די קאַרטען.

אין הויז ביי די בלאַשטיינס טהוט זיך חושך.

עס איז שוין ביי איהם אַוועק אזוי ווייט מיט די קאַרטען, אַז ער האָט שוין אפילו אויפגעהערט זיין ווייב זאָגען תירוצים ווע־גען זיין אַוועקגעהן פון הויז און קומען שפּעט אין דער נאַכט. אין

אנפאנג האט ער זיך געשעהמט, זיך נעפלאנטערט אין זיינע רייד, אויסגעטראכט יעדען מאל אנאנדער תירוץ. ער שווערט זיך ניט מעהר, פערזיכערט איהר ניט, אז דאס איז צום לעצטען מאל, אליין אויך מיינענדיג און זיך פערשווערענדיג, אז דאס איז טאקע דער לעצטער מאל. יענע צייט איז שוין פאראיבער. ער פרובירט ווי־ניט־איז טרייסטען און שטילען זיין געוויסען, אז דאס איז ניט אזא געוואלדיגע אונרעכט, און ער ענטפערט דער ווייב מיט חוצפה, אז עס איז ניט איהר עסק. ער איז צו איהר ניט פערקויפט. ער וועט זיך ניט לאזען באסעווען. און געענטפערט אזוי האט ער איהר, אום מיט דעם איינצורײדען זיך אליין, אז ער איז ניט קיין פערברעכען, — ס'הייסט, ער איז גערעכט.

די יונגע מיסעס בלאשטיין איז אויפ'ן העכסטען אופן גע־קרענקט פון דער געשיכטע. איהר מאן, דער געליעבטער איהרער, איהר נאהענטסטער פריינד אין דער וועלט, איז אזוי ווניג מענש, האט אזוי וועניג רעספעקט פאר זיך און פאר איהר... היינט די רציחה דערפון, איבערצולאזען איהר מיט'ן קינד אליין אויף א גאנצע נאכט און אבזיצען ביי די קארטען! עס קען דאך זיין א פייער אין הויז, א גנב קען אריינקומען — וואס קען דען ניט פא־סירען, ווען מען איז אליין אין הויז א גאנצע נאכט מיט א קינד?...

שבת קומט בלאשטיין אינגאנצען ניט אהיים. באלד פון דער ארבייט לאזט ער זיך אוועק אין סעקאנד עווענױ און קומט אהיים זונטאג אין דער פריה; גאנץ אפט מיטאג־צייט. א צוויי־דריי מאל דורך דער וואך — ביז דריי־פיער אזייגער פארטאג.

פערשטענדליך, אז די קארטען האבען מיטגעבראכט מיט זיך אויך אנדערע צרות. די פערדיענסטען היינטיגע צייטען זיינען ניט גרויסע געגוג, עס זאל זיך גרינג לאזען דערפון אראבנעהמען צו פערליערען אין קארטען. געווינט ער — איז גוט; פערשפיעלט ער — האט ער ניט גענוג געלד צו געבען דער ווייב, און ער זאגט איהר צו אויף מאנטאג. מאנטאג זוכט ער צו לייהען ביי בעקאנטע, און ניט אלע מאל קריגט ער. קומט ער אהיים אהן געלד.

און די יונגע מיסעס בלאשטיין איז א שטאלצע פרוי, און זי

וועט זיך ניט לאָזען בויגען און ברעכען. זי איז טיעף געקרענקט און בעליידיגט, אָבער ניט געפאַלען. זי האָט זיך נאָך פון איהר לעבען ניט מיאש געווען. זי ווייס ניט וואָס צו טהאָן, זי ווייס ניט וואָסערע מיטלען אָנצואווענדען, אָבער ליידען און שווייגען קען זי ניט. שרייט זי און מאַכט געוואַלדען.

די לאַגע ביי די בלאַשטיינ'ס אין הויז האָט אויפגעבאַפּט איינער אַ בעקאַנטער יונגערמאַן זייערער, מיט'ן נאָמען פּעדער; אַ בחור פון עטליכע און צוואַנציג יאָהר — בלאַשטיינ'ס אַ שטיקעל לאַנדסמאַן.

פּעדער איז אַ דינער, איידעלער בחור, מיט גרויסע ברילען אין ביינערנע ראַמען, מיט דעם אויסזעהן פון אַ דוכאָווניק, אָדער אַזאַ איינער, וואָס איז שטענדיג אריינגעטהאָן אין עפּעס אַ געדאַנק. שטענדיג האַלט ער אונטער'ן אָרעם אַ פּעקעל ציימונגען און אויך אַ זשורנאַל, וואָס עס זעהט אויס, אַז ער האָט עס ערגעץ צוזאַ־מענגעקליבען, וואָס אַנדערע האָבען איבערגעלאָזען אָדער אוועק־געוואָרפען; אָדער ער האַלט אונטער'ן אָרעם אַ שטייפען פּעקעל אריבערגעצויגען מיט אַ גומענעם בענדעל פון דעם אויסזעהן פון אַ בוך אָדער צוויי. ער האָט געאַרבייט אין אַן אָפיס פון אַ טשאַ־רימי־געזעלשאַפט. ער פלעגט אריינקומען צו די בלאַשטיינס איינ־מאָל אין צוויי־דריי וואָכען, פערברענגען אַ ווײלע אין אַן אָבענד. איצט אָבער, אַז ער איז דערגאַנגען וואָס אין הויז טהוט זיך, קומט ער אריין אָפטער, און דוקא שבת ביינאַכט.

פּעדער איז ניט פערליעבט אין די מיסעס בלאַשטיין. ער קען גרינג לעבען אָהן איהר. נאָר וואָס דען? זי איז אַ יונגע, ניט קיין מיאוס'ע פרוי, און עס וועט זיין גאַנץ גוט פאַר איהם צוצו־קומען צו איהר אַזוי נאָהענט, ווי ער וועט נור קענען; און עס לוינט זיך פאַר איהם צו לעגען אויף דעם אַזוי פיעל מיה, וויפיעל עס וועט זיך פאָדערען.

שבת ביינאַכט איז מיסעס בלאַשטיין אַן אויפגערעגטע, אַ פערבימערטע, אַ בעליידיגטע. באַלד אין דער פריה הויבט זי אָן

מאַגנע פון איהר מאַן: וואו איז זיין מענשליכקייט, זיין כאַ־ראַקטער, זיין בושה און זיין חרפה. און דאָס ענדיגט זיך מיט אַ מיאוס׳ער קריעגעריי. ביידע שרייען און סטראַשען. ער שרייט, אַז ער וועט זיך ניט לאָזען קאָמאַנדעווען און באַסעווען פון איהר, ער מעג געהן און טהאָן וואָס ער וויל; זי שרייט, אַז זי וועט זיך ניט לאָזען בעהאַנדלען אַזוי געמיין און זי סטראַשעט, אַז זי וועט אויך געהן און טהאָן, וואָס זי וויל. זי וויים ניט, וואָס זי מיינט מיט די דאָזיגע ווערטער איהרע, נאָר די צרות, די יסורים, די טיעפע בעליידיגונג ריידען און שרייען אַרויס פון איהר. איהר געלינגט שטענדיג צו דערשטיקען אין זיך איהר געוויין ביז ער געהט אַרויס פון הויז, — זי וויל דאָס ניט ווייזען פאַר איהם — זי האָט פיינט, מ׳זאָל רחמנות האָבען אויף איהר... זי וויל קריגען, וואָס איהר קומט. זי וויינט אָבער לאַנג און שטאַרק, אַז ער איז שוין ניטאָ.

סאַפּער קאָכט זי ניט שבת — ער קומט דאָך ניט אַהיים, — עסט זי וואָס ניט איז. און די לעצטע צייט האָט זי שוין אויפגע־הערט איינקויפען אויף זונטאָג: זי געהט אַוועק מיט׳ן קינד צו מיטאָג ביי איהר מוטער, און לאָזט איהם שלאָפענדיג. דאָס איז געוועזען איהר ערשטער שאָס אין דער מלחמה: זאָל ער זונטאָג עסען דינער, וואו ער האָט נעכטען געגעסען סאַפּער און וואו ער איז געוועזען די גאַנצע נאַכט — זי וועט ניט געהן שטופּען זיך אין בוטשער־סטאָר און אין די אַנדערע פּלעצער אַנצוגרייטען פאַר איהם. פערברענגט זי זונטאָג ביי איהר מאַמע. ער האָט שוין אויפגעהערט האָבען טענות צו איהר דערפאַר; ער וויים, אַז אויפ־שטעהענדיג פון שלאָף זונטאָג שפּעט נאָך האַלבען טאָג אָדער אין אָבענד, דאַרף ער קראַצען אין ברויט־באָקס, זוכען שיריים אין אייז־באָקס, אַרויפשטעלען קאָכען טהעע. אַמאָל געפינט ער מעהר, אַמאָל ווייניגער. קיין צו־להכעים טהוט זי איהם ניט; זי ראַמט ניט אַרויס אַלץ פון הויז, ער זאָל געפינען וואָס ווייניגער. זי נעהמט זיך אָבער ניט די מיה צו פערזאָרגען. און געהענדיג זונטאָג מיט׳ן קינד צו דער מאַמע, איז איהר האַרץ פערקוועטשט פון וועהטאָג

און בזיון — אַ וועלט לעבט, פּערבּרענגט: זי טרעפט אויף איהר וועג טאַטעס און מאַמעס מיט קינדער, מיט בייבי־קערעדזשעס — מ'געהט אַביסעל שפּאַצירען, צו מ'געהט אין מואווינג־פּיקטשורס. און זי געהט אַליין. און מיט וואָס פאַר אַ האַרץ געהט זי... און ער ליעגט דאָרט און שלאָפט אַב דעם טאָג... און אַזוי וועט זיין איבּעראַכטאָג און איבּער צוויי וואָכען!... איהר זאָל אַ מאַן אַזוי טהאָן!... אָבער נעווער מיינד, — זי וועט זיך ניט לאָזען!...

דעם שבת'דיגען טאָג האָט זי איהרע געוויסע הויז־אַרבּייט. אין אָבענד איז שוין פאַר איהר צו שפּעט אַרויסצוגעהן פון הויז, — אַ זייגער זיעבען דאַרף זי לעגען דאָס קינד שלאָפען. בּלייבּט זי זיצען אין הויז און זי האָט גענוג צייט צו טראַכטען פון איהר לאַגע. זי טראַכט פון דער צייט, ווען די ליעבּע צווישען איהר און איהר מאַן איז געווען אויף דער העכסטער שטופע. ווי גוט איהר איז דאָס געווען, ווי גליקליך זי איז געווען!... ווי האָט זי גאָר געקענט ווען פאָרשטעלען זיך, אַז עס וועט קומען דערצו, וואָס איצט... זי האָט אין דעם קיין שולד ניט... אַז ס'וואָלט זיך גע־ווענדעט אָן איהר, וואָלט דאָך איצט נאָך געווען ווי פריהער און ס'וואָלט אַזוי פערבּליבּען אויף אַלע מאָל... און ווי האָט זי געקענט טראַכטען גאָר, אַז ער וועט אַמאָל זיין דער, וואָס ער איז איצט... ער קען דען עפּעס האָבען צו איהר?... האָט זי זיך דען פערזינדיגט געגען איהם?... ניין, זי איז דאָך דיזעלבּע וואָס געווען, נאָר ער איז דער גאַנצער שולדיגער... און זי ווערט איהם אַן אמת'ער שונא. זי וועט איהם ניט מוחל זיין; זי קען איהם ניט מוחל זיין, און זי וועט זיך ניט לאָזען אַזוי בּעהאַנדלען... בּיי איהר קומט אויס, אַז איהר מאַן האָלט איהר גאַרניט פאַר אַ מענש; ער בּענעהמט זיך אַזוי, ווי זי וואָלט גאַרניט עקזיסטירט, און דאָס איז אַזאַ ערנידעריגונג, און וועט זיך דאָס ניט לאָזען, — פון קיי־נעם ניט

פון די צרות איהרע ווייס בּלויז איהר מאַמע — קיין פאַטער האָט זי ניט — און די צוויי איינגערע שוועסטער, און זיי שטיקען אין זיך, דערצעהלען דאָס פאַר קיינעם ניט. די מאַמע האָט גע־

פּרובירט מוסר'ן בלאשטיינ'ען, האָט זי געכאַפּט פון איהם אַז אבשניט, און ער רעדט ניט מעהר מיט איהר. ווייס שוין די מאַמע, אַז אַ ווייב דאַרף ליידען און שווייגען, — וואָס וועט איהר העלפען דער אַרומרייסען זיך מיט איהם? פאַראַן געגוג אַזעלכע ווי ער, און די ווייבער ליעגען אין דר'ערד.

אַלע שבת־ביי־נאַכט קומט פעדער. עס זאָל הייסען, אַז ער קומט אביסעל שמועסען, ווי ער פלעגט דאָס טהאָן פריהער — אַזוי מיינט מרס. בלאשטיין, אָבער ניט ער. ער קומט, ווייל ער ווייס, אַז בלאַשטיין איז ניטאָ אין דערהיים — ער שפּיעלט אין קאַרטען — און זי, די מיסעס בלאַשטיין, איז אַליין, און אַז זי האָט אויף איהר מאַן אַ כעס, זי האַסט איהם.

מיסעס בלאַשטיין איז צופריעדען מיט זיין קומען. ס'איז איהר אומעדיג און לאַנגווייליג, רעדט מען אַ ווילע פון פערשיע־דענע זאַכען. זי דערצעהלט איהם גאַרנישט פון דעם, וואָס עס טהוט זיך ביי איהר אין האַרצען, — זי שעהמט זיך, און וואָס קען ער איהר העלפען?

ער איילט זיך ניט אַוועקצוגעהן.

ער האָט מורא, און האָט ניט דעם מוטה אַרויסצוזאָגען, וואָס ער האָט אין זיינע געדאַנקען און צו וואָס אייגענטליך ער קומט דאָ דוקא שבת ביי־נאַכט. ער ווייס, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טהאָן, און עס קען זיין פאַר איהם גאַנץ געפעהרליך, אַז ער זאָל זיך אַרויסריידען מיט עפּעס, און איהר וועט עס ניט געפעה־לען ווערען... און ער וואַרט, ער היט איהר, טאָמער וועט ער עפּעס דערזעהן, דערקענען אויף איהר, אַז ער מעג צוקומען צו איהר נעהנטער... און ער זיצט אַוועק ביז שפּעט אין אָבענד. און אַז ער הויבט זיך שוין אויף צו געהן, איילט ער זיך נאָך אַלץ ניט, שמייכעלט און חנ'דעלט זיך, און זעצט זיך ווידער אַוועק אויף אַ ווייליכקע. ער האָט ניט וואָס צו איילען זיך. אין דעם איז דאָך קיין געפאַהר פאַר איהם ניטאָ. ביים אַוועקגעהן, ביים „גוד־נייט", דריקט ער איהר האַנד אביסעלע שטאַרקער, ווי מען טהוט עס געוועהנליך, און זיין מינע בייט ער פון אַ שמייכעל אויף ערנסט,

און פערקעהרט — ער איז ניט זיכער, ווי אַזוי דער אײנדרוק וועט זײן שטאַרקער.

און איבערבלײבענדיג אַלײן אין הויז און זיך לעגענדיג שלאָ־פען שפּעט שבת אַבענד, קומט דער מיסעס בלאָשטײן אַרויף אויפ'ן געדאַנק און זי טראַכט, פאַר וואָס איז דאָס אַזוי, פאַר וואָס דאָס זאָל אַזוי זײן, אַז בײ איהר אײגענעם מאַן איז רעכט גאַרניט צו קומען פון דער אַרבײט און פערגעהן גלײך צו די קאָרטען, ביז מאָרגען אין דער פריה, ניט זעהן איהר און דעם קינד אַזוי לאַנג, און דער דאָ, פעדער, אַ פרעמדער, ס'איז ניט זײן הויז, ניט זײן ווײב און ניט זײן קינד, קומט צוגעהן און זיצט אַב עטליכע שעה?... און דער פּראָסטער שכל איהרער לעהרענט איהר און בעווײזט איהר די פּשוט'קײט פון דער זאַך: אַז מ'האָט ליעב אַ מענשען, גלײכט מען צו זײן מיט דעם מענשען וואָס מעהרער, מ'זוכט צו קומען וואָס ניבער צו דעם מענשען... דער מאַן איה־רער טהוט דאָס ניט; מעהר ווי אַ מעת־לעת איז ער גאָר אין דערהײם ניטאָ — צוויי מעת־לעת! — ער געהט אַוועק שבת פריה, און זי זעהט איהם ווידער מאָנטאָג... איז דאָס דאָך פּראָסט און אָפען: ער „קעהרט" ניט, ער האָט איהר ניט ליעב... דער בעווײז איז דאָך פון אויבען־אויף: אין יענער צײט פון חתן־כלה, ווען ער האָט זיך אין איהר פערליעבט און די גאַנצע צײט ביז דער חתונה, און אויך דערנאָך, האָט ער פון איהר ניט אַבגעטראָטען, אַלץ געוואָן צוזאַמען מיט איהר, — זעהט זי דאָך, וואָס דאָ טהוט זיך... און די דאָזיגע געדאַנקען ברענגען איהר שוין אַרויף אויף פעדער'ס אַבזיצען מיט איהר אין הויז עטליכע שעה נאָכאַנאַנד. זי איז אַזוי ווײט ניט אויסגעקליגעלט צו פער־שטעהן, אַז פעדער'ס זיצען דאָ האָט טאַקע דירעקט צו טהאָן מיט איהר מאַנ'ס ניט זײן אין הויז. פעדער קומט שבת, ווײל מאָרגען איז זונטאָג, דאַרף ער ניט אויפשטעהן פריה. אָבער פאַר וואָס קומט ער דאָך צו איהר?... קען ער דען ניט געפינען אַנדערע פּלעצער, וואו ס'איז פרעהליכער, וואו ער קען פערברענגען בע־סער?... און דערזעלביגער פּראָסטער שכל לעהרענט איהר, אַז

פעדער קומט צו איהר אויף עטליכע שעה צוליעב דיזעלבע אור־זאכע, פאר וואס איהר מאן קען אויסקומען צוויי מעת־לעת ניט זעהענדיג איהר! איהר מאן „קעהרט“ ניט פאר איהר, און ער — פעדער — מסתמא יא.

מיסעס בלאשטיין איז ווייט ניט צופריעדען מיט דעם שלום, צו וועלכען זי קומט. עס טהוט איהר וועה, עס קרענקט איהר, פאר וואס עס האט געמוזט דערצו קומען... זי האט נאך אבער קיין איין מאל ניט א טראכט געטהאן צו מאכען א סוף צו פע־דער'ס וויזיטען; און אין דער טיעפעניש פון איהר הארץ לעבט זי דורך א שטיקעל נקמה אין איהר מאן, וועלכער האט זי אויס־געביטען אויף די קארטען, און אויך א טרייסט אין איהר גע־שלאגענקייט: ס'איז פאראן אימיצער, וועלכער קען פערברענ־גען פיעל בעסער, פרעהליכער, ווען ער קומט צו איהר...

זי האט איהר מאן ניט דערצעהלט פון פעדער'ס וויזיטען.

און בלאשטיין איז פערזונקען אין זיינע קארטען און ער וויים ניט, וואס ביי איהם אין הויז שפינט זיך.

אין די לעצטע געשפרעכען צווישען מיסעס בלאשטיין און פעדער ריידען זיי שוין אויך פון בלאשטיינ'ען מיט זיינע קאר־טען. זי האט דערפיהלט ווי אויסצוריידען איהר הארץ פאר איהם. פעדער האט מיט דעם דערפיהלט זיך א שריט נעהנטער צו זיין ציעל. און זיין האלטונג איז מיט פאליטיקע: ער גיט בלא־שטיינ'ען ניט גערעכט, און ער רייסט איהם אויך ניט אראב. גע־רעכט געבען יענעם איז ריזיקאליש — דאס מיינט דאך זיין גע־גען איהר, און ער קען דורך דעם פערליערען אין איהרע אויגען; מאכען יענעם ווידער צו קליין, אראבוואַרפען איהם, איז אויך ניט קיין זיכערע זאך. דאס קען איהם פערראטהען — און ער האט מורא, אז זי קען זיך דורך דעם כאפען, וואס ער מיינט מיט זיין קומען צו איהר — האלט זיך פעדער אויף א גלייכע ליניע, היט זיך מיט זיינע רייד, און אין הארצען פרעהט ער זיך מיט זיין סוקסעס אזוי ווייט; דאס מיינט דאך אבגעפאהרען שוין א

גוט׳ע האַלבע וועג; זי פערטרויט זיך אויף איהם... און זי רעדט מיט האַס וועגען איהר מאַן...

און וואָס ווייטער ריידען זיי אַלץ ווייניגער פון איהר מאַן און ריידען וועגען אַנדערע זאַכען און וועגען זיך. פעדער האָט אַרויסגעזעהן אויף איהר, אַז עפּעס איז זי אַביסעל געטרייסט געוואָרען אין איהרע צרות: איהר וועהטאָג איז געלינדערט, און זי מיידט אויס, זי וויל ניט דערמאָנען און ריידען וועגען איהר מאַן — און ער געוויס ניט, און איהם האָט עס שטאַרק געפרעהט; ער האָט אויסגערעכענט, אַז דאָס איז ער, פעדער, די אורזאַכע פון איהר איבערבייט.

און ער האָט קיין טעות ניט געהאַט. דער שבת־ביי־נאַכט האָט אויפגעהערט מיינען פאַר איהר יסורים און קרענקענים, נאָר דוקא א גאַנץ אַנגענעהמער אַבענד. עס וועט קומען צו איהר א מענש, און זי וועט זעהן ווי דער דאָזיגער מענש פיהלט זיך גוט צו זיין צוזאַמען מיט איהר, און רעדט מיט איהר און דערצעהלט איהר פון פערשיעדענע זאַכען, און זי איז ניט קיין אַוועקגע־וואָרפענע, וואָס האָט קיין שום ווערטה ניט...

פעדער זעהט דעם אונטערשיעד אויף איהר פון די פריהער־דיגע צייטען און די איצטיגע שבת־ביי־נאַכטען. זי פרעגט איהם גאַנץ אָפענהערציג, פאַר וואָס ער איז געקומען אַזוי שפּעט, ווען ער פערשפּעטיגט זיך אַמאָל, און ער זעהט אויף איהר, אַז זי האָט אויף איהם געוואַרט... ווען זי האָט צו טהאָן א קליינינקייט אין קיטשען און ער זיצט אין פראָנט־רום — רופט זי איהם אַריין... און זי האָט גיך איינגעוויליגט אויף זיין פערלאַנג: ניט צו רופען איהם „מיסטער פעדער“ — ער האָט פיינט דאָס וואָרט „מיסטער“.

און פעדער האָט עטוואָס געביטען דעם גראַד פון זיין טאָן, רעדט אַביסעלע אָפענע דבורים, אָבער אַלץ מיט פּאָליטיקע, מיט פילאָזאָפיע. ער רעדט מיט א געוויסען אַבזיכט, צו א בעשטימ־טען צוועק, וואָס זי קען דאָס ניט דערכאַפּען. ער רעדט פון דעם, ווי אַזוי דער מענש איז ניט אין זיינע אייגענע הענד; עס קומט א מאָל אויס, אַז דער מענש ווערט גאָר אַן אַנדערער, ער בייט

זיך אין גאַנצען איבער, און ער קען ניט זאָגען, פאַר וואָס דאָס איז אַזוי. ער ווייס דאָס אפילו פון זיך אַליין. ער האָט קיינמאָל קיין געדולד ניט געהאַט אַבצוזיצען עטליכע שטונדען נאָכאַנאַנד אין אַ הויז, אַזוי ווי דאָ, און איצט איז דאָס פאַר איהם גאָר אַ פּלעזשור... און ער בעהאַלט ניט פון איהר. וועניגער פון אַלץ האָט ער אַלע מאָל געהאַט געדולד צו פערברענגען און ריידען אַזוי לאַנג מיט פרויען, — ווי אַ מענש בייט זיך דאָס איבער! ער לייענט אַ סך ענגלישע ביכער, וואו עס ווערען בעשריעבען אַלערליי סאָרטען געשיכטעס וואָס פּאַסירען מיט מענשען, נאָר אַז עס קומט צו זיך אַליין, קען דער מענש זיך ניט ערקלעהרען.

מיסעס בלאַשטיין, וועלכע לייענט ניט קיין סך ענגלישע בי־ביכער, מיינט, אַז זי פערשטעהט יא פאַר וואָס דאָס איז אַזוי, אבער ערקלעהרען איהם קען זי ניט און וועט ניט. זי מיינט, אין איהר עהרליכקייט, אַז פעדער פערשטעהט טאַקע ניט וואָס „דער מעהר" איז מיט איהם.

פעדער וויל געהן אויף אַן אייזערנעם בריק; ער מוז זיכער זיין, אַז איהם וועט קיין בייזעס ניט געשעהן, ווען דער מאָמענט וועט קומען. די פילאָזאָפישע פּאָליטיק זיינע נעהמט זי אויף מיט ערנסטער אויפמערקזאַמקייט; זי איז פערטראַכט אין שווייגט אַ רעכטע ווייל. דאָס איז פאַר איהם אַ גרויסער גע־ווינס. — ער קען איהר, ער ווייס, אַז זי איז ניט כיטרע און געהט ניט מיט קיין דרעהדלעך.

און איינמאָל האָט ער איהר געשטעלט דיפּלאָמאַטיש אויף פראַגע, און זי האָט די פראַגע אויסגעהאַלטען.

ביים „גוד־נאַיט", האַלטענדיג איהר האַנד, האָט ער איהר געזאָגט, אַז ער וואָלט אַריינקומען אויף אַ ווייַלע אין מיטען וואָך, ער ווייס ניט וועלכען אָבענד. האָט זי זיך אַביסעלע דער־שראָקען און געהייסען איהם קומען מיטוואָך, ווייל יענעם אָבענד איז דער מאַן ניטאָ אין הויז.

דאָס איז געווען פעדער'ס גרעסטער געווינס פאַר דער גאַנ־צער צייט — קאָנספּיראַציע געגען איהר מאַן.

מיסעס בלאַשטיין האָט זיך אפילו שפּעטער אויך ניט גע־
כאַפּט, אַז זי האָט ארויסגערעדט געפעהרליכע ווערטער. — אַזוי
האָט זי געפיהלט, און אַזוי האָט זי געזאָגט.

פעדער האָט אַ טראַכט געטהאָן, אַז ער וועט לאָזען פאַלען
דעם געזאָגטען „גוד־נאַיט", און פערבלייבען נאָך אַ ווײַלע, צו־
ריק אוועקזעצען זיך, און געהן היינט אַזוי ווייט, ווי ער וועט
נור קענען. נאָר אַ נייער געדאַנק האָט איהם גיך אונטערגעזאָגט,
אַז דאָס וועט זיין ניט פּאָליטיש געהאַנדעלט... זי קען זיך נאָך
כאַפּען, אַז ער האָט נור געוואַרט צו דערהערען פון איהר די דאָ־
זיגע ווערטער, און דאָס וועט איהם שטעלען אין אַ ניט גאָר
שעהנע ליכט אין איהרע אויגען.

ער איז אוועקגעגאַנגען, און קיינמאָל פריהער איז ער ניט
ארויס פון איהר הויז אַזאַ פרעהליכער.

מיטוואָך ביי־נאַכט איז ער ווידער געקומען. און געקומען
איז ער מיט אַ פאַרטיגע פּראָגראַם.

ער איז אַ לאַנגע צייט געזעסען אַ שווייגעדיגער. זי האָט
אויך אונרוהיג געשוויגען. און דערנאָך האָט ער איהר קורץ גע־
זאָגט, אַז ער האָט בעשלאָסען ניט צו קומען מעהר — היינט איז
דאָס לעצטע מאָל.

— פאַרוואָס? — האָט זי געפרעגט, און ניט געזוכט צו דער־
שטיקען איהר שרעק.

— איך קען ניט מעהר... איך לייד שטאַרק... — איך האָב
געדענקט, אַז איהר פערשטעהט אַליין.

זי האָט פערשטאַנען און געשוויגען.

ביידע זיינען געזעסען שטיל.

קיין איבערראַשענדע נייעס איז דאָס פאַר איהר אייגענט־
ליך ניט געווען; זי האָט דאָס פריהער שוין געוואוסט, און אַ
סך מאָל געטראַכט פון דעם, אָבער דאָך, דערהערענדיג איצט די
רייד פון זיין מויל, האָט עס איהר אַזוי ווי אַ קלאַפּ געטהאָן אי־
בער'ן מח און איהר האַרץ האָט אויפגעציטערט... און זי האָט
זיך דערמאָנט אַז אַזאַ מאָמענט, ניט ווייט לאַנג צוריק... אַז אַנ־

דערער, דער מאַן איהרער, האָט צו איהר גערעדט מיט דיזעלבע רייד... אָבער דיעזע עראינערונג האָט זי איצט ניט געוואָלט איבערלעבען... דאָס טהוט אַזוי וועה... גאָר אַ וויכטיגע ענדערונג קומט פאָר אין איהר לעבען... ס'הויבט זיך אָן אין דער איצטיגער מינוט...

פעדער האָט געשטודירט איהר פּנים, איהר יעדען ריהר, און ער האָט אויסגעשטודירט, אַז ער מעג צו איהר צוקומען נאָהענט. ער איז צוגעקומען און צאַרט אַ גלעט געטהאָן איהרע האָר, דערנאָך ווייך גענומען איהר פּנים אין זיינע הענד.

און ער האָט זיך צורעדט און דערצעהלט איהר, ווי זייט ער האָט איהר צום ערשטען מאָל דערזעהן, קען ער קיין איין מינוט אָן איהר ניט פערגעסען, און ווי ער וואָלט אַ האַלבען לעבען זיינעם אװעקגעגעבען, אום צו זיין דעם אַנדער האַלבען לעבען מיט איהר... ער האָט זיך אויסגעהיט צו דערמאָנען איהר מאַנ'ס נאָמען, נאָר געזאָגט האָט ער איהר, אַז ער קען פאָר קיין פאַל ניט בעגרייפען, ווי אַזוי איינער, וועלכער איז איז אַזוי גליקליך צו האָבען איהר פאָר זיינע, קען אפילו אויף איין מינוט אוועקגעהן פון איהר... און פאַר וואָס, פאַר וואָס — האָט ער הארציג געמאָנט פון גאָט, פון דער וועלט — זאָל ער, פעדער, וואָס ער קען איהר אַזוי פערשטעהן און אַזוי אָבשעצען, און אַזוי ליעבען — ער מוז זיין דערוויײטערט פון איהר, אָבגעשיידט, פרעמד!...

זי איז געוועזן בלאַס, און זי האָט אַ ציטערענדע פערנומען זיינע רייד און איהם אַלץ געגלויבט.

פעדער האָט גערעדט און גערעדט און זי האָט זיך צוגעהערט; איהם האָט ניט געאַרט, וואָס זי רעדט ניט; עס איז פאָר איהם גענוג געווען און ער איז צופריעדען געווען מיט דעם, וואָס זי לאָזט איהם ריידען און הערט זיך צו.

און פאַר'ן אוועקגעהן האָט ער געהאַלטען איהר אַרומגענומען מיט ביידע אָרעמס און געקושט אויף ביידע ליפּען.

שפּעט ביינאַכט איז בלאַשטיין געקומען פון די קאָרטען, און זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין קלאַפּ מיט אַ שוד איבער'ן

פלאַר, האָט זיך איהר אויסגעדרוקט, אַזוי ווי אַ פרעמדער מאַן איז געקומען און געהט זיך לעגען ביי איהר אין בעט... ער האָט נאָך געמעגט בלייבען ביי זיינע קאַרטען.

צוויי מאָל אין וואָך, מיטוואָך און שבת אַבענד, קומט פעדער צו זיין געליעבטע. זי ווארט אונגעדולדיג אויף איהם. זי איז אין איהם ניט אַזוי שטאַרק פערליעבט, אַז זי זאָל אָהן איהם ניט קענען אויסקומען. איהר איז אַבער אַזוי גוט צו הערען זיינע רייד, ווי ער קען אַז איהר איין מינוט ניט פערגעסען, ווי גוט עס איז צו זיין לעבען איהר, ווי ער וואָלט אַ האַלבען לעבען אוועקגעגעבען, צו זיין צוזאַמען מיט איהר, און אויף קיין איין מינוט וואָלט ער פון איהר ניט אַבגעטראָטען.

בלאַשטיין געהט אַז מיט די קאַרטען. עס האָט שוין עטליכע מאָל געטראָפען, אַז ער איז מיטוואָכדיגע נאַכט ניט געקומען פון די קאַרטען, נאָר גלייך אוועק צו דער אַרבייט.

אַפט קומט מיסעס בלאַשטיין אַרויף אויפ'ן זינען, אַז זי טהוט אפשר ניט ריכטיג — צוליעב'ן קינד... אַבער זי ווערט באַלד בע־רוהיגט: ווען דאָס קינד זאָל וויסען און פערשטעהן, וואָלט עס גערעכט געגעבען א י ה ר.

פעדער האָט נאָך אייגענטליך ניט עררייכט דעם פּאַלקאַ־מענעם צוועק, צו וואָס ער האָט געשטרעבט. די אַבענדען געהען דערווייל ביי זיי אוועק אין זיסע רייד, אין קושען איהר, האַלטען איהר אין די אַרעמס. פעדער ווייס, אַז ער האָט געוואונען; נאָר דאָך מיינט ער, אַז דער בריק אונטער איהם איז נאָך ניט שטאַרק גענוג, און ער געהט אַז מיט אַ סיסטעם... ער וויל ניט צושטעהן צו איהר... ער ווארט, אַז עס זאָל קומען דערצו פון זיך אַליין... עס זאָל אויסקומען אַזוי, אַז פאַר איהם זאָל ניט זיין די מינדעסטע געפאַהר אַבגעשטויסען צו ווערען...

עס געהט כשורה; עס וועט לאַנג ניט דאַרפען ווארטען...

# בעקעלע

זייערע בעקאנטע האבען ניט געקענט פערשטעהן און האבען זיך געוואונדערט, ווי אזוי פערל און בעקי קענען זיין אזעלכע נאָהענטע חבר'טעס. זייט מען קען זיי, וואוינען זיי אין איין רום, שטענדיג זעהט מען זיי צוזאמען. און זיי זיינען דאך אזא ניט גלייכע פּאר, עס איז דאך אזא קאנטראסט צווישען זיי ביידען. פּערל איז א קלוגע, א ליעבליכע, אן אמת־גוטע מיידעל. בעקי איז א פערביסענע, א ניט־פערגינערקע, ניט קלוג, אבער כיטרע און שטעכעדיג. זי איז קיינמאל ניט צופריעדען ניט מיט זיך און ניט מיט אנדערע. און די דאזיגע „מעלות" איהרע זעהען זיך גאנץ קענטיג אויף איהר. זי איז געל און גרין און פערגריזשעט פון שטענדיגען עסען זיך: פון די אייגענע צרות און פון יענעמ'ס נחת. נאָר די אויגעלעך גלאנצען ארויס לעבעדיג און שפיציג. און ווי זי זאל ניט אנשטרענגען און מאטערען זיך צו זיין פריינדליך און איבערגעבען, גיט זיך איהר דאס ניט איין, — אפילו נאָר פרעמדע איז איהר שווער צו נארען. און מען רופט איהר ניט בעקי נאָר „בעקעלע". דאס איז אן אנצוהערענים אויף איהר כאראקטער. דער נאָמען „בעקעלע" איז געווארען א ווארט צו בעצייכענען א „וואוילע" מיידעל — זי איז אן אמת'ע בעקעלע.

פּערל איז א גאנץ גוטער מבין אויף איהר חבר'טע; זי קען איהר „אויסגעבונדען", וויים אלע איהרע גענג און האט זיך אויסגעלערענט ווי אנצוגעהן מיט איהר; זי גיט איהר נאך, וויפיעל עס לאזט זיך נאָר, אבי אנצוהאלטען דעם שלום.

זיי קענען זיך שוין עטליכע יאָהר, און די גאנצע צייט וואוינען זיי אין איין רום. אין אנפאנג האט מען זיך געקריעגט, ארומגעריסען; דערנאָך איז דער צוקריעגען זיך און דער גוט־ווערען

ביי פערלען געווארען א גאנץ געוועהנליכע זאך. ווי דען אנדערש קען מען זיך בענעהן מיט בעקעלע'ן?...

וואס־זשע האלט זיי צוזאמען?...

בעקי מוז האבען פערל'ען ווייל אהן איהר וועט זי גאר זיין אויף צרות; זי וועט ניט האבען מיט וועמען ארויסצוגעהן; קיינער וועט צו איהר ניט קומען און זי וועט אפילו ניט האבען מיט וועמען צו קריעגען זיך, וואס דאס איז ביי איהר געווען איי־נע פון די ערשטע לעבענס־בעדינגונגען. פערל האט זיך געהאלטען מיט בעקעלע'ן, ווייל זי האט איהר שוין בעטראכט פאר אן „איי־גענע צרה", וואס זי מוז פון איהר ליידען און שווייגען. אין די פריהערדיגע צייטען האט שוין פערל א פאר מאל געהאלטען ביים אנטלויפען פון בעקעלע'ן און איהר איבערלאזען אליין — האט זיך אנגעהויבען א געשריי, מיט א געוויין, מיט א היסטעריקע. בעקעלע איז געלאפען זיך ווארפען דורכ'ן פענסטער. פערל האט געדאנקט גאט, אז בעקעלע האט זיך געלאזט איינשטילען, און זייט דאמאלס ציטערט זי ארויסצוברענגען פון איהר מויל, אז זי וועט אנטלויפען פון בעקעלע'ן; האלט זי זיך מיט איהר צרה און שווייגט ווי ווייט זי קען. פערל פיהלט רחמנות צו איהר בעקעלע'ן.

בעקעלע האט אבער נאך אלץ מורא, אז פערל איז איהר ניט „טריי" געגוג: זי דערצעהלט איהר ניט אלצדינג, זי געהט ערגעץ אהן איהר, טרעפט זיך מיט יונגע לייט, מיט „באים" און אמוזירט זיך, און זי, בעקעלע, ווייס ניט דערפון. אויף געוויס ווייס זי דאס אלץ ניט. זי ווייס, אייגענטליך, פון אלץ וואס פערל טהוט, וואו זי געהט און ווען זי געהט, און געהען זיי אלע מאל ביידע, און מיט וועמען פערל טרעפט זיך, איז זי דא דערביי. איז אבער דא דער גאנצער טאג בשעת מען ארבייט. זיי אר־ביטען ביי בעזונדערע טריידס, קענען זיי ניט זיין אין איין שאפ — טא ווי קען בעקעלע זיכער זיין, אז פערל געהט ניט אוועק ערגעץ אין מיטען טאג? און אז פערל פערשפעטיגט זיך אמאל ביי דער ארבייט, ווי אזוי ווייס זי, אז זי איז דאס טאקע געווען ביי דער ארבייט?... און אפט, ליעגענדיג אין בעט, איידער

מען שלאפט איין, נעהמט בעקעלע פארשען פון פערל׳ען, ביטרע, הינטען ארום, „ציהט זי פאר׳ן צוג“, טשעפעט זיך צו צו א ווארט און מיינט: אהא! זי האט איהר שוין געכאפט! פערל קען אבער איהר חבר׳טע און ווייס שוין אקוראט ווי און וואס איהר צו ענטפערען. נאך אזא פערהער שלאפט בעקעלע אמאל איין צופריעדען, זיכער, אז מיט פערל׳ען איז „גארנישט“. און אמאל ליעגט זי נאך א רעכטע ווײלע און גריזשעט זיך און מאכט ביי זיך אב, אז זי וויל איצט מיט איהר ניט האבען צו טהאן — מארגען וועט זי זיך ריכטיג נעהמען צו איהר.

די צוויי חבר׳טעס האבען זיך בעקענט מיט א יונגען מאן, איינער א הערריי רובין, וועלכער האט אנגעהויבען עפטער אריינקומען צו זיי. זיי פלעגען ריידען, פערברענגען, אמאל ארויסגעהן אביסעל אין סטריט אויף א שפאציער. קיין איבעריגע פריינדשאפט האט דער יונגערמאן ניט ארויסגעוויזען צו קיינע פון די צוויי — גארניט: ער רעדט און געהט מיט זיי, ווי מיט א סך אנדערע בעקאנטע מיידלעך. און אז ער געהט פון זיי אוועק, טראכט ער פון זיי גארניט. אויף פערל׳ען האט רובין קיין שטארקען איינדרוק ניט געמאכט, און איידער ער קומט אריין אין הויז, דערמאהנט זי זיך אז איהם גאנץ זעלטען. בעקעלע וואלט אויך געבליבען גלייכגילטיג צו דער נייער בעקאנטשאפט, ווען איהר וואלט זיך ניט גערדאכט, אז רובין איז פריינדליכער צו פערל׳ען, ווי צו איהר. און אזא זאך קען זי ניט פערטראגען. און זי האט גענומען „זעהן“, אז רובין זעצט זיך אלע מאל נעהענטער צו פערל׳ען, ווי צו איהר; אז ער רעדט, קוקט ער אויף פערל׳ען; אז ער לאכט, לאכט ער צו פערל׳ען — אלץ פערל, און זי גארניט... האט זי זיך שוין גענומען מאהלען בילדער, ווי רובין און פערל טרעפען זיך און געהען אוועק אין פארק, בעהאלטען זיך ערגעץ אונטער א בוים און קושען זיך... רובין דערצעהלט פערל׳ען, ווי ליעב ער האט איהר, און איהר, בעקעלע׳ן, קען ער ניט אנקוקען... און זיי לאכעןביידע פון איהר... זיי געפינען זיך שוין

צייט... פערל נעהמט זיך א האלבען טאג... צום דענטיסט געהט זי מסתמא אויך ניט... וואס האט זי גאר איצט מיט אמאל גע־גומען געהן צום דענטיסט פיקסען די צייהן?... פארוואס האט זי דאס ניט געטהאן, איידער רובין איז געווען?...

א פאר מאל האט בעקעלע, פאר'ן איינשלאפען, גענומען פערל'ען אויף א פערהער, אויף בעקעלע'ס וועג, פון א הינטער־געמעל:

— א פערשאלטענער שאפ אונזערער, — האט בעקעלע אנגע־הויבען, — מ'זאל אפילו שטארבען, קען מען ניט קריגען א האל־בען טאג „אף".

פערל פערטראכט זיך א פאר מינוט. זי פערשטעהט, אז בע־קעלע'ס רייד האבען געוויס עפעס א הינטער־געדאנק און זי דארף זיך גוט בעקלעהרען, וואס איהר צו זאגען. זי קען זיך אבער ניט דערטראכטען, פרעגט זי:

— אנטקעגען וואס זאגסטו דאס איצט?

— גלאט אזוי. דו קענסט נעהמען א האלבען טאג „אף", אז דו ווילסט?

— צו וואס דארף איך האלבע טעג „אף"? — פרעגט פערל.

— אמאל דארף מען, ס'ווילט זיך געהן ערגעץ.

— אז איך'ל דארפען, וועל איך אויסגעפינען, — זאגט פערל — דערווייל האב איך נאך ניט געדארפט. האסט שוין גאר קיין אנדער זאך ניט פון וואס צו ריידען?

— מ'מאר שוין צו איהר אווארט ניט אויסריידען! — זאגט בעקעלע מיט רוגזה, און קעהרט זיך אוועק צום וואנד. זי איז „צופריעדען" מיט פערל'ס הארטליכען ענטפער. „מסתמא פיהלט זי זיך", און וואס זי זאגט איהר, אז ביז איצט האט זי נאך ניט געדארפט קיין האלבען טאג „אף", איז זי איהר ניט מחויב צו גלויבען.

דעם צווייטען מאל האט שוין בעקעלע אנגעהויבען מיט א שטאפעל העכער:

— מרעף, וועמען איך האב היינט געטראפען אין סאבוויי.

— איך בין נים קיין טרעפערקע. ווען ?

— רובינ'ען.

— איך האב געמיינט, ווער־ווייס־וועמען זי האט געזעהן, — איז פערל ענטוישט.

בעקעלע „פערשטעהט", אז פערל וויל איהר דאס אבנארען מיט איהר קאלטקייט.

— דאס איז צום ערשטען מאל וואס איך זעה איהם ערגעץ, זייט מיר קענען זיך, — ציהט בעקעלע ווייטער.

פערל שווייגט. די הארץ „זאגט איהר" אויף עפעס.

— דו האסט איהם שוין אמאל געזעהן אין דער פריה, פאה־רענדיג דאון־טאון ?

— איך דענק, אז נים.

— וואס הייסט, דו דענקסט ?

— ניין, איך האב איהם קיינמאל נים געזעהן.

— טו וואס'טו געזאגט, אז דו דענקסט ?

—האסטו ביי מיר אן עולה, עקסקיוז מי, —זאגט פערל און לאכט.

— און אמאל בייטאג, אדער אין אבענד, „דענקסטו" אויך, אז דו האסט איהם קיינמאל נים געזעהן ? — זאגט בעקעלע שוין מיט א רעכט ביסעל גיפט, קוועטשענדיג דעם „דענקסטו ?"

פערל כאפט זיך, אז בעקעלע'ס יענע פראגען מכח דעם האלבען טאג „אף" האבען א שייכות מיט דעם איצטיגען געשפרעך. זי שטויסט זיך אן, וואס בעקעלע זוכט זיך און זי זאגט :

— דער אויבערשטער האט דיר שוין צוגעשיקט עפעס א נייע זאך ? איך בעט דיר מיט גוטען, זאלסט אויפהערען.

— האסט פיינט, אז מ'זאגט דיר דעם אמת, — זאגט בעקעלע און שטעכט איהר מיט יעדען ווארט. — וואס האסטו זיך אזוי צוקאכט ? האסט פיינט, אז מ'זאגט דיר דעם אמת ? כ'האב דיר גוט צוגעטראפען, הא ?

פערל האלט ביים ווערען אין כעס ; זי ווייס אבער, מיט וועמען זי האט צו טהאן, וויל זי בעסער מיט איהר נים ארײנקו־מען אין „הויכע דרכים".

— שלאָף איין, — זאָגט פּערל, — מ׳דאַרף שוין באַלד אויפ־שטעהן.

— זי „דענקט“, אַז ניט, — רעדט בעקעלע, — אָבער וואָס דאַרף מען זיך בעהאַלטען און אָב׳גנב׳ענען?

פּערל ענטפערט ניט. בעקעלע רעדט פּסוקים־ווייז, אָבגעזאָגט אַ פּסוק און זיך אָבגערוהט.

— אַזוי ווי עמיצער וואָלט איהר געשטאָכען אין וועג, ניט געלאָזט איהר...

— מיך אַרט דאָס, ווי די קאַץ...

— זי „דענקט“, אַז ניט...

— אַ רחמנות נעבעך...

— מיר קרענקט דער וועלען לייקענען...

— אַזוי ווי איך וואָלט שוין גאָר קיין שכל ניט האָבען...

— זי ווייס גאָרניט פון וואָס צו זאָגען...

— זי וויל איך זאָל דאָס גלויבען...

—פון וואַנען זאָל זי נעבעך וויסען?...

— פרעג איהר בחרם...

— קען גאָר קיין צוויי ניט צעהלען...

— צום דענטיסט געהט זי...

בעקעלע׳ס רייד זעגען פּערל׳ען אין די אויערען און זי רעדט אַרויס אויפגערעגט:

— דו הערסט אויף! איכ׳ל אַרויסגעהן פון בעט און זיך לעגען אין קיטשען אויפ׳ן פלאָר!

— שרעק מיר נאָר ניט איבער, — זאָגט בעקעלע, — זעהסט, מ׳וויל ניט ליידען, אַז מ׳זאָגט דעם אמת.

— גוט, גוט, — זאָגט פּערל אונגעדולדיג. — נעהם צו דעם שפּיציגען עלענבויגען פון מיין זייט און פערמאַך די מויל. לאָז איבער אַ ביסעל אויף מאָרגען. איך אַנטלויף נאָך ניט.

— און היינט האָב איך מורא פאַר דיר? און פון וואַנען ווייס איך, אַז דו אַנטלויפסט ניט?... אפשר „דענקסטו“ נור אַזוי?...

פערל פלאצט ארויס מיט א געלעכטער. די טראגעדיע ווערט א קאמעדיע און זי מוז לאכען.

איצט ווערט שוין בעקעלע אין כעס. זי זעהט איין, אז פערל לאכט זיך אויס פון איהר און עס וועט איהר היינט אנקומען שווער צו „דערגעהן די יאהרען", קעהרט זי זיך אוועק פון פערל'ען און בלייבט ליעגען צוזאמענגעקארטשעט, שטיל, לויערט... ביז זי שלאפט איין.

נאך פיעל קלעהרען און זיך גריזשען האט בעקעלע דערטראכט א פלאן, ווי אזוי אבצוטוידטען די הייסע ליעבע פון פערל'ען און רובין'ען, וואס האט זיך ביי איהר אין קאפ אויסגעארבייט און וואס זי האט געפיהלט און געזעהן אזוי קלאהר ווי דער טאג — און ניט פערל און ניט רובין וועלען וויסען, אז זי איז דאס געווען די אויפטהוערקע פון דעם. דער פלאן איז בעשטאנען, אין אוועקשרייבען רובינ'ען א בריעף אהן אן אונטערשריפט און אנשרייבען אויף פערל'ען אלע מיאוס'ע זאכען, אז זי איז אזא און אזא, ער זאל מיט איהר ניט האבען צו טהאן און זאל זיך פון איהר היטען. דער פלאן איז געווען בעשלאסען, זי האט אבער פארט ניט געקענט פועל'ן ביי זיך דעם פלאן אויסצופיהרען... ניט געקענט טהאן אזא זאך געגען פערל'ען — ביז עס האט זיך געמאכט א באד־סאפער, האט זיך פערל אנגעטהאן און געזאגט, אז זי געהט צו אין בעטגיים עווענין צו איהר פערהייראטע שוועסטער; זי האט געהערט, אז עס איז אנגעקומען א בריעף פון דערהיים — און נעכטען אבענד איז גראד געווען רובין.

— אפשר געהסטו גאר צום דענטיסט? — גיט בעקעלע א שטאך.

— אז דו ווילסט, קענסטו מיטגעהן — זאגט פערל — קום.

בעקעלע האט ניט געענטפערט. פערל איז ארויסגעגאנגען.

נאך פערל'ס ארויסגעהן האט זיך בעקעלע א לעג געטהאן אויפ'ן בעטעל און זיך צוואויינט... זי האט אין איהר געוויין געזעהן ווי זיי, פערל און רובין, טרעפען זיך און צולאכען זיך...

פערל דערצעהלט איהם, וואס פאר א תירוץ זי האט זיך אויס־געטראכט — און זיי לאכען וויעדער... פערל דערצעהלט איהם, אז זי האט מיטגערופען בעקעלע'ן מיטגעהן... און זיי לאכען וויע־דער. פערל האט געוואוסט, אז זי וועט ניט מיטגעהן... זי איז אראב פון בעטעל און גענומען ארומזוכען אויפ'ן טישעל, אויפ'ן פענסטער — זי האט געזוכט טינט און פעדער — און ניט געפונען. זי האט זיך דערמאנט, אז איזר זעקעלע, וואו זי קלייבט די אויס־געפאלענע האר, פלאנטערט זיך ארום א שטיקעל בלייפעדער. גע־פונען — פעהלט פאפיער. זי האט אויפגעהויבען דעם דעק פון „טראנק" און ארויסגענומען אן אלטען העפט, וואס איז איהר גע־בליבען פון די עטליכע לעסאנס אין ענגליש, וואס זי האט גע־נומען, ארויסגעריסען א בלעטעל, אראבגעלאזען דעם דעק מיט א קלאפ, זיך געזעצט ביים טיש און גענומען שרייבען מיט רציחה:

„מיסטער רובין! — איך בין אייערער א גוטער פריינד וואס איהר קענט מיך גאנץ גוט. שרייב איך אייך, אז אלע זאגען, אז פאר אייך פאסט ניט צו געהן מיט מיס מענדעל־סאן, וואס איהר קומט אריין צו איהר אין די הונדערט נייו און זעכציגסטע סטריט. איך וויל אויף איהר ניט ריידען וואס זי איז, אבער אז איהר וואלט דאס וויסען, וואלט איהר אליין געזעהן, אז דאס איז אלץ אמת, וואס איך שרייב אויף איהר. שרייב איך אייך, אז פון איצט אן פאסט ניט פאר אייך צו טרעפען זיך מיט איהר. איהר וועט אליין זעהן, אז איהר קענט מיר גלויבען, ביקאס איך בין אייערער א פריינד און וואס צו איהר האב איך אויך גארניט, באט איך מוז אייך דאס אלץ אויסשרייבען, ווייל דאס איז דער אמת, וואס איך שרייב אויף איהר.

„פון מיר, וואס שרייבט זיך ניט אונטער דעם נאמען און וואס איהר קענט מיר גאנץ גוט, ביקאס איך מוז דאס אויסשרייבען איהר זאלט אליין איינזעהן, אז דאס איז דער אמת .ואס איך שרייב אייך".

איצט פעהלט איהר א קאַנוועדט. זי האָט ארויסגענומען פון פּאַקעט־בוד א ניקעל און אראָב מיט'ן אנגעשריעבענעם בריעף אין קענדי־סטאָר, געקויפט א קאנווערט, ארייגגעלעגט די אנגעשריע־בענע בלעטעל. פּערקלעפּענדיג דעם קאַנווערט, האָט זי דערהערט פּערל'ס קול, איהר לאַכענדיגען קול. (פּערל איז שוין געווען צו־ריק פון איהר שוועסטער און זי איז אריינגעקומען צוזאמען מיט דער „מיסעס" אין קענדי־סטאָר טרינקען א גלאָז וואסער). דער־הערענדיג פּערל'ס קול, מיט'ן לאַכען, האָט בעקעלע בעהאַלטען דעם בריעף איןביידע הענד, ארויסגעשטופּט זיך פון סטאָר, ניט אנקוקענדיג ניט פּערל'ען און ניט דער מיסעס, צוגעלאָפען צום קאַרנער און אריינגעוואָרפען דעם בריעף אין קעסטעל. און ווי נאָר דער האַלב־קיילעכדיגער דעק האָט זיך אראָבגעראַלט איבער'ן ברייטען מויל פון בריעפקאַסטען, האָט די רציחה זיך אבגעטהאָן פון בעקעלע'ן... זי האָט זיך דערשראָקען... וואס האָט זי גע־טהאָן!... און עס איז פערפאַלען... ווי קען זי כאַפּען צוריק!... וואס וועט זיין?!...

זי האָט זיך אוועקגעקעהרט פון בריעפקאַסטען און גענומען געהן צום הויז. פון קענדי־סטאָר האָט זיך געהערט פּערל'ס קול, נאָר זי האָט אהין ניט אריינגעקוקט. זי איז פאַרבייגעגאַנגען די הויז, צוגעקומען צום הויז, און זיך אוועקגעזעצט אויף די טרעפּלעך פון „סטופּ". פּערל און די מיסעס זיינען אנגעקומען, געררופען איהר אין הויז. זי האָט זיי ניט אנגעקוקט און ניט געענטפערט... דער בריעף ליעגט דאָרטען בעגראָבען... זי האָט געפיהלט די שווערע עבירה, די מיאוס'ע ארבייט איהרע... דערנאָך איז זי אריין אין הויז און זיך אוועקגעזעצט אין קיך, געוואַרט ביז פּערל האָט א פּאָר מאָל אויסגעשריען: „קום שלאָפען!" און ניט קריי־גענדיג קיין ענטפער האָט פּערל פערשטאַנען, אז אין בעקעלע'ן האָט שוין עפּעס „אויפגעקאָכט", און זי וועט שוין פון איהר „האָבען". אין א ווייל'ע ארום האָט זי אראָבגעדרעהט די גאַז און פערמאַכט די אויגען.

שטילינקערהייט איז בעקעלע אריינגעקומען אין רום, אראָב־

געוואָרפען פון זיך די קליידער און זיך געלעגט לעבען פערל'ען. פערל האָט געהערט, ווי בעקעלע האָט זיך געלעגט. זי האָט זיך געמאַכט שלאָפענדיג, — זי האָט געוואוסט, אַז קיין „גוטס" קען זי היינט פון איהר ניט ערוואַרטען, האָט זי זיך געפרעהט, אַז יענע שוויינט.

בעקעלע איז געלעגען צוזאַמענגעקאַרטשעט, פעררוקט צום וואַנד, פול מיט חרטה, געוויסענסביסע, שרעק און מורא. זי האָט געפרובט געבען זיך געדעכט: זי האָט עס גענעגט טהאָן און טאָקע געדאַרפט טהאָן... זיי האָבען זיך דאָס ביי איהר פער־דיענט... איהר האָט זיך דאָס ניט איינגעגעבען — דער גרינגער בריעפקאַסטען איז געהאַנגען פאַר איהר און געשטאָכען איהר די אויגען... און וואָס וועט איצט זיין?... רובין וועט מסתמא קומען און ווייזען דעם בריעף, און מען וועט נעהמען קלעהרען, ווער דאָס האָט געקענט שרייבען... זיי וועלען קוקען אויף איהר... זיי וועלען זיך אויסלאַכען... דערצעהלען אַלעמען... און פערל וועט מסתמא איהר ניט שווייגען... וואָס קען זי איהר טהאָן... עס קען דאָך אָבער אויך זיין, אַז רובין וועט שוין מעהר אָהער ניט קומען... זי וועט טהאָן אַזוי: מאָרגען וועט זי ניט געהן צו דער אַרבייט, זי וועט געהן און זיך אויסזוכען אַ רום און אַרויסמופען; אַז פערל וועט קומען אַהיים, וועט זי שוין זיין אַרויסגעמופט... און זי וועט זיי מעהר ניט זעהן, ניט פערל'ען און ניט רובינ'ען... איננאַנצען איבערלאָזען זיי פריי... און די בזיונות?... — פרעגט זי זיך... ניין, זי וועט זיך „מאַכען", אַז זי ווייס פון קיין זאַך ניט, און לאַכען מיט זיי און העלפען טרע־פען, ווער דאָס האָט געקענט שרייבען דעם בריעף... אָבער אַז זיי וועלעןביידע קוקען אויף איהר, ווי וועט זי דאָס אויסהאַלטען... אַרויסמופען וועט זי ניט... זי וועט זיך צוקריעגען מיט פערל'ען און וועט אויפהערען רעדען מיט איהר... און מיט רובינ'ען וועט זי אויך ניט ריידען; אַז ער וועט קומען, וועט זי אוועקגעהן פון הויז... וועלען זיי גלייך פערשטעהן, אַז דאָס איז זי... ער וועט שוין מסתמא ניט קומען דאַ מעהר גאַר אָזאַ בריעף... ער

וועט יא קומען... זי וועט אנטלויפען... ארויסמופען... זי האט פאר זיי קיין מורא ניט... אבער דער בריעפקאסטעי מיט די פונאנדערגעריסענע מויל שטעהט איהר פאר די אויגען...

אין דער פריה איז בעקעלע אויפגעשטאנען מיט א שווערען קאפ און א שווערע הארץ, צובראכען און ניט אויסגעשלאפען; איהר לאגע איז פאר איהר געווען קלאהר און די שווערענים פון פאר'ן איינשלאפען האט איהר איצט נאך מעהר געדריקט. יעדער שוך איז געווען א שווערע משא אין איהרע הענד און דער קארסעט האט זיך פאר קיין פאל ניט געוואלט פערשליסען. זי האט ניט געהאט קיין כח איהם בייצוקומען. די שטיקעל זייף ביים ארומוואשען זיך האט זיך עטליכע מאל ארויסגעגליטשט פון איהרע הענד און די האר איהרע האבען ניט געפאלגט די קאם און ניט געוואלט זיך ריכטיג צולעגען און צושטעלען. אלץ איז געגען איהר און זי געגען אלעמען און געגען זיך אליין.

פערל און די איבעריגע מענשען אין הויז האבען זיך ניט געוואונדערט, וואס בעקעלע איז פערכמורעט און קוקט קיינעם ניט אן. עס איז ביי זיי קיין נייעס ניט; ס'מאכען זיך אפט אזעלכע פריהמארגענס. יעדערער אין הויז איז זיך געגאנגען זיין וועג און געטהאן זיין ארבייט. מען האט זיך געזעצט ארום טיש. די מיסעס האט דערלאנגט זעמעל, פוטער און קאפע.

בעקעלע האט זיך אויך אוועקגעזעצט. ביים ערשטען ביסען האט זי דערפיהלט א געוויין שפארענדיג זיך ביי איהר אין האלז. זי האט געוואלט אראבשלינגען דעם געוויין און ניט געקענט. ער האט זיך געטראפען מיט'ן ביסען אויפ'ן מיטען וועג און איהם ארויסגעשטופט. דער ביסען האט זיך צושאסען אין אלע זייטען און די קאפע קאפע איז ארויסגעפאלען פון איהר האנד. די מענשען האבען געמיינט, אז דאס איז א געלעכטער — אזא זאך טרעפט אויך אמאל מיט איהר — האט מען גענומען לאכען. בעקעלע האט זיך אבער צוואויינט אויפ'ן קול, צוכליפעט — האט מען זיך דערשראקען און מען האט זיך אויפגעהויבען פון די

ערטער און גענומען פרעגן איהר, וואס איהר איז, וואס עס האט פאסירט.

פערל און די מיסעס האבען בעקעלע'ן, א קלאגעדיגע, ארייני־געפיהרט אין רום, איהר אוועקגעלעגט אויפ'ן בעט און איהר צו־שפּילעט, געבעטען זיך ביי איהר, זי זאל זיי זאגען, וואס איהר איז. בעקעלע ענטפערט ניט, וויינט, ביז זי האט זיך איבערגע־וויינט און געבליבען ליעגען שטאר.

— פארוואס זאגסטו מיר ניט, וואס דיר איז? — האט זיך פערל געבעטען.

— דער קאפ טהוט מיר וועה — האט בעקעלע ארויסגערעדט.

— זאל איך דיר ברענגען א נאסען האנדטוך?

— כ'בין דיר מוחל, מען דארף ניט.

— אראבלויפען נאך א פּוידער?

— כ'וויל ניט.

— אפשר דער מאגען?

— טשעפע זיך אב.

— ס'איז דיר שוין בעסער?

— כ'ווייס ניט.

פערל האט זיך אוועקגעזעצט ביים בעט און געווארט, ס'זאל איהר „אבלאזען". דערווייל איז שוין געווארען שפעטלעך. דער ערשטער האלבען טאג איז שוין פערפאלען.

— נאך דינער וועסטו קענען געהן ארבייטען? — פרעגט פערל.

— איכ'ל זעהן, וועל איך דיר לאזען וויסען.

— ביזט א מיידעלע א גאלד, — זאגט פערל און לאכט.

בעקעלע האט זיך אומגעקעהרט מיט'ן רוקען צו פערל'ען. פערל האט גענומען א ביכעל פון טיש און אריינגעקוקט.

נאכ'ן אויסוויינען זיך, האט בעקעלע דערפיהלט, ווי איהר הארץ ווערט פערהארטעוועט, און זי האט א קנאפע דאגה, וואס עס וועט זיך אויסלאזען. זי „האט אלעמען אין דר'ערד". זי האט איצט דערפיהלט די געשמאקע ווייכקייט פון בעט אונטער זיך. זי

האט צוצויגען די גליעדער און גערוהט, געדרעמעלט, ווי נאך א גוטע באד.

פערל האט זיך עטליכע מאל אריבערגעבויגען איבער בעקע־לע׳ן און געקוקט ווי זי שלאפט...

אז בעקעלע האט זיך אויפגעכאפט, האט זי דערזעהן פערל׳ען ביים שפיגעל זיך אנטהועדיג די העמ. דער זייגער איז שוין געווען עטליכע מינוט נאך עלף. זי איז אראב פון בעט, זיך ארומ־געוואשען און געגעסען — אלץ שטייף און פערהארטעוועט. ניט פערל און ניט די מיסעס האבען איהר געשטעלט פראגען. זיי האבען פריהער אבגערעדט ניט צו טשעפען איהר. און זעהענדיג איצט, אז זי איז שוין „אלרייט“, זיינען זיי געווים געווען צופריעדען.

פערל איז אוועק צו דער ארבייט.

בעקעלע האט זיך אויסגעפוצט און איז אויך אוועק אין שאפ.

צוקומענדיג צום בריעפקאסטען האט זי דערזעהן א מיידעלע שטעהענדיג מיט צוויי בריעף אין האנד און איבערקוקענדיג די אדרעסען. די רויטע סטעמפס האבען א שטאך געטהאן איהרע אויגען... ווארט... ריכטיג... שור!... זי האט גארניט אנגע־קלעפט קיין סטעמפ... גארניט אויפגעשריעבען קיין אדרעס... זי איז אין דעם זיכער... זי דערמאנט זיך איצט ריכטיג, ווי גאלד... זי האט אריינגעווארפען דעם בריעף אהן אן אדרעס און אהן א סטעמפ... ס׳קען נאך אפשר אנקומען, — איז זי פונדעסטווע־גען ניט זיכער.

זיצענדיג ביי דער ארבייט האט בעקעלע עטליכע מאל אי־בערגעפרעגט ביי איהרע שכנים, וואס מען טהוט מיט בריעף, אויף וועלכע ס׳איז ניטא קיין אדרעס און קיין סטעמפ, און מען האט איהר יעדען מאל ערקלעהרט, אז אויב אינוועניג אין בריעף איז ניטא קיין אדרעס, פערברענט מען עס. פאר׳ן געהן אהיים האט זי דיעזע שאלה געפרעגט ביים בוכהאלטער, און אויך ער האט איהר פערזיכערט, אז מען פערברענט אזעלכע בריעף.

און בעקעלע איז אוועק אהיים א צופריעדענע, פיהלענדיג זיך שטאלץ און יחסנ׳דיג: די וואפע איז ביי איהר אין די הענד...

# די ריכטיגע פּאַר

## 1

באַרנעט זיסעלמאַן, אַן עלטערער בחור מיט אַ צואַווייקטען גוף ווי ביי אַ היימישען „שניידערוק", און אַ געלען, עטוואַס צושטופּעלטען פּנים מיט צוקראַכענע וואַנצעס, ווי ביי אַ פּוילישען שבת־גוי, האַט שוין לאַנג געוואַלט פּטור ווערען פון זיין שווערער פּרנסה און אַביסעל אַברוהען זיך. פון די אַלע לאַנגע יאַהרען, וואַס ער קריכט אויף די אַלערליי טרעפּ קאַלעקטען פאַר די זינגערמאַשינען, האַט זיך איהם אַבגעשטעלט רהומאַטיזם אין ביידע פיס און אַ קורצער אַטהעם. מעהר פון צוויי פלאַרס קען ער ניט דערקריכען מיט איינמאַל: ער מוז בלייבען שטעהן, דערכאַפּען דעם אַטהעם, מיט אַ האַנד אויפ'ן ברוסט, און אַברוהען די פיס. אַלע טאַג האַלט ער אין איין קריכען אויף די טרעפּ, אַ פּאַר מאַל אין וואַך ביז אַ שטיק אין אַבענד, און ער האַט דערפון שוואַכע אויסקומעניש פאַר זיין אַרימען בחור'שען לעבען.

און צו די אַרימקייט — דער עלענד. אַליין אין אַ צרה'דיגע רום. זיין גאַנצער פערמעגען איז אַ „טראַנק" אָנגעשטעלט מיט אַלערליי „פּעטענט־מעדיצינען" פאַר רהומאַטיזם: פלעשלעך לינימענט פון פערשיעדענע קאַלירען; סלאַיעקעס שמירעכצען, אַ פאַר „האַט וואַטער בעגס", איינער אַ נייער, דער אַנדערער אַן אויסגעדיענטער, אַ רינעדיגער, וואַס ער קען זיך עפּעס מיט דעם ניט געזעגענען און אַרויסוואַרפען. רייבען די פיס מיט לינימענט און די שמירעכצען האַט ער זיך שוין לאַנג אויסגעלעהרענט און ער טהוט עס גאַנץ געשיקט. אָבער רהומאַטיזם איז אַן אונרוהיגע זאַך און ס'האַט אַ טבע איבערצוקלייבען זיך פון

איין אָרט אין אַנדערען. כאַפּט זיך דאָס אַריין אין רוקען, אין אַ פּלייצע, וואו ער קען ניט דערגרייכען מיט די איינגענע הענד מיט'ן ליניִמענט און שמירעכץ — דאָס מוז אימיצער טהאָן פאַר איהם — און ער איז איינער אַליין. די נויט האָט איהם אפילו אויסגעלערענט ווי זיך צו העלפען: ער בעגיסט אָדער בעשמירט אַן אַלטען „אונטערהויז" מיט'ן מעדיצין און אַרבייט מיט דעם אויף דעם זעלבען סיסטעם, ווי דער שטיוועל־פּוצער דערענדיגט מיט זיין שמאַטע מאַכען דעם „שיין" — פיהלט ער אָבער ניט דעם ריכטיגען טעם און עס העלפט אויך ניט אַזוי גוט, ווי מיט אַ פּאָאר מענשליכע הענד, און עס נעהמט אַוועק נאָך אַמאָל אַזוי פיעל פונ'ם מעדיצין: אַי עס קאָסט טהייער, אַי ער האָט קיין הנאה ניט. און איין „האָט וואָטער בעג" איז אָפט ניט גענוג פאַר איהם — האָט ער זיך אויך אין דעם פאַל אויסגעלערענט זיך העלפען פיעל־ניט־איז: דעם „האָט וואָטער בעג" לעגט ער צו די פיס און פאַר'ן פּלייצע אָדער רוקען האָט ער זיך פערשאַפט אַזאַ קיילעכדיגען בלעך, מיט וואָס מ'דעקט צו אַ טאָפּ, ער ברענט עס אָן אויף די געז, וויקעלט עס איין אין אַ שמאַטע און לעגט זיך אַוועק אויף דעם מיט'ן אַנגעווערהטאַגטען אָרט. און אַזעלכע נעכט האָט ער עטליכע מאָל דורכ'ן וואָך, אין הערבסט, ווינטער און פריהלינג, און ניט זעלטען אויך דורכ'ן זומער. אָפט מוז ער אויך אין מיטען טאָג געהן אַהיים און טרייבען פון זיך דעם רהוּ־מאַטיזם.

ער מוז פּטור ווערען פון די „וועטערען", פון די טרעפּ. אָבער ווי אַזוי? ווי וועט דאָס פּאַסירען? וואָס קען ער דען טהאָן? אַנהויבען איצט לעהרנען זיך אַ מלאכה? אַז ער וואָלט געקענט ווי ס'איז פערשאַפען זיך אַ שטיקעל ביזנעס! אַ סיגאַר־סטאָר, אַ קענדי־סטאָר, אַ פּייפּער־סטענד, עפּעס וואָס־ניט־איז, אַבי נור זיין „אינסייד", זיצען אויף אַן אָרט, ניט קריכען אויף די טרעפּ, ניט זיין אויף די „וועטערען". אָבער די קלענסטע שטיקעל ביז־נעס קאָסט געלד, און וואו וועט ער נעהמען געלד? ער האָט דורך די אַלע יאָהרען ניט אָפּגעשפּאָרט קיין איין סענט — ער

איז אַ גאַנץ שוואַכער אַגענט, זיין רזשאַב איז שטענדיג אין גע־פאַהר.

און דער לעבען אַליין, דער עלענד איז איהם שוין אַריין „אין די ביינער“. דורכ'ן טאָג זעהט ער זיך אָן אַ סך היימען, אַרימע און ניש'קשה'דיגע, און ער מיינט, אַז יעדע הויז, יעדע היים איז אַ גן־עדן, און ער קוקט זשערנע און ער איז מקנא, ווען ער זעהט אַ מאַן קומענדיג אַהיים פון דער אַרבייט, אין וואַרימע רומס, און דעם גאַנצען טאָג איז ער געזעסען אויף אַן אַרט... און וואו זיסעלמאַן דערזעהט אַ ווייכע זאַפע, ווילט זיך איהם אויסציהען זיך און בלייבען ליעגען, אויסרוהען די פיס.

אַ מיידעל מיט אַ פּאָר דאָלאַר! דערפון האָט ער ניט אויפ־געהערט טראַכטען, דאָס איז געווען זיין האָפנונג. ער וואָלט ניט געקוקט אויף שעהנקייט און די אַנדערע זאַכען. ער וואָלט זיך געקויפט אַ שטיקעל ביזנעס און געזעסען אויף אַן אַרט, און ניט געציטערט אַזוי פאַר די „וועטערען“. אַ מיידעל אָהן געלד קען ער ניט נעהמען. פון וואָס וועלען זיי לעבען? די דרייצעהן דאָ־לאַר אַ וואָך פערדיענסטען זיינע איז דאָך ניט גענוג פאַר איהם אַליין; און ער וועט דאָס גאַרניט לאַנג קענען אַנהאַלטען: די פיס און דער אָטהעם ווערען ביי איהם ערגער. אַ שטיקעל ביז־נעס איז שוין אַן אַנדער זאַך. ער וואָלט געטהאָן זיין בעסט אַרויפצואַרבייטען די ביזנעס און ער וואָלט אפשר געוואָרען מיט דער צייט גוט אַב: מענשען אַרבייטען זיך דאָך אַרויף אין ביז־נעס; מ'הויבט אָן פון קליין און מ'ווערט גרויס. אָבער ניט פון די זינגער־מאַשינען, — דאָס איז די ערגסטע זאַך אויף דער וועלט: מ'בלייבט ביי דעם אַן אייביגער קבצן.

וואו נעהמט מען אַ מיידעל מיט אַ פּאָר דאָלאַר? ס'זיי־נען גראָד יאָ פאַראַן מיידלעך מיט געלד — זיינען זיי אָבער ניט קיין בעלנים אויף אַזעלכע בחורים, ווי באַרנעט זיסעלמאַן, מיט דרייצעהן דאָלאַר אַ וואָך פערדיענסטע, מיט אַ קורצען אָטהעם, (זיין רהומאַטיזם האָט זיך דאָך פון דרויסען ניט אַרויס־געזעהען).

2

די דרעסמייקערין יעטע מיילער איז אייגענטליך גארניט קיין דרעסמייקערין. זי האט א סך יאהרען געארבייט אין שניידער־שעפער, און דאס איז איהר לאנג מיאוס געווארען, האט זי אוועק־געווארפען דעם שאפ און זיך אוועקגעזעצט ביי איהר שוועסטער אין פראנט־רום נייהען קינדערשע קליידלעך און שלאגט דערפון ארויס איהר ארימען לעבען.

יעטע איז א מיידעל שוין גארניט קיין יונגע און גאנץ שוואך אין געזונד. זי איז שוואך און נערוועז; אלע ווייל קריגט זי א שרעקליכען קאפ־וועהטאג, אז איהר ווערט שווער צו זעהן פאר די אויגען און איהר הארץ קלאפט ווי מיט א האמער. און דער־פאר טאקע האט זי געמוזט אוועקווארפען דעם שאפ. אז ס'כאפט איהר אן דער קאפ־וועהטאג און די הארץ־קלאפעניש, מוז זי זיך אויף א פאר שעה אוועקלעגען. עס איז שוין באלד צוואנציג יאהר ווי זי נייהט און האלט זיך אויף ביי איהר שוועס־טער אין פראנט־רום, און דער איינציגער חבר אין איהר לעבען איז די זינגער־מאשין... און איהר ווילט זיך אזוי אברוהען און קריגען אן אמת'ן חבר, א לעבעדיגען, וועלכער זאל איהר אוועק־נעהמען פון מאשין און פערזארגען איהר... אמאל, מיט יאהרען צוריק, האט זי בראקירט, שטארק געקליבען, אוועקגעלאזען ניש־קשה'דיגע געלעגענהייטען, און אזוי זיינען אוועק די יאהרען. איצט וואלט זי שוין געלאזען עס פיעל ביליגער: זאל זיין ניט קיין שעהנער, זאל זיין אן עלטערער, זאל זיין אהן ליעבע, ניט קיין איבריגס גרויסער פערדיענער, אבי א פערזארגער, א שפייר־זער, אן אויסלייזער פונ'ם מאשין, אן אייגענעם מענשען, א פריינד, וואס זאל זיך מיט איהר אינטערעסירען, אוועקזעצען איהר אין רומס און זי זאל זיך לעבען ווי אלע מענשען.

3

יעדען מיטוואך איז בארנעט זיסעלמאן געקומען קאלעקטען א דאלאר פאר א מאשין ביי יעטע מיילער.

און ווי ס'איז שוין געווען זיסעלמאַן'ס טבע אָוועקצוזעצען זיך אויף אַ ווייליגקע, אָבווישען די פּיס און דערכאַפּען דעם אָטהעם אין יעדען הויז, וואו ער איז אריינגעקומען, האָט ער אויך אַזוי געטהאָן ביי יעטע מיילער. און אַזוי איז מען בעקאַנט געוואָרען. זי האָט זיך דערוואוסט, אַז ער איז אַ בחור; ער — אַז זי איז נאָך אַ מיידעל.

אין די ווייטערדיגע מיטוואָכען האָט ער אָנגעטהאָן אַ ווייסען קאָלנער מיט די זונטאָגדיגע נעקטיי, זיך געלאָזט אָבפּוצען די שיך און ארומבערשטען די קליידער, איידער ער איז אריינגעקומען צו יעטע מיילער; און ער פלעגט ניט באַלד אריינקומען אין הויז נאָכ'ן אַרויפקריכען די טרעפּ, נאָר פריהער גוט דערכאַפּען דעם אָטעם.

און זי, יעטע, האָט זיך מיטוואָך אָנגעטהאָן שעהנער ווי אַלע טאָג און „צוגעפּיקסט" אַביסעל דעם פּנים.

בארנעט זיסעלמאַן האָט אַלע טאָג געטראַכט פון יעטע מיילער. ער האָט זיך אין איהר ניט פערליעבט — ער האָט גאָר אייגענטליך קיינמאָל ניט געגלויבט אין ליעבע. ער האָט אָבער בענומען, אַז ס'וואָלט געווען פאַר איהם אַ גוטע זאַך, אַז יעטע וואָלט מיט איהם חתונה געהאַט. אַ דרעסמייקערין איז פונקט אַזוי גוט, ווי אַ קענדי־סטאָר, און נאָך אפשר בעסער. אַ ביזנעס קען געהן שלעכט, מ'קען אַמאָל גאָר קיין לעבען ניט מאַכען און נאָך צולעגען די עטליכע דאָלאַר; מ'מוז שווער ארבייטען אין אַן אָרימע ביזנעס, שטעהן אויף די פּיס. אַ דרעסמייקערין זיצט זיך און ארבייט און מ'ברענגט אריין דאָס געלד אין הויז... און ער טראַכט זיסע געדאַנקען: די ערשטע צייט נאָך דער חתונה וועט ער זיך מאַכען אַן אמת'ען יום־טוב. ער וועט שיקען „אין דר'ערד אריין" זינגער'ן מיט זיינע מאַשינען, מיט זיינע קאָלעקשאָנס, מיט די „קאָללס". באַלד אין דער פריה נאָכ'ן ברעקפעסט וועט ער זיך אָוועקלעגען אויפ'ן ווייכען לאָונדזש און זיך רוהען, רוהען די פּיס... ער וועט אַזוי אָבליגען ביז מיטאָג און דערנאָך וועט ער אַביסעל ארויסגעהן אין גאַס — אויב דער וועטער וועט

זיין שעהן — נעהמען אביסעל א וואך. אז ס'וועט אריבער עט־ליכע חדשים, ער וועט זיך שוין האבען גוט אויסגערוהט, וועט ער זעהן, אפשר וועט זיך איהם מאכען וואס צו טהאן, עפעס א גרינגע זאך, ער זאל ניט דארפען ארומגעהן און ניט שטעהן אויף די פיס. ער וועט ניט דארפען יאגען זיך אזוי נאך פער־דיענסטען — זי וועט זיצען און ארבייטען און ס'געלד וועט אריינ־קומען אין הויז... אפשר וועט ער גאר זעהן פערגרעסערען די דרעסמייקעריי, אריינגעהמען מענשען...

אזוי האט ער געטרוימט און זיך געבויט לופט־פאלאצ... אבער ער איז כמעט ווי זיכער געוועזן ביי זיך, אז איהם ווע... מסתמא ניט זיין בעשערט אזא גליק...

4

יעטע מיילער האט דוקא יא געגלויבט אין ליעבע און האט דערפון געטראכט אלע טאג פאר א סך יאהרען; און אין דעם זינ־גער־קאלעקטאר האט זי זיך ניט פערליעבט, נאר דאך וואלט זי ש...ן צופריעדען געוועזן צו געהן מיט איהם צו דער חופה. זי שטע...ט זיך פאר, אז ער איז ניט קיין נגיד, אז ער איז ניט קיין גרויסער פערדיענער, אבער אלץ א שטיקעל לעבען וועט ער מאכען; און ערגער און ארימער ווי זי לעבט איצט, וועט זי דאך געוויס ניט לעבען פאר איהם... און זי טראכט זיסע געדאנקען: נאך דער חתונה, דיזעלביגע וואך נאך, טאקע אויף מארגען, נעהמט זי און ווארפט ארויס די מאשין, — ניין, זי וועט די מאשין גארניט מיטנעהמען פון דאנען... זי קען דאס מעהר פאר די אויגען ניט אנקוקען... זי וועט אפילו פאר זיך אליין קיין וויסטעל ניט אויפ־נייהען... אלץ אין דער וועלט וועט זי טהאן, נאר ניט צוריהרען זיך צום מאשין אדער נעהמען א נאדעל אין האנד... זי וועט רו־הען, רוהען... זי וועט שלאפען ביז א שטיק אויפ'ן טאג — ברעקפעסט וועט ער זיך קענען נעהמען אליין, איידער ער וועט אוועקגעהן קאלעקטען — ס'איז ניט אזא שווערע ארבייט... און דעם גאנצען טאג וועט זי ארומגעהן אין א קימאנא — אזוי ביז

פֿאַרנאַכט, ווען זי וועט דאַרפֿן אָנהויבן צוגרייטן סאַפּער... אין א שעהנעם טאָג וועט זי אַרויסגעהן אַביסעל פֿאַר אַ „וואַק"... און זי וועט שוין קיינמאָל ניט אָנזעהן די ווייבער, די קאָס־טאָמערקעס... געווים, ניט אַזאַ מאַן, ניט אַזאַ חבר פֿאַר'ן גאַנצן לעבען האָט זי זיך פֿאַרגעשטעלט אין די אַלע לאַנגע יאָהרען... זי האָט געטרוימט און געהאָפט אויף אַ סך, אַ סך בעסער ווי ראָם... זי וואָלט אָבער געגאַנגען מיט בּאַרנעט זיסעלמאַן צו דער חופּה כּמעט היינט.

5

דער שידוך איז געשלאָסען געוואָרען גרינג. קיין שום שוועריגקייט איז ניט געלעגען אויפ'ן וועג. ביידע צדדים האָבען דאָך אויף דעם געוואַרט, און יעדער צד האָט זיך נאָר געשראָקען, אַז די מניעה קען זיין פֿון יענער זייט. ווי עס פֿיהרט זיך שוין, האָט די ערשטע איינגעזעהן די גלייכקייט פֿון דער זאַך יעטע'ס שוועסטער: גוט צוקוקענדיג זיך צו בּאַרנעט זיסעלמאַן, האָט זי געזעהן, אַז ער איז ניט קיין צו פֿעטער ביסען פֿאַר איהר שוועסטער, און זי פֿאַר איהם אויך ניט... האָט זי אָנגעהויבען איהם מקרב זיין, מכבד געווען איהם מיט טהעע, מיט גרינגע צובייסען, געהייסען איהם ניט איילען זיך און זיצען אַביסעל לענגער; און נאָך אַ פּאָר געהיימע קאָנפֿערענצען צווישען ביידע שוועסטער, איז יעטע אויך געוואָרען נאָר פֿריינדליך צו איהם. די זאַך האָט זיך לאַנג ניט געצויגען, מ'האָט פֿון קיין צד ניט געבּרויכט קיין הויכע דיפּלאָמאַטיע, קיין שום „טריקס" און מען איז ניט געגאַנגען דורך הינטער־געסלעך. עס איז געוואָרען אַ שידוך. די חתונה וועט זיין אַביסעל שפּעטער.

6

אי דער חתן, אי די כּלה, וואַרט אונגעדולדיג אויף די גוטע צייט, וואָס זיי שטעהט פֿאָר. ביידע האָבען זיי, גוט אויסצורר־העם זיך פֿון די לאַנגע, שווערע יאָהרען. ער וועט אַוועקוואַרפֿען די מאַשינען; זי וועט אַרויסוואַרפֿען די מאַשין.

דער חתן קומט אַלע אָבענד צו דער כּלה אין הויז און מען פערברענגט אין פריינדליכע געשפּרעכען.

ערוואַרטענדיג דעם חתן, ווערט די כּלה שטאַרק „ביזי" מיט איהר אַרבייט אויפ'ן מאַשין — זאָל ער זעהן, אַז זי איז ניט קיין פוילערקע.

אָבער ער קען ניט זעהן, אַז זי אַרבייט שווער.

— גענוג פאַר היינט, לעג אַוועק די אַרבייט! — זאָגט ער צו איהם מיט אַ „גוטען בייזער".

— כ'וויל אַרויספינישען.

— וועסט אַרויספינישען מאָרגען. סטאַפּ!

— אָט פיניש איך שוין.

ער שטעהט צו, זי זאָל אויפהערען אַרבייטען; און ער פיהרט אויס.

זי מאַכט טהעע און ברענגט אַריין אין פראָנט־רום. זיי רייר דען פון זייער גוטער צוקונפט.

ער ריהמט שטאַרק די זינגער־קאָמפּאַניע. ס'איז די גרעסטע אין דער וועלט; ווער „ס'מאַכט זיך נור אַריין" אין די זינגער קאָמפּאַניע איז שוין אַ פערזאָרגטער. פערציג טאָלער אַ וואָך קען אַן איידזשענט מאַכען גרינג, ווי אַ האָר פון מילך; אַנדערע מאַכען נאָך מעהר. אָי, וואָס ער פערדיענט ניט מעהר ווי צוואַנציג (אַזוי האָט ער זיך בעריהמט), איז דאָס דערפאַר, ווייל ער האָט ניט „געקעהרט" — ער האָט זיך ניט געיאָגט נאָך גרויסע פערדיענסטען — ער האָט גענוג פאַר איין מענשען, פאַר זיך אַליין. אָבער איצט, אַז ער „געהט הייראַטען", וועט שוין זיין גאַנץ אַנדערש. ער וועט זיך אַביסעלע מעהר אָנשטרענגען און — וועגען זיינע גוטע פערציג דאָלאַר אַ וואָך האָט ער זיך ניט וואָס צו זאָרגען.

די כּלה איז אָבער ניט צופריעדען מיט זיינע פּלענער, און זי זאָגט איהם, אַז זי וועט איהם ניט לאָזען צו שווער זיך אָנשטרענגען און קריכען אויף די טרעפּ. זי אַליין איז אויך קיין פריצטע ניט. וואָס הייסט, זי וועט זיך אַוועקזעצען מיט פערלענגטע

הענד אויף אַלעם פּאַרטיגען און איהם לאָזען אַזוי האָרעווען?
זי איז חס ושלום ניט קיין קאַליקע, זי קען גרינג פערדיענען אַ
דאָלאַר.

ער לאָזט איהר ניט ענדיגען ריידען. וואָס איז דאָס פאַר אַ
רייד? ער וועט איהר לאָזען אפילו אַ קוק טהאָן אויפ'ן מאַשין?
ער גלייכט ניט, אַז אַ פרוי זאָל איהם פערדיענען געלד — אַזאַ
זאַך פּאַסט ניט פאַר איהם... וואָס איז, ס'וועט איהם אויספעהלען
אויף אַ לעבען?

די כלה האַלט זיך אָבער ביי דאָס איהריגע. ס'האַרץ וועט
איהר ניט דערלאָזען זיצע „גלאַט אַזוי" און ניט אריינטהאָן אַ
פינגער אין קאַלטע וואַסער. וואָס וועט זי טהאָן גאַנצע טעג —
קוקען אויף די ווענט? און זי וויקעלט פאַר איהם פונאַנדער אַ
גאַנצען פּלאַן: דרעסמייקעריי איז אַ טייערע ביזנעס. איצט
אַרבייט זי אין אַ פּראָנט־רום, קען זי דעם געשעפט גרוים ניט פיה־
רען. שפּעטער וועלען זיי נעהמען אַ גרויסע סטאָר, ציּ אַ „לאָפט".
זי וועט קריגען די בעסטע קאַסטאָמער, זי וועט מאַכען די טייער־
סטע אַרבייט, ס'וועלען אַרבייטען ביי זיי אַ סך מענשען, און ער
וועט דאַרפען בלויז „אכטונג געבען", צוגעהן ערגעץ וועגען טרי־
מינגס, און זיי וועלען נאָך מיט דער צייט אריינגעהמען „וואַו־
לענס" אויך.

ער איז אָבער איינגעשפּאַרט. ניין און ניין. ער וועט ניט
דערלאָזען זיינע „אַ פרוי" צו זיין אַ פערדיענערקע. אַ פרוי מוז
זיך אָבגעבען מיט דער הויז, מיט דער באַלעבאַטישקייט — אַ פרוי
טאָר ניט פערדיענען.

לאָזט זי אַליין ניט נאָך: ס'איז קיין תכלית ניט אייביג צו
האָרעווען פאַר אַנדערע און זיין פערקויפט צו „יענעם". די בעס־
טע זאַך איז, אַז מ'איז אין ביזנעס פאַר זיך.

לאַכט ער פון איהר: ווי קומט ער צו האָרעווען? ס'איז ביי
איהם אַ שפּיעלכעל! וואָס איז דאָס פאַר אַן אַרבייט. אריינקומען
אין הויז קאָלעקטען אָדער פערקויפען אַ מאַשין? און ער זעהט
קייז באָס ניט אַן פאַר די אויגען. ווער זאָגט איהם דעות? ער

טהוט וואס ער וויל. ער וואלט דאס ניט פערבייטען אויף די גרעסטע דרעסמייקעריי.

אזוי רעדט מען און מען גיט זיך „ארגומענטס“.ביידע האל־טען שטאהל און אייזען פאר דאס זייערינע, ווילען א האר ניט נאכלאזען, שטארק פער'עקשנ'ט, אבער צו קיין ערנסטע קריע־געריי קומט עס ניט און דער שידוך וועט זיך צוליעב דעם ניט פונאנדערגעהן.

און שטענדיג, אז זיי פערזיצען זיך שפעטלעך אין אבענד, דערשפירט דער חתן א בעקאנטען גאסט — א וועהטאג אין א פוס, אדער אין ביידע, אדער א ברעכעניש אין רוקען אדער אין א פלייצע. ער מוז וואס גיכער איינרייבען מיט די רפואות זיינע און זיך ראטעווען מיט'ן „האט וואטער בעג“. טאמער פערזיצט ער זיך צו שפעט, וועט זיך די מיסעס דערוויילֿ לעגען שלאפען, בלייט ער אהן הייסע וואסער!...

און די כלה בלייבט ניט הינטערשטעליג. זי קריגט איהר „סטעדי'ן“ קאפ־וועהטאג, אז זי קען ניט זעהן פאר די אויגען, איהר הארץ קלאפט ווי מיט א האמער — זי מוז זיך אוועקלעגען, אז ניט, דאכט זיך איהר, וועט זי דא אוועקפאלען לעבען חתן.

די הייסע וואסער, וואס ער קען פערשפעטיגען, טרייבט דעם חתן אונטער. די וועהטאגען וואלט ער נאך ווי־ניט־איז אויסגע־האלטען נאך א ווײלע, אבער די הייסע וואסער — מיט דעם טאר ער זיך ניט שפיעלען. הויבט ער אן זאגען איהר, אז ס'איז שפעט פאר איהר ווייטער צו זיצען, זי דארף זיך לעגען אברוהען, זי האט דעם גאנצען טאג געארבייט; און זי ענטפערט אויף דעם, אז פאר איהר מאכט ניט אויס, ער איז אבער געווים מיעד פון גאנ־צען טאג ארומגעהן.

מ'דינגט זיך א ווײלע. זי בעגלייט איהם צום טהיר און לאזט אראפ הינטער איהם דעם „פעטענט“.

די כלה פאלט אוועק אויפ'ן בעט אין די קליידער. דער קאפ טהוט שרעקליך וועה, די הארץ האמערט, און שווער און בלייאיג איז איהר יעדעס גליעד. אבער זי איז ניט מעהר אזוי אונגליק־

ליד און פערצווייפעלט, ווי אין די פריהערדיגע צייטען — ס'געהט צו אַ פערגרינגערונג... שוין גאָר נאָהענט... זי וועט ניט ארביי־טען אויפ'ן מאשין, וועט איהר ניט וועה טהאָן דער קאָפּ, וועט די הארץ אזוי ניט קלאפּען...

און דער חתן, אָנשטרענגענדיג די וועהטאָגדיגע פיס צו געהן וואָס גיכער, טראַכט איצט נור פון איין זאַך: „הייסע וואַ־סער"... זאָל ער נאָר ניט פערזאַמען די הייסע וואַסער... און אין רום, ארבייטענדיג מיט'ן „אונטערהויז" אויף דער שטעכעדי־גער פּלייצע אָדער צוועהטאָגטען רוקען, איז ער שוין ניט אזוי דערשלאָגען: באַלד־באַלד וועט ער דאָך שוין האָבען ווער דאָס זאָל פּאַר איהם טהאָן מיט די הענד... און ס'קען גאָר זיין, אז ער וועט ניט ארומגעהן אין די „וועטערען". רוהען די פיס אויפ'ן לאונדזש, וועט איהם גאָר אין גאַנצען אויפהערען וועה טהאָן די פיס און ס'וועט איהם ניט שטעכען אין פּלייצע... געוויס, ער וועט געזונד ווערען... באַלד, באַלד...

# אַ טרייסט?

— אַ גאַסט, אַ גאַסט! פֿאַרט דערמאַנט זיך אַמאָל אַרויפֿקו־מען! — איז מיסעס געלער געקומען אַנטקעגן איהר פֿריינדין, מים גאַרדאַן. — זיצט, זעצט זיך.

די מיסעס געלער און די מים גאַרדאַן זיינען פֿריינד שוין פֿון גאַנץ לאַנג. זיי האָבען אַמאָל געאַרבייט אין איין פֿלאַץ און גע־וואוינט אין איין הויז. מיסעס געלער איז מיט עטליכע יאָהר אינגער פֿון מים גאַרדאַן. היינט איז די אינגערע שוין אַ מאַמע פֿון צוויי קינדערלעך, און די עלטערע איז נאָך אַ מיידעל — אַן אַלטע מיידעל. קומט שוין אַזוי אויס, אַז די מיידעל זאָגט צו דער מאַמען פֿון צוויי קינדער „דו“, און די לעצטע זאָגט צו יענע „איהר“.

— וואָס מאַכט מען ביי דיר? — פֿרעגט מים גאַרדאַן. — די קינדער, מאַקס?

— קינדערלעך, בריליאַנטען! — זאָגט די מאַמע בעגייס־טערט מיט גליק — אייבעלע איז אַראָפּ מיט'ן פּאַפּאַ אין סטרים. ער האָט מיר היינט איבערגעקעהרט די הויז קאַפּויר. ענעלען האָב איך איצט קוים מיט צרות איינגעשלעפֿערט, איהר'ט זעהן אַ דאַלי! און וואָס מאַכט איהר? ווי איז מען דאָס אַזוי און מען קומט ניט אַמאָל צוגעהן?

— ס'איז ניטאָ קיין צייט — זאָגט מים גאַרדאַן, ציהענ־דיג די העט־פּינס — ס'איז אַלע מאָל דאָ עפּעס צו טהאָן.

— א י ה ר האָט קיין צייט ניט, היינט וואָס זאָל איך שוין זאָגען? די קינדערלעך דאַרף מען אַלע ווייַלע איבערטהאָן אין קלאָרע „זאַכען“, און וואָס זיי וואַרפֿען מיר אָן און וואָס זיי שלײ־

דערעזן מיר אז! מ'דארף האבען א מענשען פאר יעדען פון זיי בעזונדער. וואס זאל איך שוין זאגען, אז איהר האט קיין צייט נים?

— וואויגסט שוין דא לאנג אין די רומס? — פרעגט מים גארדאן, בעקוקענדיג דעם צימער.

— דער פינפטער מאנאט. אט אזוי, מיינט איהר, האט אויסגעזעהן מיין פראנט־רום? אלץ ער, אייבינקע, צובראכען, צו־פליקט אלץ, וואס האט זיך איינגעפונען אויפ'ן סיידבארד און אויפ'ן מענטעלפיעס... מיין אלבום געדענקט איהר דאך, איז שוין פון איהם א ברעקעל ניטא — אהא, וואס הער איך? זי איז שוין אויפגעשטאנען! מיין ענעלע איז שוין דא.

די מאמע איז אויף גיך אריין אין בעד־רום און איז באלד צוריק ארויסגעקומען מיט ענעלען אויף די הענד.

— אזוי איז אלע מאל: אט לעג איך איהר אוועק און אט איז זי שוין צוריק דא. איהר'ט אפשר טרינקען טהעע?

מיסעס געלער האט אנגעצאפט א קאן וואסער, ארויפגעשטעלט אויפ'ן געז־אויוועלע און האט ווייטער גערעדט:

— וואס קען דאס זיין, וואס מאקס איז נאך ניטא מיט אייעלען? אין אלע ווינקעלעך איז דאך פינסטער, אז אייבעלע איז ניטא אין הויז איהר זעהט? — האט זי אנגעוויזען אויף צוויי האלבע טעלער — היינט האבען זיי מיר דאס ביידע פארטיג גע־מאכט א נייעם טעלער.

— ווי טהייער קאסט דיר דא רענט? — פרעגט מים גארדאן.

— נײנצעהן טאלער. כ'קען דאס אסור נים „אפארדען", נאר אלץ צוליעב זיי, די קינדערלעך, ס'איז ליכטיגער, מיט א גרויסען יארד, מיט לופט.

— גוט, וואס כ'האב זיך דערמאנט — זאגט מים גארדאן, עפענענדיג איהר האנד־בייטעל — דו'סט ביי מיר נעהמען א פאר טיקעטס פון אונזער ברענטש אויף פרייטאג אבענד. ס'וועט זיין א ליטערארישער אבענד און א שעהנער קאנצערט. איהר וועט זיך גוט אמוזירען.

— וואס רעדט איהר? — האט אויסגערופען מיסעס געלער —

ווי קען איך? און וואס וועלען מיינע חברה זאגען? און קיין קאנצערטען פעהלען מיר, גאט צו דאנקען, ניט. אז אייבעלע און ענעלע זיצען זיך און שפּיעלען זיך, האב איך דעם בעסטען קאנ־צערט. כ'האב מיר מיינע קאנצערטען אלע טאג ביי מיר אין הויז, קיין בעטערע דארף איך נים.

מיסעס געלער'ס רייד איז פּלוצלונג איבערגעהאקט געווארען. מיט אן אראבגעלאזענעם קאפּ, קוקענדיג אן א זייט, האט זי ענע־לען אוועקגעזעצט אין א ווינקעל, און שטיל זיך גענומען שארען ארום טהעע־קאן, נים אויפהויבענדיג די אויגען און נים געקוקט אין מיס גארדאן'ס זייט. „וואו איז מיין שכל?" — האט זי זיך געשטראפט און זיך געקרענקט, „פאר וואס האב איך זיך אזוי „צולאזען" פאר איהר מיט די קינדער?..."

זי האט אנגעגאסען טהעע און אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש, זיך אוועקגעזעצט און געזוכט צו פערריכטען איהר פעהלער.

— איך זאג אייך, בערטהא, גלויבט מיר, ס'לוינט זיך אסור נים דער גאנצער עסק. איהר מעגט מיר גלויבען, כ'ווייס שוין גארניט ווי די ווייסע וועלט זעהט אויס, און אלץ איבער זיי, די קינדער. איצט איז מיר, זאג איך אייך, א ווילע א ליכט אין די אויגען, דער לויפער איז ניטא. מ'ווערט אזוי ווי א שקלאף, ניטא נים קיין טאג און נים קיין נאכט. און פרעגט: פאר וואס? פאר ווען? אסור, אויב איך ווייס. ווי קום איך נאר ערגעץ ארויס־געהן אמאל, ווי אלע מענשען... אמאל זעהן זיך מיט אימיצען, ווי אלע טהוען... און טאמער מאכט זיך נאך אמאל, זיי ווערען נים געזונד, איז שוין מיט דאקטוירים, מיט אלע צרות, הײנט די שרעק, די יסורים, וואס מען האט, איז שוין נים כדאי דער גאנ־צער עסק... איהר געדענקט דאך, אז איך בין געווען א מיידעל, ווי איך האב פערבראכט, מיט טהעאטערס, מיט אויספאהרען און אויסגעהן; הײנט די פּיק־ניקס, אלע ווײלע די נייע העטס — פרעגט, וואס האב איך איצט, וואו נעה איך און וואס זעה איך?... ווי איינער האט אמאל געזאגט: האסטו חתונה געהאט, ליעגסטו שוין טיעף אין דר'ערד.

און מיסעס געלער האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ אויף דער האַנד, כלומר'שט שטאַרק פאַרזאָרגט, פאַר'צרה'ט. איהר איז שטאַרק ניט גוט... נאָר געפיהלט ביי זיך האָט זי, אַז זי האָט נאָך אַלץ ניט גוט געמאַכט איהר פעהלער... גלויבט זי איהר דען?... און איהר ווילט זיך עפּעס טהאָן פאַר איהר פריינדין... זיין גוט צו איהר... זי ווייס אָבער ניט וואָס צו טהאָן און וואָס נאָך איהר צו זאָגען... און זי קען ניט קוקען גלייך איהר אין פּנים, אין די אויגען אַריין.... האָט זי איהר דען געטרייסט?... קען דאָס זיין אַ טרייסט?...

## שוואַכע מענשען

די קראַנקע האָט אונגעדולדיג אַלע ווײַלע געקוקט אויפ'ן גרויסען וואַנד־זייגער, צו איהר רעכטען זייט. און לאַנג און שווער האָבען זיך געצויגען די סעקונדען און מינוטען צו צוויי, ווען עס פאַנגען זיך אָן די בעזוך־שטונדען אין האָספּיטאַל.

היינט איז מיטוואָך, און אַלבערט וועט היינט ניט קומען; ער וואַלט געמוזט צוליעב'ן בעזוך פערליערען אַ האַלבען טאָג, און דאָס איז פאַר זיי צו־שווער אין אַזאַ צייט. ער איז געוועזען זעהן איהר זונטאָג, מיטברענגענדיג מיט זיך זייער זיעבען־יעהריגע טאָכטערעל. דאָס איז געווען שוין אַנדערהאַלבען מעת־לעת נאָך דער אָפּעראַציאָן אויף איהר רעכטען אויער, ווען זי איז שוין געוועזען במעט אינגאַנצען אַרויס פון געפאַהר; האָט זי אַליין אַנגעזאָגט, אַז ער זאָל מיטוואָך ניט קומען, ס'וועט זיין גענוג, אַז ער וועט דורכ'ן טעלעפאָן נאָכפרעגען זיך. און יעדען טאָג, אין דער מיטאָג־שטונדע, האָט די נוירס איהר אָבגעגעבען אַ גרוס, אַז איהר מאַן האָט זיך אויף איהר נאָכגעפרעגט.

היינט וועט זי האָבען אַ גרוס פון איהר מאַן און קינד און פון איהר הויז דורך איהר גוטער פריינדין, סאָפיע, וועלכע וואוינט מיט איהר אויף איין פלאָר. סאָפיע האָט זיך אונטערגענומען אַכטונג צו געבען אויפ'ן קינד און אויפ'ן הויז דורך דער צייט, וואָס זי וועט זיין אין האָספּיטאַל. און זי האָט געמעגט פערלאָזען זיך אויף סאָפיע'ן, אַז אַלץ וועט זיין אין בעסטער אָרדנונג. וואָרים יענע איז אַ בריה, אַ ציכטיגע, אַ גרויסע ווירטהין און אַן אמת'ע גוטע פריינדין. אָבער צו די דאָזיגע מעלות איהרע איז נאָך סאָפיע אַ שעהנע, יונגע פרוי, אַ קלוגע און אַ לעבעדיגע... און אַט ווענען דעם האָט די קראַנקע ניט געקענט ליעגען רוהיג...

דורך די לעצטע פאר טעג, זייט דער וועהטאג האט איהר נאכגעלאזט און איהר קאפ האט זיך אביסעל אויסגעקלעהרט, הערט זיך ניט אויף איבערטראכטען און מאכען זיך חשבונות, אויב זי האט געטהאן גוט און ריכטיג, איבערגעבענדיג סאפיע'ן איהר הויז, איהר קינד און איהר מאן. צי האט זי זיך מיט דעם ניט אנגעמאכט א צרה... נאר האט זי דען געקענט אנדערש האנד־לען, אז יענע האט זיך אליין אנגעבאטען צו נעהמען אויף זיך די שווערע ארבייט? ... האט זי דען געקענט זאגען איהר, אז זי האט פאר איהר מורא, וויל איהר ניט אנטרויען?... קיינמאל אין איהר גאנצען לעבען וואלט זי דאס קיינעם ניט געקענט זאגען... דאס הייסט דאך ארויסווארפען זיך אליין... ארויסווייזען, אז יענע איז וויכטיגער פון איהר...

זי האט דאס אבער פארט ניט געדארפט טהאן... בעגאנגען א גרויסען פעהלער... איצט איז שוין צו שפעט... זי כאפט זיך אבער באלד, אז זי האט אייגענטליך זיך ניט געקענט העלפען. וואס אנדערש האט זי דען געקענט טהאן? וואו האט זי דען געקענט איבערלאזען ס'קינד און אויף וועמען איבערלאזען איהר הויז?... זי האט טאקע געקענט אויספיהרען, אז אלבערט זאל עסען סאפערס אין רעסטאראן — סאפיע זאל פאר איהם ניט קא־כען און איהם געבען עסען... נאר וואס וואלט זי מיט דעם אויס־געפיהרט?... ס'קינד וואלט דאך געמוזט האבען איהר סאפער ביי סאפיע'ן, און ער וואלט זיך אנגעגעסען ווער ווייסט מיט וואס'ערע פערפוילטע פלייש. און פאר'ן קינדס סאפער וואלט זי דאך גע־דארפט בעצאהלען — וואלט דאך איהר געקאסט א סך טהייערער, און ער וואלט זיך נאך פערשאפט א קראנקען מאגען... און וואס וואלט זי דען מיט דעם געקענט פערהיטען: אז ניט סאפערס, קען מען ניט טרעפען דעם וועג, אז מ'וויל? ... אנדערע מענער קענען אליין פיהרען די באלעבאטישקייט, אז די ווייב איז ניטא; ער אבער קריגט ליימענע הענד, אז ער דארף טהאן די קלענסטע זאך אין הויז — אפילו ארויפשטעלען אביסעל וואסער פאר זיך אויף א גלאז טהע, ווייס ער ניט ווי מען טהוט עס! און צו וואס

איז דאס נויטיג געווען, אז סאפיע זאל קאכען עקסטרא סאפערס פאר איהם מיט'ן קינד, זיי האבען דאך געקענט עסען ביי איהר אין הויז... איז ווידער דאסזעלבע: זי וואלט זיך מיט דעם וועניג־וואס פערהיט... און א חוץ דעם וואלט דאס איהם, אל־בערט'ן, אנגעקומען שווער; ער גלייבט ניט צו עסען אין פרעמ־דע הייזער, און סאפיע'ס מאן האט ער ניט ליעב, וואלט איהם געווען שווער צו זיצען מיט איהם ביים טיש און איהם וואלט ניט איינגעגאנגען דאס עסען. סאפיע האט זיך אליין אנגעבאטען — האט זי געמוזט צושטימען...

די שטונדען און די טעג אין האספיטאל ציהען זיך מורא'דיג לאנג, און די קראנקע האט גענוג צייט צו קלעהרען און צו דער־טראכטען זיך צו אלערליי מאדנע זאכען. זי האט קיינמאל ניט מורא געהאט, אז איהר מאן, אלבערט, זאל ווען עס איז פון איהר אוועקגעהן, איבערלאזען איהר און זיך אבגעבען מיט אנדערע; זי איז קיינמאל ניט אייפערזיכטיג געווען אויף איהר פריינדין, סאפיע. געוואוסט ביי זיך האט זי טאקע, אז סאפיע איז זעהר א שעהנע און מיט א סך אנדערע מעלות, און זי האט זיך אליין צוגעגעבען, אז סאפיע איז פיעל שעהנער פון איהר — אבער מורא געהאט פאר סאפיע'ן האט זי ניט. זי האט זעהר פיעל צוטרוי צו איהר אלבערט'ן; זי קען זיין כאראקטער און זי ווייס, וואס זי און ס'קינד און זיין היים זיינען פאר איהם — ער וועט ניט בעגעהן די מינדסטע אונריינע טהאט... און זי קען אויך גוט סאפיע'ן, וואס פאר א פיינע, אנשטענדיגע, עהרליכע פרוי זי איז — זי איז מיטביידען זיכער... נאר דא, אין האספיטאל־ציי־מיר, אין די לאנגע שטונדען און טעג, האבען איהר ניט אבגעלאזט און געמאטערט שלעכטע געדאנקען און פאנטאזיען, און זי האט איינגעזעהן און בעשלאסען, אז דארט, ביי איהר אין הויז, קומט עפעס פאר... איהר אלבערט איז טאקע דער בעסטער, דער טהייער־סטער, אבער א מאן איז ער פארט... א מאן טהוט אב און בלייבט זיך וואס געווען, ס'בלייבט גארנישט קענטיג אויף איהם... ער בלייבט זיך דערזעלבער פיינער מאן, מ'קען דעם בעסטען פון זיי

צופיעל ניט אנטרויען אין אזעלכע זאכען... און דערצו נאך אז ס'איז פאראן ביים האנד א שעהנע, יונגע ווייבעל... אבגעטהאן, און פערפאלען, ווי קיין זאך וואלט ניט פאסירט... דאס איז וועגען אלבערט'ן. און אויך פאר סאפיע'ן האט זי דערגרונטעוועט אן ענטשולדיגונג; סאפיע'ס מאן האט זיך ניט פערדיענט און ער איז ניט ווערטה צו האבען אזא פרוי... פריהער פון אלץ איז ער אן אבשטויסענד־מיאוס'ער מאנסביל: זיינע גלעזער אויף די אויגען זיינען אזוי גראב, אז מ'קען קוים דערזעהן דורך זיי זיינע מייזישע אויגעלעך, און דער נאז איז ביי איהם צושפרייט איבער'ן גאנצען פנים, ווי ביי א ניגער, און זיינע הענטעלעך און פיסעלעך פיצינקע, און אויפ'ן מיטען קאפ איז ביי איהם אויסגעלעגט א פליך, ווי אויסגעארבייט צו ארדער, קיילעכדיג ווי א טעלערעל; און צו די דאזיגע מעלות זיינע איז ער נאך א רשע מרושע, קאמאנדיעוועט מיט דער ווייב, ווי זי וואלט געווען זיין דיענסט־מויד... ווי קען מען גאר צולאזען נאהענט צו זיך אזא שטיק פערזעהעניש... האבען מיט אזא קינדער... אז ער זאל אפילו האבען זיינע מיליאנען, וואלט זי אפילו ניט געוואלט קוקען אויף איהם... געוויס, סאפיע'ן האט זי דאס קיינמאל ניט געזאגט, ווארים זי האט דאך געוואוסט, אז סאפיע איז אמאל געווען שטארק פערליעבט אין איהם — פאר דער חתונה — און נאך איצט מאכט סאפיע שפאס מיט איהר מאן און רופט איהם אן: „מיין פיקטשע, מיין פארשוין, מיין דארלינג“, און זי לעגט נאך צו: „שטיק דיימאנד“ — דאס חכמה'ט זי זיך מיט איהם, ווארום ער איז דאך פונקט דער היפוך פון א „פארשוין“, „פיקטשע“, „דארלינג“ און א „שטיק דיימאנד“... די קראנקע צושמייכעלט זיך: זי האט אמאל געלייענט א ביכעל, ווי אין איינעם, א פערזעהעניש, א מאנקי, א הויקער, דאכט זיך, נאר דערצו, האבען זיך געליעבט א סך שעהנע מיידלעך — ער האט געהאט אזא כח אין זיך צוצוציהען פרויען... נאר מיט איהר איז זי זיכער, וואלט דאס קיינמאל ניט געקענט פאסירען...

און די קראנקע רעכענט אויס, און זי גיט צו, אז עס וואלט גארניט געווען אזא גרויסע עולה פון סאפיע'ן, אז זי וואלט ווען־עס־איז

מיט װעמען־עס־איז פערבונדען א שטיקעל פריינדשאפט... א מענש איז ניט מעהר װי א מענש, און אייביג זיין צוגעבונדען צו אזא מאן װי איהרער, איז ניט קיין גרויסער מאכל... און דער דאַ־זיגער זכות אויף סאפיע'ן מישט זיך אוים אין איין קנויל מיט די סאפערס, װאס זי קאכט פאר איהר מאן... איהר צוקלייבען אין הויז, איהר אכטונג געבען און באדען ס'קינד...

די מאשינקע ביי דער קראנקער אין קאפ, ס'רעדעלע, דרעהט זיך, און װיקעלט פונאנדער פאר איהר נאך ערגערע, שרעקליכערע געדאנקען און בילדער.

װאס װאלט געװען, אז זי שטארבט פון דער אפערײשאן!... און זי װערט ביי זיך זיכער, אז איהר אלבערט װאלט חתונה געהאט מיט סאפיע'ן... װאו קען ער דען קריגען א שעהנערע, א בעסערע פון סאפיע'ן? און זי פרעגט זיך אליין: װאס איז איהר דער אונטערשיעד, מיט װעמען ער װעט חתונה האבען, אז זי װעט ליעגען אין דער ערד? און אז זי װיל זאגען, װאלט דאך טאקע פיעל בעסער געװען, אז ער האט חתונה מיט סאפיע'ן, און ניט מיט קיין אנדערע: זי קען דאך סאפיע'ן און זי װייס, װאס פאר א פרוי זי איז — קיין שלעכטע שטיעפמאמע צו איהר קינד װעט סאפיע ניט זיין... אבער, ניין. זי װיל ניט, ער זאל חתונה האַ־בען מיט סאפיע'ן... זאל ער נעהמען, װעמען ער װיל, אבער ניט סאפיע'ן... דאס איז ביי איהר א מין צו־להכעים.... פאר װאס? זי װייס אליין ניט אקוראט פאר װאס... אין מיטען די דאזיגע שרעקליכע געדאנקען נעהמט זי שמייכלען... װאס הייסט, ער װעט חתונה האבען מיט סאפיע'ן? יענע האט דאך א מאן מיט קינ־דער!... דאס איז איהר גאר פון זינען ארוים... און זי איז צו־פריעדען. זי טרויסט זיך... סאפיע װעט איהם ניט קריגען... אבער אז סאפיע װאלט ניט געהאט קיין מאן, אדער איהר מאן װאלט גע־שטארבען, אדער אנטלויפען, אדער איהר אבגע'גט, — טאר זי אלע ניט קריגען אלבערט'ען... אלע מעגען איהם קריגען, נאר ניט סאפיע...

סאפיע'ס מאן האט טאקע געהאט די אלע חסרונות און סאַ־

פּיע אַליין די אַלע מעלות; און עס איז אויך אמת, אַז סאַפּיע איז פֿאַר דער חתונה געווען שטאַרק פֿערליעבט אין איהם. די ליעבע האָט זיך שוין לאַנג אויסגעוועפּט. ביי סאַפּיע׳ן קומט אָבער קיינמאָל ניט אַרויף דער געדאַנק צו האָבען וועןעס־איז אַן אַנדער מאַן. זי האָט געוואוסט, אַז זי איז אַ פֿערהייראַטע פֿרוי, האָט קינדערלעך, און זי מוז זיך עלטערען און אויסלעבען איהרע יאָה־רען מיט איהר מאַן. אמת, קיין איבער־גליקליכען לעבען פֿיהרט זי ניט מיט איהר מאַן. איהר איז אָבער ניט פֿיעל ערגער פֿון אַנ־דערע פֿרויען פֿון איהר שטאַנד. איהר מאַן איז ניט פֿיעל ערגער פֿון אַנדערע מענער, און ער אַרבייט אַלע מאָל און מאַכט אַ לעבען פֿאַר זיין פֿאַמיליע. און דאָס, וואָס ער איז אַ שלעכטער, אַ רשע מרושע, איז אויך קיין גרויסער געפֿאַהר ניט. ער איז טאַקע אַ גרוי־סער כעסן, האָט ליעב צו קאָמאַנדעווען — האָט זיך שוין אָבער סאַפּיע אויסגעלערענט ווי מיט איהם אַנצוגעהן. זי איז דער־גאַנגען און זי ווייס, אַז מ׳טאָר איהם ניט ווייזען, אַז מ׳האָט פֿאַר איהם מורא, אַז מ׳שרעקט זיך אָב פֿאַר זיין כעס. מען מוז איהם באַלד, ווי ער פֿאַלט אַריין אין זיין כעס, ווייזען, אַז מען נעהמט זיין גרימצאָרן ניט ערנסט, מען לאַכט זיך פֿון איהם אויס — לאָזט ער אַראָב דעם קאָפּ און קיהלט זיך אָב. איז ווי נאָר ער ווערט אַן אָנגעצונדענער — איבער אַ גאַרנישט, אַ נעכטיגען טאָג, און הויבט אָן שטרענג באַלעבאַטעווען — נעהמט סאַפּיע אָבלאַכען פֿון איהם, „אַריינקיבעצען“ איהם, און רופֿט איהם „פֿאַרשוין“, „פּיקטשע“, „דאַרלינג“ און „שטיק דיימאָנד“ — לאָזט ער אַראָב דעם נאָז, בורטשעט אַ וויילינקע צו זיך און ווערט אַנטשוויגען. און דאָס, וואָס ער איז נעבאַך אַזאַ מיאוס׳ער, איז אַזוי: בשעת סאַפּיע איז געווען פֿערליעבט אין איהם, האָט זיך איהר גאָר אָב־געדאַכט, אַז ער איז אַ שעהנער; און איצט, אַז זי איז שוין צו־געוועהנט צו איהם, זעהט זי מעהר ניט, ווי מיאוס ער איז, ווי דאָס דערזעהט אויף איהם אַ פֿרישער מענש. און זי האָט גענוג אַנדערע, וויכטיגערע דאגות, — די דאגות פֿון אַ ווייב און אַ מאַמע. די שווערע דאגות פֿון אַ הויז, וואו עס ווערט געמאַכט אַן אָרימער לעבען. און סאַפּיע האָט קיינמאָל ניט מקנא געווען איהר פֿריינ־

דיז, וואס איהר מאן, אלבערט, איז אן אמת־שעהנער יונגערמאן; פערליעבט איז איהם איז זי אויך ניט געווען, און האט פון איהם וועניג וואס געטראכט, הגם זי האט זיך צוגעגעבען, אז איהר פריינדין לעבט א רוהיגערען לעבען, ווי זי.

אלבערט, דער קראנקער׳ס מאן, איז ניט געווען קיין בלינדער און קיין גלעזערנע אויגען האט ער אויך ניט געהאט; ער האט גוט געזעהן, אז סאפיע איז זעהר א שעהן ווייבעל, א סך א שעהנערע פון זיין פרוי — נו, פאראן א סך שעהנע פרויען און מיידלעך; ער, אלבערט, איז א זעהר אנשטענדיגער, היימישער יונגערמאן, האט ליעב זיין פרוי און קינד און זיין היים, און גאר זעלטען איז צווישען זיי פארגעקומען א הויכער איבער־רייד, א קריעגעריי קיינמאל ניט. אז אמת־צופריעדענער לעבען געווען ביי זיי, און ער וואלט זיין פרוי ניט אויסגעביטען אויף די שעהנסטע אין דער וועלט. זעלבסט־פערשטענדליך און נאטירליך, האט אלבערט אפט געקוקט מיט טרפה אויגעלעך אויף דער שעהנער סאפיע, ווען זי פלעגט אריינקומען צו זיין פרוי, און דערביי געטראכט ניט קיין גאנץ כשר׳ע געדאנקען, ווי למשל, „מ׳קען זיך מיט איהר ניט פערדארבען דעם מאגען", „אז ס׳איז בעשערט צו לעבען, קען מען פון איהר ניט שטארבען", „צו מיין הארצען זאל זי ניט קומען" — דאס האט ער אבער געקוקט אויף סאפיע׳ן מיט די זעלביגע סקארבאווע טרפה אויגען און געטראכט די „איינגעטרייעטע" מחשבות, ווי ער קוקט און טראכט אלע טאג, זעהענדיג שעהנע פרויען אין עלעווייטעד, אדער וואו־ניט־איז. קיין ספעציעלען בעגעהר און ליעבע פאר סאפיע׳ן האט אלבערט קיינמאל ניט געהאט, און ער וואלט פאר קיין פאל ניט פערפיהרט אירגענד וועלכע געהיימע געשעפטען מיט זיין שעהנער שכנ׳טע הינטער זיין ווייב׳ס פלייצעס — זיין פאמיליע איז ביי איהם צו טהייער צו טהאן אזא ריזיקאלישע זאך — דאס מיינט פשוט געשפיעלט זיך מיט אלעמענס לעבען. ער קען זיין פרוי׳ס נאטור און כאראקטער. זי וועט איהר גארניט זאגען און גארניט טהאן: זי וועט שטילערהייט אויסגעהן ווי א ליכט.

און סאפיע'ס אונטערנעהמען־זיך אכטונג צו געבען אויף דער קראנקער'ס הויז און קאכען סאפערס פאר איהר מאן און קינד, איז געווען אוים איבערגעבענער פריינדשאפט, אויס טיעפען מיט־לייד, וואס זי מוז נעבאך געהן אין האספיטאל אויף אן אפעריישאן און איבערלאזען א מאן מיט א קינד מיט א הויז אויף הפקר.

דער ערשטער סאפער איז געווען א גאנץ אומעטיגער. אל־בערט'ן איז געווען שווער אויפ'ן הארצען. סאפיע איז געווען פערזארגט. ער האט געגעסען ווענינ, אהן אפעטיט, פון סאפער, וואס סאפיע האט געקאכט. א ביסעל שפעטער אין אבענד איז סאפיע וויעדער אריינגעקומען, צואוואשען די טעלירע טעלער און זיי צושטעלט אין כלים־אלמער, דערנאך האט זי געבאדען דאס קינד און איהר געלעגט שלאפען. ברעקפעסט האט אלבערט גע־געסען אין רעסטאראן. סאפיע האט ארומגעוואשען און פער־קעממט ס'קינד, אריינגעפלאכטען איהר א ראזע באנד אין די האר און איהר פארטיג געמאכט פאר'ן סקול, אזוי ווי איהרע אייגענע קינדער.

דעם צווייטען אבענד איז אלבערט ניט געקומען צו סאפער. ער האט געהאט א וויכטיגען מיטינג דאון־טאון. ס'קינד האט גע־געסען סאפער אין סאפיע'ס הויז.

א שטיקעל קריזים האט אריינגעטראטען דעם דריטען אבענד— ניט ביי דער קראנקער — ביי די געזונטע. אלבערט האט געוואר־בייט א שטונדע אווערטיים, און אז ער איז געקומען אהיים, האט ס'קינד געהאט אבגעגעסען און איז געווען צו מואווינג־פיקטשורס מיט סאפיע'ס קינדער און איהר מאן. עס איז געווען נאך דער אפעריישאן און די קראנקע איז שוין געווען „בעסער". ביידע, אלבערט און סאפיע, האבען זיך געפיהלט פיעל גרינגער

סאפיע האט בריות'דיג געגרייט צום טיש און אלבערט האט איהר שטארק נאכגעקוקט; שארף געקוקט אויף איהר, ווען עס איז איהר אויסגעקומען צו זיין אנטקעגען איהם מיט'ן רוקען.

צום ערשטען מאל זייט ער קען סאפיע'ן, איז ער מיט איהר

דאַ אַליין אין הויז... שפּעטלעך אין אָבענד... קיינער דאַרף אַזוי גיך ניט אונטערקומען... און זי איז אַזאַ שעהנע, אַזאַ געשמאַקע... אַ שטילער שרעק האָט זיך אונטערגע'גנב'עט צו איהם אין האַרצען... ניין, ניין! ער וועט זיך ניט מאַכען נאַריש... ער האָט בענומען די גאַנצע ערנסטקייט פון דער לאַגע... וואָס עס קען אַרויסקומען, אַז ער וועט זיך מאַכען נאַריש... נאָר געגעסען האָט ער מיט אַ שוואַכען מויל און מיט שוואַכע צייהנער... פּאָזיטיוו, ער וועט צו איהר אַפילו נאָהענט ניט צוקומען... ניטאָ גאָר וואָס צו קלעהרען דערפון... בעשלאָסען... און דאָך האָט ער געפיהלט, אַז זיין בעשלוס, זיין זיכערקייט האָט קיין האַפט ניט... ער איז ניט געווען אויסגעקינצעלט אין אַזעלכע אַנגעלעגענהייטען, געהאַט זעהר ווייניג ערפאַהרונג און ניט געוואוסט, ווי אָנצוהויבען... און וואָס וועט זי איהם ענטפערען... וואָס וועט זי טהאָן, אַז ער וועט אַרויפלעגען אויף איהר אַ האַנד!... זי וועט אודאי אַ געשריי טהאָן, איהם גוט אָבזידלען און ניט אַריינקומען מעהר צו איהם אין הויז... זי וועט דערצעהלען איהר מאַן... און זיין פרוי... שוועהר און ריזיקאַליש... ער וועט עס ניט טהאָן... ער וועט זיך אונגליקליך מאַכען... און וואָס שווערער און ריזיקאַלישער די זאַך האָט ביי איהם אויסגעזעהן, אַלץ מעהר האָט עס איהם געצויגען, אַלץ ברענענדיגער איז געוואָרען זיין בעגעהר צו נעהמען סאָפיע'ן אין זיינע אָרעמס, גוט אָנקושען איהר, האַלטען איהר און איהר ניט אָבלאָזען... און וואָס זיכערער און פעסטער ער איז געווען ביי זיך, אַז ער וועט עס ניט טהאָן, אַז ער וועט אַפילו צו איהר נאָהענט ניט צוקומען, — אַלץ זיכערער איז ער געוואָרען, אַז ער וועט עס יאָ טהאָן, באַלד, באַלד...

סאָפיע איז ניט געשטאַנען לעדיג. זי האָט אויסגעוואַשען דעם סינק, צושטעלט אין אָרדנונג די קלייניגקייטען אויפ'ן וואַשטאַב — נאָך אַמאָל איבערגעשטעלט, צוגעקליבען אין פראַנט־רום. זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט קיין שלעכטען געדאַנק וועגען איהר חבר'טעס מאַן; נאָר איצט, עפּעס ווי אויף־צו־להכעיס, האָט איהר ניט אויפגעהערט צו קלאַפּען אין קאָפּ ווי מיט אַ האַמערל: זיי

זיינען אַליין אין הויז... אַליין... עס איז איהר געווים ניט אַרויף אויפ׳ן זינען, אַז זי וועט זיך מיט איהם „פערטשעפּען“ — אַזאַ זאַך וואָלט זי ניט געטהאָן, אַז ער וואָלט אפילו געווען דער שעהנ־סטער מאַן אויף דער וועלט... זי האָט זיך אָבער געזאָרגט וועגען דעם וואָס עס וועט זיין, אַז ער וועט צוקומען צו איהר, אַ קוש טהאָן איהר אָדער אַזוי אַרומנעהמען... זי וויים אַליין ניט... אָב־זידלען איהם און אַנטלויפען, מיינט זי, וועט זי ניט... דאָס וואָלט דאָך געווען ניט מעהר, ווי אַ שפּאַס... ניט קיין גרויסער אונגליק... ווער וואָלט דען דערפון וויסען?... און ווערען קען דען אַרויסקו־מען דערפון אַזאַ גרויסע רעה?... און מעהר וואָלט דאָך דאָס ניט פּאַסירען... איין זאַך איז זי אָבער זיכער — איהם קושען וועט זי ניט — ער מעג זיך אפילו בעטען און ריידען ביז איבער אַ יאָהר... דאָס וועט ער ביי איהר ניט אויספיהר׳ען... סיידען, אפשר, אַז ער וועט זיך פון איהר ניט אָבטשעפּען... וואָלט זי פערמאַכט די אויגען און איהם אויף גיך אַ קוש געטהאָן... ער זאָל איהר אָב־לאָזען, לאָזען איהר צורוה... און זי האָט זיך געכאַפּט, אַז זי האָט ניט מעהר וואָס צו טהאָן אינ׳ם פינסטערען פראָנט־רום; דרעהט זיך דאָ גלאַט אַזוי אַרום... נאָר אַרויסגעהן איילט זי זיך ניט...

אַלבערט האָט ניט דערענדיגט עסען דעם סאַפּער; ס׳האַרץ און די הענד האָבען ביי איהם געציטערט... ס׳האָט איהם „גע־ביסען“, און ס׳האָט איהם געטריבען אַ הויב צו טהאָן זיך פון אָרט און אַריינגעהן אין פינסטערען פראָנט־רום... און ער איז גע־בליבען זיצען... באַלד... און זי וועט פון דאָרט אַרויסקומען...

— פאַרוואָס עסט איהר ניט? — האָט זי געפרעגט, אַרויס־קומענדיג און דערזעהענדיג דעם אָוועקגערוקטען טעלער מיט במעט אַ האַלבען סטייק.

— ס׳ווילט זיך מיר עפּעס ניט עסען — האָט ער גענענט־פערט.

זיי האָבען זיך ניט אָנגעקוקט.

ביי סאַפיע׳ן איז איצט געווען איין באַק רויט פערפלאַמט און אויסגעזעהען האָט זי, ווי אין גרוים עגמת־נפש.

זי האָט זיך גענומען אַבראַמען פון טיש און האָט זיך געשטעלט ביים סינק אַבוואַשען די טעלער. זי איז אויסגעקומען מיט'ן רוקען צו אַלבערט'ן, און ער האָט איהם איצט פריי געגעסען מיט די אויגען: איהרע שעהנע שוואַרצע האָר, דעם ווייסען נאַקען און די שלאַנקע, דינע אָרעמס, און די נאַסע הענד איהרע אויף די טעלערס... געקוקט פון איהר האַלז אַראָב אויף די גאַנצע לענג פון איהר קורצער קלייד... אויף איהרע פיס און די ווייסע זאָקען, אין די האַלבע, געלע שיך...

באַלד... באַלד... אָט שוין... אָט הויבט ער זיך אויף... און ער בלייבט זיצען, ריהרט זיך ניט פון אָרט...

און סאַפּיע האָט זיך געטהאָן איהר אַרבייט ביים סינק לאַנגזאַם, ניט געכאַפּט... יאָ, אין ערוואַרטונג... ס'האָט זיך איהר אָבגעראַכט, זי איז זיכער געווען — אָט דערהערט זי, ווי ער טהוט זיך אַ הויב אויף... זי דערהערט דאָס פונאַנדעררוקען זיך פון שטוהל... און אפשר טאָקע ניט: ער וועט עס מסתמא טהאָן שטילינקערהייט, זי זאָל ניט הערען, גאַרניט ריכטען זיך... ער וועט זיך שטילינקערהייט אויפהויבען און זיך אונטער'גנב'ענען צו איהר... און זי האָט אַלע ווייִלע בגנבה געדרעהט אַן אויג צום פּלייצע...

און אַלבערט האַלט זיך ביי זיין באַלד, באַלד...

ענדליך האָט סאַפּיע געענדיגט וואַשען די טעלער און זיך גענומען צושטעלען זיי אין כלים-אַלמער; אויך דיעזע אַרבייט האָט זי געטהאָן ניט געאייִלט און אין ערוואַרטונג... נאָר דערנאָך איז איהר אַריינגעקומען אַ געדאַנק, ער קען נאָך מיינען, אַז זי וואַרט אויף „עפּעס" — און דערפאַר האָט זי מורא. דאָס ניט!... האָט זי אויף גיך דערענדיגט, געזאָגט „גוד-נאַיט" און אַרויס פון הויז.

אַלבערט האָט אַ שפּרונג געטהאָן פון זיין שטוהל, און איז געבליבען שטעהן ביי דער צוגעמאַכטער טיהר. ער האָט אַליין ניט געוואוסט, וואָס איהם האָט געטויגט דער אויפהויבען זיך מיט אַזאַ ווילדער אייִלעניש, און ער האָט געפיהלט אַ בענקעניש אין האַרצען... ער האָט פערלאָרען אַ ליעבע, טהייערע זאַך... און עס טהוט

וועה און עס נאגט... מיט די הענד אין די הויזען־קעשענעס האט ער גענומען ארומשפרייזען איבער אלע רומס... דערנאך האט ער זיך אבגעשטעלט ביים טיהר, און איהם איז איינגעפאלען, אז ס'איז נאך ניט צו שפעט: ער קען אריינגעהן צו איהר אין הויז... וואס וועט ער זאגען? ער וועט שוין וויסען, וואס צו זאגען... אט געהט ער צו איהר אין הויז... ער וועט ווארטען נאך א פאר מינוט...

די טיהר האט זיך געעפענט און ס'קינד איז אריינגעקומען פון די מואווינג־פיקטשורס מיט א פולע מויל נסים, וואס זי האט דארט געזעהן, און זי האט זיך גענומען דערצעהלען דעם פאפא.

צו־שפעט, פערפאלען — ער וואלט געוויס געגאנגען צו איהר, אין ער איצט זיכער געוועזען ביי זיך.

סאפיע, ביי איהר אין הויז, האט זיך ניט שטארק געגריזשעט פון דעם דאזיגען אבענד, און געטרויסט האט זי זיך, אז אזוי איז טאקע בעסער. נאר פונדעסטוועגען האט זי ביי זיך אין הארצען אנגערופען אלבערט'ן „דעם־פול" און זי האט זיך נאך דערמאנט איהר מאמע'ס א נאמען פאר א גרויסען נאר — א „לעמעד".

ארום א פערטעל נאך צוויי האט די קראנקע דערזעהן אין
טיהר פון „ווארד" סאפיע'ן. די פריינדינס האבען זיך צוקושט.
די קושען זיינען געוועזען שוואכע. די קראנקע האט ניט געהאט
איבריגס פיעל כח, און סאפיע האט ניט געוואלט צו שווער פרע־
סען איהרע קושען אויף איהר פערבאנדאזשירטער פריינדין.
אבער ביידענס קושען זיינען געוועזען עהרליכע, פון הארצען.
מינעס. סאפיע האט טאקע געוואלט זיצען ביי דער קראנקע, איהר
רען... ער טהוט אב און בלייבט זיך דערזעלביגער... און מען
טעצעל מיט איהר האנד גענומען און מיט די אויגען געזוכט אז
גענומען, און איהר ווייסט עס שוין אויך געוויס. איך האב זיך שוין
איהר האט זיך ניט בעקענט מיט מיר, נאר מיט איהם. און
מיט פאלשקייט. צוזאמען מיט'ן קוש אויף אייערע ליפען
מיינט נאך אודאי אויך איצט, אז זי האט איהר צום נארען גע־
די קראנקע האט זיך נאכגעפרעגט אויף איהר מאן און איהר

קינד און איהר הויז; סאָפיע האָט איהר אָבגעגעבען אַ ריכטיגען גערום: אַלץ איז אין בעסטען אָרדנונג, זי האָט זיך װעגען זיי ניט וואָס צו זאָרגען, זי דאַרף נאָר בעסער ווערען און קומען אַהיים.

די קראַנקע האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט פערגעסען אָנזאָגען איהר חבר'טע, זי זאָל געבען אַלבערט'ן צום סאָפּער „קעטשופּ", טאָמייטאָס בלויז איז פאַר איהם ווייניג — ער מוז האָבען ביידע זאַכען, אַז ניט פיהלט ער קיין טעם ניט פונ'ם פלייש. און זיין הערינג פאַר פאַרשפּייז מוז זיין מיט אַ סך ציבעלעס און מיט אַ סך עסיג, מיט פּלענטי פעפער. סאָפיע האָט איהר אויף דעם געלאָזט וויסען, אַז „קעטשופּ" האָט אַלבערט אַליין מיטגעבראַכט אַ באָטעלע און טאָמייטאָס מיט עסיג מיט ציבעלע מיט פעפער איז פאַראַן גענוג אין הויז. און אַז זי פערגעסט זיך איהם געבען, נעהמט ער אַליין.

זיי האָבען גערעדט וועגען הויז־זאַכען. די קראַנקע האָט גע־רעדט, און ביי איהר אין קאָפּ האָט די געוויסע מאַשינקע גע־אַרבייט און איהר געמאַטערט... און זי האָט אַריינגעקוקט איהר פריינדין אין מויל, טיעף, טיעף אין די אויגען... געשטודירט איהר, געפאָרשט, געזוכט אויף איהר, אין איהר... און די קראַנקע האָט דערזעהן אויף סאָפיע'ן עפּעס, וואָס האָט איהר שטאַרק געשטאָ־כען, שטאַרק וועה געטהאָן, און האָט איהר געגעבען גוטע, ריכטיגע אורזאַכען צו גלויבען, אַז זי איז גערעכט, איהר חשד איז אַ גע־רעכטער... זי האָט דערכאַפּט אין סאָפיע'ס רייד אַ מין שטאָלץ, אַ יחסנות, אַז איינגעהאַלטענע פרייד... אין איהרע רייד און אין איהר גאַנצען בענעהמען זיך... זי האָט דאָס קיינמאָל אויף סאָפיע'ן ניט געזעהן... און זאָל דאָס טאַקע זיין דערפאַר, וואָס זי פיהלט זיך מיט עפּעס יחסנ'דיג נעגען איהר!... וואָס זי, סאָפיע, האַלט זיך פאַר די קלוגע, האָט איהר אָבגענאַרט... און זי איז די נאַר... און די קראַנקע האָט שאַרפער און טיעפער געקוקט אויף איהר חבר'טע און אין איהר... און אַלץ זיכערער און איבערצייגטער איז זי געוואָרען, אַז זי איז גערעכט, און אָבגענאַרט... דאָס איז ניט

יענע סאפיע, וועלכע זי האט פריהער געקענט און וועלכע זי האט איבערגעלאזען פאר'ן אוועקגעהן אין האספיטאל... די קראנקע האט דערפיהלט א שווערען וועהטאג אין הארצען...

און אין גאנצען אונגערעכעט איז די קראנקע היינט ניט געווען: סאפיע איז טאקע געווען „אויפגעראמט", געפיהלט זיך צופריעדען און יום־טוב'דיג, און דאס איז גאנץ גרינג געווען צו זעהן אויף איהר. אז זי האט זיך אויסגעטשוכעט פון נעכטיגען קריזיס, ביי איהר חבר'טע אין הויז, מיט איהר חבר'טעס מאן, איז זי שטארק צופריעדען געווען און האט זיך אמת געפרעהט פון גרונט הארצען מיט דעם אויסלאז... און זי האט ביי זיך פעסט אבגעמאכט, אז דאס וועט קיינמאל ניט פאסירען, נעווער! און געהענדיג בעזוכען איהר קראנקע פריינדין, איז די נעכטיגע פאסירונג ניט ארויס פון איהר געדאנק... ווי וואלט זי געקענט קוקען איהר גלייך אין די אויגען!... ווי וואלט זי געקענט ריידען צו איהר!... און זיצענדיג ביי דער קראנקער'ס בעט, האט זיך סאפיע נאך אלץ געפרעהט... דער יום־טוב האט אראבגערעדט פון איהר... זי איז געווען אן אנדער סאפיע.

זיי האבען גערעדט און גערעדט. דער זייגער האט געוויזען אלץ נעהנטער צו דריי, ווען די בעזוכער מוזען פערלאזען דעם האספיטאל.ביידע האבען בעדויערט וואס די צייט איז אזוי גיך פערלאפען; נאר די קראנקע האט דאס ניט געמיינט: זי האט געוואלט בלייבען מיט זיך אליין, זי זאל קענען גוט דורכקלעהרען איהר לאגע, דורכשטודירען, צוגליעדערען און צופאלמעסען סאפיע'ס רייד, איהר האלטונג, איהר בענעהמונג, איהרע מינעס. סאפיע האט טאקע געוואלט זיצען ביי דער קראנקען, איהר זאל כאטש נאך א ווײלע ניט זיין אומעטיג.

ביים געזעגענען זיך האבען זיי זיך ווידער צוקושט. די קראנקע האט נאכגעקוקט סאפיע'ן די שטיקעל וועג ביז צום טיהר, און זי האט געזעהן אין איהר גאנג חוצפה און נידערטרעכטיגקייט, עפעס איז די העט געזעסען מיאוס־קאקעטיש אויף סאפיע'ס קאפ, און חוצפה'דיג האט זיך געשאקעלט איהר האנד, און דער קראנקער

איז ארויפגעקומען א זעהר מיאוס'ער נאמען אויפ'ן געדאנק, מיט וואס זי האט זיך אליין פערשעהמט...

זי איז געבליבען ליגען אריינגעטהאן אין איהרע וועהטאג-דיגע מחשבות. זי האט מעהר ניט וואס צו טראכטען, אויב זי האט א טעות — וועגען דעם איז אבגערעדט... געקלעהרט האט זי וועגען דעם וואס ווייטער וועט זיין... וואס וועט זי טהאן? נור דאך... אפשר דאכט זיך איהר פארט... זי איז דאך דערביי ניט געוועזן... ניט געזעהן מיט איהרע אייגענע אויגען... זי האט אבער גארניט געוואלט טרייסטען זיך, איינריידען זיך, אז זי האט א טעות... און זי וועט זיך אויסהיטען, אז ניט ער און ניט זי זאלען זיך אויף א הארעלע אנשטויסען, אז זי ווייס פון עפעס... ארויסברענגען א ווארט פאר איהרע ליפען וועט זי דאך ניט, אז זי זאל אפילו וויסען זי שטארבט... זי וועט זיך ניט אראבווארפען... און צוליעב נאך א וויכטיגע אורזאכע טארען זיי זיך ניט אנשטויסען, אז זי ווייס: זי קען זיך מיט דעם אינגאנצען איבערפיהרען: וויבאלד אז זי ווייס שוין סיי־ווי־סיי, האבען זיי דאך שוין ניט וואס צו פערליערען... און עס וועט אנקומען א סך שווערער צו מאכען א סוף פון זייערע פערהעלטניסע...

ניין, איבערמאכען וואס עס איז געוועזן, קען זי שוין ניט. דאס איז א פערפאלענע זאך. און אלבערט'ן קען זי ניט בעשולדיגען... פאר'ן בעסטען מאנסביל קען מען קיינמאל ניט שווערען... ער טהוט אב און בלייבט זיך דערזעלביגער... און מען קען איהם אפשר גארניט בעשולדיגען, אז זי האט זיך געווארפען איהם אין די אויגען מיט איהר שעהן פנימ'על... מיט די חנ'דלעך... מיט די אנדערע שטיק איהרע, און זי האט איהם אריינגעקראגען... ער וועט אבער צוליעב דעם קיין ערגערער מאן צו איהר ניט ווערען... און קיין ערגערער פאטער צום קינד אויך ניט... און אפשר האט זי געדארפט אריינווארפען סאפיע'ן א ווארט, ווייזען איהר, אז זי ווייס פון אלץ, פערשטעהט אלץ... סאפיע וואלט זיך דערשראקען און דאס וואלט מעהר ניט פאסירט... ניין... ווארים וואס האט יענע מורא? זי וועט לויפען א קראנקע פון

האַספּיטאַל שטערען איהר ?... פּערפאַלען ! און ביז זי וועט קומען אַהיים, קען זי זיך ניט ראַטעווען...ביידע טאַרען זיי ניט וויסען, אַז זי וויים... און אַז זי וועט געזונד ווערען, וועט זי גיך מאַכען אַ סוף, און זיי וועלען אַלץ ניט וויסען, אַז דאַס קומט פון איהר. באַלד ווי זי קומט אַהיים און זי וועט נור כח האַבען צו שטעהן אויף איהרע פיס, נעהמט זי זוכען רומס — אין אַ גאַנץ אַנדער נייבאַרהוד, אין אַ ווייטען געגענד... אַלבערט מישט זיך קיינמאָל ניט, ווען און וואו זי מופט, און טאָמער וועט ער פרעגען, וועט זי איהם זאָגען, אַז דאָס האַרץ זאָגט איהר עפּעס, זי זאָל ניט פערבלייבען אין די רומס, פון וואַנען זי האָט געמוזט געהן אין האַספּיטאַל אויף אַן אָפּערייּשאַן... און ער וועט איהר גלויבען... זי וועט אוועקמופען ווייט, ווייט...

# א לעסאָן

עס איז געווען נאָך צוועלף אזייגער ביינאַכט, זונטאג, ווען די צוויי שוועסטער זיינען געקומען פון פּיקניק. זיי איז געווען אומעדיגלעך אויפ'ן הארצען, געהענדיג פון קאר צו זייער רום, ווי דאָס איז געווענליך מיט מענשען ביים איבערגאנג פון עפּעס א יום טוב אין דער וואָכעדיגקייט אריין. און אריינקומענדיג אין זייער ענגען, עלענדען רום, האָבען זיי דערפיהלט דעם אומעט נאָך שאַרפער. ס'האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אַז ס'איז שוין מאָנטאָג אין דער פריה.

שווייגענדיג האָבען זיי אויסגעטהאָן די העלע, זומערדיגע קליי־דער, אָנגעגרייט די וואָכעדיגע קליידער פאַר מאָרגען פריה, אראָב־געדרעהט די געז און זיך געלעגט אין בעט אריין. א ווײַלע זיינען זיי געלעגען שטיל. און די עלטערע, וועלכע איז מיט א צעהנדליג יאָהר עלטער פון איהר שוועסטער, זאָגט:

— פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געפרעגט? האָסט מיר געדאַרפט פרעגען, אַז דער באָי האָט דיר אוועקגערופען.

— וואָס איז דען?

— גאָרניט. אַז דו געהסט איצט דעם ערשטען מאָל צו א פּיק־ניק, נעהמסטו שוין און דו לויפסט, אַז א באָי רופט דיר.

— כ'בין גאָרניט געלאָפען.

— א גרינע בלייבט א גרינע. א מיידעל פיהרט זיך מיט דעם איבער.

— פאַרוואָס פיהר איך זיך איבער?

— זי פרעגט נאָך! כ'בין אויך אמאָל געווען גרין און אין דיינע יאָהרען. הלואי וואָלט איך דאַמאָלס געוואוסט.

— וואָס איז דאָ צו וויסען?

— אַז אַ באַי רופט דיר, ער וויל דיר טריטען, דאַרפסטו ניט געהן אַזוי גיך. ס'איז בעסער, אַז מ'איז „אינדעפּענדענט“.

— וואָס איז דאָס?

— מ'טאָר ניט ווייזען, אַז מ'קעהרט פאַר זייער טריט. אַז דו נעהמסט עפּעס, אָדער אַז דו געהסט מיט זיי, מיינען זיי שוין אַז דו קעהרסט פאַר זיי, דו ווילסט זיי, ווערט דאָס אָנגערופען.

— וואָס איז, אַז זיי מיינען?

— פאַר אַ מיידעל טויג דאָס ניט. כ'האָב געזעהן, אַז דער־זעלביגער באַי האָט דיך אָנגענומען לעבען עלענבויגען.

— טאָ וואָס בין איך שולדיג?

— האָסט איהם ניט געדאַרפט לאָזען. מ'זאָגט: „דאָנ'ט“ אָדער „סטאָפּ“, ס'מיינט, אַז ער זאָל דאָס ניט טהאָן. אַז די מיי־דעל שווייגט און לאָזט זיך, „ספּאָילט“ זי זיך. מ'דאַרף ווייזען, אַז ער האָט ניט געטראָפען דעם אָרט.

— וואָס'ער אָרט?

— ועסט שוין אויסגעפינען, וואָס דאָ איז מיט די באָיס.

— וואָס?

— אַ באַי גלייכט זיך צו טשעפען צו מיידלעך. פריהער הויבען זיי אָן טריטען, דערנאָך קושען זיי, זעצען אַרויף אויפ'ן שויס. פאַר אַ מיידעל טויג דאָס ניט. דער באַי האָט דערנאָך אַליין קיין רעספּעקט ניט און די מיידעל ספּאָילט איהר רעפּו־טיישאָן.

— וואָס טהוט זי?

— דאָס מיינט, די מיידעל קריגט ניט קיין גוטען נאָמען.

— ווער ווייס דאָס דען?

— די באָיס זאָגען דערנאָך אַליין אויס.

— די באָיס אַליין זאָגען אויס?

— יעס. זיי בעריהמען זיך און לעגען נאָך צו ליגענס. וואָס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען. אַז זיי האָבען דיר אפילו גאָרניט אָנגעריהרט, בעריהמען זיי זיך אויך און בלאָפען.

— אַלע באָיס?

— אלע, אלע.

— און ווי איז, אז דער באַי זאָגט, אַז ער ליעבט?

— טאָר מען זיך געווים קיין זאַך ניט לאָזען.

— אַז ער ליעבט — אויך ניט?

— געווים ניט! אמאָל איז דאָס גאָר אַ ליגען. ער זאָגט דיר, אַז ער ליעבט דיך, ביקאָס דו זאָלסט מיינען, אַז דאָס איז טאַקע אמת, און ער לאַכט זיך גאָר אויס פון דיר. און אַז ס׳מאַכט זיך, אַז ס׳איז טאַקע אמת, איז נאָך ערגער און דו טאָרסט זיך געווים קיין זאַך ניט לאָזען. אַז דו לאָזט זיך, ביזטו שוין ביי איהם דער־נאָך גאָרנישט.

— גאָרנישט?

— יעס. אַז ער זעהט, אַז דו לאָזט זיך פון איהם קושען און האַלטען אויפ׳ן שויס, ווערט ער ביי זיך „אינדעפּענדען“ און דו ביזט שוין ביי איהם אַ קנאָפּע זאַך.

— אַז ער ליעבט אָבער?

— האָב איך דיר דאָך געזאָגט, אַז ס׳איז נאָך ערגער. אַז ער קושט זיך אָן און שפּיעלט זיך אָן, סטאָפּט ער ליעבען. און ער מיינט נאָך, אַז דו לאָזט זיך פון איהם, האָסטו זיך פון אנדערע אויך געלאָזען, טויגסטו שוין דעריבער ניט פאַר איהם.

— ער הערט אויף ליעבען?

— געווים הערט ער אויף. איידער ער קומט צו צו דיר, איז גאָר אַ גרויל; דערנאָך ווערט ער אנדערש.

— און ווי איז, אַז די מיידעל ליעבט איהם שטאַרק?

— הערסט! טאָר זי געווים ניט. דאַרפסט איהם דאָס ניט ארויסווייזען. אַז ער מיינט, אַז די מיידעל קעהרט ניט פאַר איהם, קריכט ער און בעט זיך. דערנאָכדעם, אַז זי ליעבט איהם שוין, בייט ער זיך איבער; ער מיינט שוין, אַז זי קען אָהן איהם ניט לעבען.

— טויג דאָס ניט?

— זי פרעגט נאָך! אודאי טויג דאָס ניט! און אנדערע באָיס איז פאַראַן וואָס טרייען, אַז מיידלעך זאָלען זיך אין זיי

פערליעבען, דערנאָך געהען זיי פון זיי אוועק, זיי פערבלאָפען אַלע מיידלעך און זאָגען זיי, אַז זיי ליעבען זיי.

— און ס׳איז גאָר אַ ליגען?

— געוויס, אַ ליגען מיט אַ בלאָף.

— אַז ער שווערט, אַז ער ליעבט?

— ס׳האָט קיין ווערדע ניט. אפילו אַ וואָרט קען מען ניט גלויבען. וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— ווער?

— דער באַי, וואָס איז מיט דיר אוועק און דיר געהאַלטען לעבען עלענבויגען!

— וואָס זאָל ער מיר זאָגען? גאָרניט.

— מיט וואָס האָט ער דיר געטריט, מיט סאָדאַ־וואַסער?

— אייז־קרים.

— אַבער אַזוי, וואָס האָט ער געזאָגט?

— כ׳געדענק שוין ניט. כ׳וואָלט דען מורא געהאַט דיר אויס־צוזאָגען, אַז ער וואָלט מיר עפּעס געזאָגט?

— זאָלסט נאָך אַמאָל ניט לאָזען אַ באַי אָנגעהמען דיך לעבען עלענבויגען. ס׳טגעדענקען וואָס צו זאָגען, ווי כ׳האָב דיך פריהער געזאָגט.

— וואָרט, כ׳האָב שוין פערגעסען.

— זאָלסט זאָגען: „דאָנט“, אָדער „סטאָפּ“; ס׳איז אַלץ דיזעלביגע ווי דו וועסט זאָגען. זאָל זיין גענוג. לאָמיר שלאָפען.

ביידע שוועסטער האָבען פערמאַכט די אויגען און געלעגען שטיל. זיי האָבען זיך געהאַט זייערע בעזונדערע געדאַנקען און חשבונות, און ס׳האָט גענומען אַ רעכטע ווײַלע, ביז זיי זיינען איינ־געשלאָפען.

# דער פער׳סמ׳ער

דעם גאַנצען טאָג היינט, נאָך שטאַרקער ווי אין די פריהערדיגע טעג, איז ליזע׳ס געדאַנק געוועזן אין גאַנצען פערנומען מיט׳ן בריעף — יא שרייבען, ניט שרייבען...

זי מוז שרייבען... זאָל יענע ניט זיין גענאַרט און ניט מיינען ביי זיך, אַז זי איז די קלוגע, און איהר האָט זיך אַזוי געשיקט איינגעגעבען צו מאַכען איהר, ליזע׳ן, צום נאַר. יענע וועט פונ׳ם בריעף קלאָהר אַרויסזעהן, ווער ס׳איז געוועזן און געבליבען אין דער אמת׳ן דער נאַר.

זי מוז שרייבען.

עס קען דאָך אָבער אויך זיין, אַז יענע וועט ניט וועלען זעהן דעם אמת; זי וועט ניט וועלען פערשטעהן און וועט ניט פערשטעהן, און זי וועט נור דעם בריעף אַננעהמען פאַר אַ בעוויז, אַז זי, ליזע איז שטאַרק געקרענקט און געוועהטאָגט, זי וועט פון דעם בריעף אַרויסנעהמען, אַז זי פערגינט איהר ניט איהר „גליק“... און דאָס איז דאָך אַזוי ניט אמת... און דאָס וויל זי דאָך אויס־מיידען...

דעם גאַנצען טאָג האָט זי אַזוי געהאַלטען אויפ׳ן וואָג־שאָלביידע טענות מיט זיך אַליין. איין ווײַלע איז פאַר איהר געווען אַזוי קלאָהר און פערשטענדליך, אַז זי מוז שרייבען דעם בריעף. ווי קען דען אַנדערש זיין? און באַלד, ווידער, האָט זי אַזוי קלאָהר געזעהן און פערשטאַנען, אַז זי טאָר ניט שרייבען און זי וועט ניט שרייבען.

און צום סוף איז ביי איהר פעסט געבליבען, אַז זי וועט יאָ שרייבען. איז זי שוין געוואָרען העכסט אונגעדולדיג און ניט גע־קענט דערוואַרטען זיך אויפ׳ן אָבענד. און אויס געוואוינהייט

בלויז איז זי, געהענדיג פון איהר ארבייט, אריין אין רעסטאראן און זיך געזעצט ביי א טישעל. זי האט ניט געפיהלט קיין הונגער און פון עסען ניט געטראכט.

אריינקומענדיג צו זיך אין צימער, האט זי די ערשטע זאך דערזעהן און ס'האט איהר א שניט געטהאן אין די אויגען דאס פארצעלייענע טעצעל, אויף וואס ער פלעגט אבטרייסלען די אש פון זיין סיגארעט. און זי האט זיך פערוואונדערט פאר וואס עס שטעהט נאך דא. ווי קומט עס וואס זי האט עס נאך ניט ארויס־געווארפען? צו וואס האלט זי עס אויפ'ן טיש? זי האט דאס טעצעל מיט איהר האנד גענומען און מיט די אויגען געזוכט א ארט, וואו עס אוועקצושטעלען, און האט דעם ארט ניט דערזעהן; האט זיך איהר האנד מיט'ן טעצעל צוריק אראבגעלאזען אויפ'ן טיש און זי האט ס'טעצעל אבגעלאזען, קלעהרענדיג: „וואס ארט מיך וואו ס'שטעהט?"

די געדאנקען פאר'ן בריעף האט זי דעם גאנצען טאג גע־האט קלאהר אין קאפ. זי האט די געדאנקען ניט אויסגעקלעהרט, ניט געדארפט אויסקלעהרען און אויסטראכטען. זי וועט שרייבען דעם אמת, אקוראט ווי עס איז געווען, קיין זאך ניט אראבנעהמען און ניט צולעגען. און זי זעהט דאך פאר די אויגען אלץ, וואס איז פארגעקומען; זי געדענקט און וועט ניט פערגעסען; האט זי גע־מיינט, אז זי וועט נור נעהמען די פען אין האנד, וועט זיך שוין אויסשרייבען אלץ וואס איהר ווילט זיך זאגען. אבער עס איז ניט אזוי געווען. זי האט ניט געוואוסט ווי אזוי ארויסצוברענ־גען די ערשטע עטליכע ווערטער; ווי אזוי יענער צו אדרעסירען. ווארים געוואלט האט זיך איהר, אז אין די ערשטע שורה באלד זאל יענע דערפיהלען א שטאך... עטליכע מינוטען האט זי גע־טראכט און ניט געקענט דערקלעהרען די ווערטער. דערנאך איז ביי איהר געבליבען, ניט ארויסצושרייבען יענער'ס נאמען, און זי האט אוועקגעשטעלט די ערשטע שורה:

„ווערטהע פרײלײן !“

און אויפגעהערט, ניט בעפרידיגט: וואס וועט דען יענע דערפיהלען פון די פּאָר ווערטער? דאס איז דאך אזוי פּראָסט און איינפאך.

און זי האָט געשריבען:

„איך שרייב צו אייך דיעזען בריעף היינט, ניט ווייל איך בין אויף אייך בייז אָדער איימפּערזיכטיג. איהר מיינט געוויס, אז איך ווינש אייך שלעכטס. אָבער דאס איז ניט אזוי. וואס קען איך דען צו אייך האבען? און זאָלט איהר אפילו פערדיענען א שטראָף, האט איהר שוין די שטראָף בעקומען, איהר האט זיך עס אליין גענומען, און איהר ווייסט עס שוין אויך געוויס. איך האב זיך שוין דערוואוסט פון דעם גליקליכען אייערען מיט איהם. איך קען פאָר אייך ניט לייקענען: ס'טהוט מיר ניט לייד. איך זאָג ניט, אז איך זעה נקמה אן אייך, אָבער ס'טהוט מיר ניט לייד.

„קיינער ווייס ניט, ווי אזוי דאס איז פאָרגעקומען. קיין איין פרעמדער ניט, אויסער איך, איהר און ער. איך האב געוואָלט אויסריידען מיין הארץ פאָר אימיצען, א נאָהענטען מענשען, האב איך דאס ניט געטהאן — יענער וואָלט אפשר געמיינט, אז איך בעקלאָג זיך פאר איהם — און דאס וויל איך ניט. ס'קען זיין, אז איהר אליין וועט אויך מיינען, אז איך ריייד פון וועהטאָג; אָבער ריידען צו אייך מוז איך, ווייל איך בין ניט אינגאַנצען זיכער ביי זיך, אויב איהר ווייסט, אז איהר האט מיר קיינמאל ניט געקענט נארען; טאָמער מיינט איהר, אז אייך האט זיך וועןעס־איז איינגעגעבען מאכען מיך צום נאר; קען איך דארום ניט שוויי־גען און קען ניט רוהיג בלייבען און מוז אייך אין דעם קלאָהר מאכען.

„אייך איז דאך אזוי גרינג געווען צו מיינען, אז איהר נארט מיך, ווייל איך האב אייך אליין אין דעם אונטערגעהאָלפען. איך האב אלץ געזעהן, אלץ געוואוסט און זיך געלאָזט פון אייך נארען.

איך האָב זיך פערשטעלט פאַר אייך פאַר אַ נאַרעלע און געלאָזט אייך מיינען, אַז איהר זייט די קלוגע, די בריה, די געשיקטע, און געלאָזט אייך אַריינקריכען אין נעץ. אַמאָל פערדריסט מיך, וואָס איך האָב דאָס געטהאָן. איך מיין ציימענוויז, אַז עס איז מיין פליכט געווען אייך צו פערהיטען; דערצעהלען אייך ווער ער איז; אַרויסראַטעווען אייך אין צייט. איך קלעהר אַלץ, אַז עס איז די פליכט פון אַ פרוי דאָס צו טהאָן, אין אַלע אומשטענדען. די פרויען זיינען זיך אַלע מאָל שוועסטער, ווען אפילו מיר טהוען זיך איינע די אַנדערע שלעכטס, און מיר מוזען זיך מוחל זיין, און מיר מוזען זיך פערהיטען, ווען מיר קענען דאָס נאָר אויספיהרען. דאַרום מאַך איך זיך אָפּט אַ פאָרוואורף און איך ווער בייז אויף זיך. איך טרייסט זיך דערמיט, וואָס איך בין די אונשולדיגע געווען: איך האָב אייך אין אייער צרה ניט אַריינגעפיהרט; איהר האָט זיך ניט בעקענט מיט מיר, נאָר מיט איהם. און איך טרייסט זיך אויך דערמיט, וואָס איהר זייט זיך אַזוי שלעכט בעגאַנגען מיט מיר. איך בין דאָך, וויעדער, זיכער, אַז מיינע רייד און וואָרנונגען צו אייך וואָלטען ניט געהאָלפען; איהר וואָלט זיך ניט געלאָזט אָבהאַלטען פון געהן אין גרוב אַריין; איהר וואָלט מיינע רייד און וואָרנונגען אָנגענומען פאַר ניט עהרליך פון מיין זייט. איהר וואָלט דערפון אַרויסגעטייטשט, אַז איך וויל איהם פערהאַלטען פאַר זיך, און איך וויל אייך אָוועקהאַלטען פון איהם... איהר וואָלט דאָן אין מיין עהרליכקייט ניט געגלויבט. זאָג איך אייך דאַרום איצט, אַז ווען איהר זייט געקומען, איז שוין מיין ליעבע פאַר איהם טוידט געווען; מיין ליעבע פאַר איהם איז שוין דאָן געווען אין האַס פערוואַנדעלט און מיין שטאַרקסטע האָפ־נונג איז געווען אויסגעלייזט צו ווערען פון איהם, אַזוי ווי דאָס איז איצט געווים אייער האָפנונג. עס איז געווען מיין האָפנונג, אַז ער וועט גיך אַן אַנדערע געפינען און וועט מיך אָבלאָזען. איהר זיינט אונטערגעקומען. איך האָב געזעהן ווי איהר פאַלט אַריין צו איהם. איך האָב געזעהן מיין ערלייזונג. איך האָב געזעהן, אַז איהר וועט זיין זיין נעקסטער קרבן; מיין גליק קומט דורך

אייער אונגליק. איך בין צו שוואך געווען ניט צו ראטעווען זיך אויף אייער חשבון, און איך בין דאך דערצו אזוי זיכער געווען, אז איהר וועט זיך ניט לאזען ראטעווען. איך האב באלד דערזעהן ווי אזוי איהר בעגעהט זיך מיט מיר, און מיין רחמנות צו אייך איז אבגעשוואכט געווארען. איהר זייט זיך בעגאנגען מיט מיר אזוי מיאוס, אזוי קליין. איהר האט זיך פערשטעלט פאר מיין בעסטען פריינד, אין דער צייט וואס איהר זייט געווען אויף'ן וועג איהם פון מיר אוועקצונעהמען. אייער צוקושען זיך מיט מיר יעדען מאל ביים זעהן זיך און ביים אוועקגעהן איז דאך געווען אזוי פול מיט פאלשקייט. צוזאמען מיט'ן קוש אויף אייערע ליפען האט איהר געהאט מארד אין אייער הארץ. ווארים עס איז געווים ניט ווייניגער ווי מארד, ווען מען נעהמט אוועק פון א פרוי דעם, וועמען זי ליעבט, און איהר האט געמיינט דאן, אז איך ליעב איהם".

זי האט אוועקגעלעגט די פען און אנגעקוקט די פערשריבענע זייטלעך פאפיער מיט ערלייכטערונג. זי האט זיך איצט געפיהלט בעפרידיגט. זי האט ארויסגערעדט... און צו וואס זאל זי ווייטער שרייבען?... וואס וועט איהר דערפון ארויסקומען? ווענען יע־נער אינטערעסירט זי זיך דאך ניט. ער?... וואס האט זי איצט צו טראכטען וועגען איהם?... ער פערנעהמט מעהר קיין שום ארט ניט אין איהר לעבען... צו וואס ווייטער שרייבען און שיקען דעם בריעף? בעסער וואס גיכער פערגעסען, ווי ניט ער און ניט זי וואלטען ווען עקזיסטירט, ווי זי וואלט זי קיינמאל ניט געקענט... נאר עפעס אזוי ווי אהן איהר וויסען און ווילען, איז די פען ווידער געווען אין איהר האנד; א שטילער צארן האט אויפגעקאכט אין איהר הארץ — — א צארן אויף יענער, וועלכע האט געמיינט, און מיינט נאך אודאי אויך איצט, אז זי האט איהר צום נארען גע־מאכט. איהר האנד האט מיט נייעם אויפגעהיצטען חשק גענומען פיהרען מיט'ן פען אויפ'ן פאפיער.

„וויסען זאלט איהר איצט, אז געליעבט האב איך איהם שוין ניט א רעכטע צייט נאך איידער איהר זיינט אונטערגעקומען. ניט ער איז אבער דער מענש, וואס לאזט אב זיין קרבן אזוי שנעל. ער דערזעהט אייך און ער מוז אייך קריגען, און ער קריגט אייך. ער האט שוין דערצו זיינען וועגען און שטעגען. ער פער׳סמ׳ט אייך מיט זיינע רייד און איהר פיהלט עס ניט, אזוי ווי דאס טהוען יענע פערברעכער, וואס גנב׳ענען זיך אונטער שטילערהייד און לאזען אריין א געוויסען גיפט אין אייער בלוט דורך א פוסטער נאדעל. איהר ווערט זיין שקלאף, איהר טהוט אלץ וואס ער בעפעהלט אייך, איהר זיינט ניט מעהר אין אייערע הענד, איהר האט ניט מעהר קיין אייגענעם ווילען, און איהר ווארט נור ער זאל אייך הייסען געהן אין פייער פאר איהם. איהר לעבט אין שרעק און ציטערנים, טאמער לאזט ער אייך ניט זיין מעהר זיין שקלאף, טאמער בעפרייט ער אייך... איהר לעבט אין שרעק און ציטער. איהר זעהט מיט אייערע אויגען ווי געמיין ער איז; איהר זעהט ווי ניט־ווירדיג ער איז; ער איז ניט ווערטה אייער ליעבע, ער פערדיענט ניט די מינדעסטע פריינדשאפט — איהר זעהט עס מיט אייערע אויגען, אבער אייער הארץ און בלוט איז פער׳סמ׳ט, אייער ווילען איז פאראליזירט. אייער מארך איז אין היהנערפלעט. דארף איך דען אבמאהלען פאר אייך וואס ער איז אזוינס? ווייסט איהר דען ניט שוין אליין? איהר ווייסט, איהר ווייסט. א לאנגע צייט קוועלט איהר זיך אין זיין מאכט, דערנאך הויבט איהר זיך אן ביסלעכווייז אויסטשוכען, ווי פון א לאנגען שלאף־טרונק; דער גיפט הויבט זיך אן פון אייך אויסוועפען, איהר הויבט אן צוריק פיהלען אייערע חושים — און איהר פערשעהמט זיך פאר זיך אליין — איהר דערפיהלט זיך אין אייער גאנצער קליינקייט — און איהר הויבט זיך אן צאפלען; איהר ווילט זיך בעפרייען, איהר ווילט אנטלויפען. לאזט ער אייך ניט. ער טריפט אין אייער בלוט נייע טראפענס פון זיין גיפט, און איהר קענט זיך מעהר ניט צאפלען, איהר קענט זיך ניט ראטעווען, איהר קענט ניט אנטלויפען. איהר ווייסט איצט ווי אזוי ער טהוט עס. מיט די רייד,"

די געוויסע רייד זיינע, וואס ער לאזט אריין אין אייער הארץ און נעהמט אוועק אייערע קרעפטען. איהר ווילט אויסשרייען צו איהם, ער זאל אויפהערען, און איהר קענט ניט, איהר זייט אונ־מעכטיג, אייערע נערוועז ווערען שפינוועבס, איהר זענט צוריק אונטער'ן שלאפטרונק. און ער רעדט צו אייך און טהוט אייך נור איין ריהר מיט זיין האנד — און איהר זייט ווידער זיין שקלאף, און איהר ווארט שוין ווידער, ער זאל אייך בעפעהלען צו געהן אין פייער פאר איהם, און איהר לעבט ווייטער אין שרעק און צי־טערט טאמער בעפרייט ער אייך. אזוי געהט דאס אן. ער לאזט אייך עטוואס אויסטשוכען זיך, אום איהר זאלט דערפיהלען אייער געפאלענקייט, און הויבט באלד ווידער אן לאזען אין אייך זיין גיפט. איצט בין איך אין גאנצען בעפרייט פון איהם, נאר דאך קען איך ניט זאגען אויף געוויס, אז איך וואלט געקענט וועהרען זיך געגען איהם, ווען ער הויבט אן ווידער אמאל אן טריפען אין מיר זיינע פער'סמ'ענדע רייד. אבער איך מיין, אז איך בין זיכער, אז איך וואלט געוועזן שטארק גענוג ניט צו דערלאזען איהם אנ־הויבען דאס טהאן. הויבט ער איין מאל אן, איז ער דער הערשער. אין געוויסע צייטען, ווען איך הויב זיך אן דערמאנען וואס מיט מיר איז געוועזן, איז מיר שווער דורכצונעהמען, בעגרייפען אלץ, וואס איך האב דורכגעמאכט, וואס אזוינס עס איז געלעגען אין זיינע רייד, וואס עס האט דערשלאגען אין מיר דעם מענש און געמאכט מיך פאר שטויב אונטער זיינע פיס; וואס פאר א קלוג־קייט, אדער שארפקייט, אדער גוטסקייט איז דאס געלעגען אין זיינע רייד, מיט וואס ער האט מיך אזוי אפגעסמ'ט—נאך איצט קען איך דאס ניט פערשטעהן. און מיר ווילט זיך דוקא דערגרונ־טעווען אין וואס זיין כח איבער מיר איז בעשטאנען. פרוביר איך מיט אלע מיינע קרעפטען אריינלעבען זיך כאטש אויף א גאנץ קורצער ווייל אין יענער צייט, ווידער איבערלעבען א מאמענט פון דאמאלס — און איך קען ניט. איך געדענק קלאהר און פינקט־ליך אקוראט ווי איך האב געפיהלט אין יענע מאמענטען, און איך מאטער זיך איינצורייידען זיך, אז איך לעב עס איצט ווידער

דורך. איך שטעל זיך פאר, אז איך הער זיינע רייד יענע, איך פיהל די בעריהרונג פון זיין האנד — איך בלייב אבער קאלט, ווי גארנישט וואלט פאסירט.

„אזוי האב איך געלעבט, איך האב געהאסט זיך, איך האב געהאסט איהם. איך האב זיך געשטראפט און גע'מוסר'ט, איך האב זיך אליין אפט געזידעלט און זיך געמאהנט, פארוואס בין איך אזוי נישטיג, אזוי קליין און געמיין!... פארוואס אנטלויף איך נים ווייט אוועק פון איהם, ווייט אוועק פון דעם פלאץ, וואו ער געפינט זיך, וואו איך וועל צוריק ווענען ווערען דער מענש, וואס איך בין געווען פריהער. איך פלעג אויסהערען מיינע אייגענע שטראף־רייד צו זיך און ווייטער בלייבען וואס געווען; איך בין אויף גיך געלאפען איהם זוכען, און איבערגעציטערט, מאמער וועל איך איהם נים מעהר געפינען... און עס איז פאר מיר קלאהר געווארען, אז איך וועל קיינמאל נים קענען ווערען מיין אייגענער רעטער. איך וועל קיינמאל נים קענען ווערען אזוי שמארק, קיינמאל וועל איך נים קענען אויפזאמלען אזוי פיעל כחות. ער אליין מוז זיין מיין רעטער; דאס מיינט, ער מוז מיך איבערלאזען און פון מיר אוועקגעהן, נים ווילען מיך מעהר, נים לאזען מעהר אין מיר זיינע רייד, נים אנריהרען מיך מעהר מים זיין האנד... די רעטונג מוז קומען דורך איהם. און איך האב געהאט מיין האפנונג. געוואוסט האב איך, אז ער מאטערט זיין קרבן נור אזוי לאנג, ביז ער דערזעהט איינע, וועלכע איהם ווילט זיך מאכען פאר זיין נייעם קרבן. ער מוז האבען נייע, פרישע, מים פרישע, געזונטע בלוט און א גאנצע הארץ; און אז ער קלויבט אוים די נייע, די פרישע, לאזט ער איבער די אלטע, פון וועלכע ער האט ארויסגעצויגען דעם גאנצען זאפט און פער־גיפטעט די בלוט, פערניכטעט דעם ווילען, ערנידריגט ביז צו דער ערד דעם מענש, און ער נעהמט זיך צו דער נייער. און ער האט אייך דערזעהן און אייך אויסגעקליבען פאר זיין נייעם קרבן, און איך האב זיך געפיהלט געראטעוועט און געפיהלט גרויס רחמנות מים אייך. מיין גליק קומט דורך אייער אונגליק. און איך גלויב,

אז ס'איז געווען מיין פליכט אייך צו ווארנען... איך בין אבער געווען צו שוואך דאס צו טהאן... ווי קען דען איינער טהאן אזא זאך? דאס איז געווען נים עהרליך פון מיר, גיב איך צו; אבער מיין ווארנונג וואלט דאך נים געהאלפען. איהר וואלט נים גע־וואלט זיך צוהערען צו מיר, אזוי ווי איך וואלט נים געהערט, ווען אימיצער וואלט געקומען מיך ווארנען, און דערצו נאך, ווען די ווארנונג וואלט געקומען פון יענער, וועמען ער פערלאזט צוליעב מיר... מיין רחמנות איז אבער גיך פערשוואונדען, דערזעהענדיג, ווי פאלש איהר בענעהמט זיך געגען מיר, ווי נים עהרליך און נים אנשטענדיג. מיר דוכט, אז ווען ס'וואלט אמאל פאסירט, אז איך זאל אוועקנעהמען פון א פרוי איהר געליעבטען, וואלט איך מיט אלע קרעפטען מיינע אויסגעמיידט נים צו טרעפען זיך מיט יענער; איך וואלט מיילען ווייט געגאנגען אום נים צו טרעפען זיך מיט איהר; און וואלט איך דאך געטראפען זיך מיט איהר, וואלט איך מיינע אויגען נים געקענט אויפהויבען און וואלט מיט ציטער א ווארט צו איהר ארויסגערעדט. איהר זיינט אבער צו מיר אין ציטער געקומען און זיך מיט מיר צוקושט יעדעס מאל ביים קומען און אוועקגעהן, האלטענדיג אנגעגרייט א חלף פאר מיר... און איהר האט געמיינט, אז איך בין אזוי נאריש און פערשטעה גארנים וואס עס קומט פאר... דאס קרענקט מיך און איך וועל קיינמאל נים קענען רוהען, ביז איהר וועט וויסען, אז איהר האט מיך קיינמאל נים געקענט נארען. דארום שרייב איך אייך דיעזען בריעף היינט, און וויסט."

זי האט אוועקגעלעגט די פען און געלאזען איהר האנד רוהען אויפ'ן טיש. א מיעדקייט און שווערעניש האט זיך פון איהרע אויגען געשפרייט איבער איהר גאנצען קאפ. און זי האט גע־קלעהרט, אויב זי האט שוין גענוג געשריעבען. וואס קען זי נאך צושרייבען? דאכט זיך, אלצדינג ארויסגעזאגט!

היינט איז שוין צו שפעט אריינצו־ווארפען דעם בריעף. און זי האט נים קיין סטעמפ, מוז זי דאס איבערלאזען אויף מארגען.

פאַר איהרע אויגען איז געשטאַנען דאַס פאַרצעלייענע טעצעל, אין וואָס ער פלעגט די אַש פון סיגאַרעט אַבטרייסלען — — האָט זי אין טעצעל אַריינגעקוקט און איהרע מיעדע אויגען זעהען, איז זי זיכער, דאָס פייערל פון זיין סיגאַרעט מיט דעם צווייטען ברעג צווישען זיינע פינגער... זי הערט זיינע רייד... זיינע אויגען שפּיצען זיך אין איהר... דער סיגאַרעט בלייבט ליעגען אויפ'ן טעצעל און ער שטרעקט צו איהר זיין האַנד... און זי האָט דער־פיהלט אַ געשמאַקען אויפריהר אין איהר בלוט, איבער אַלע גליע־דער... און זי האָט ווידער גענומען די פען און צושרייבען:

„איך ווייס ווענען איהם, אַז ער קעהרט זיך קיינמאַל ניט אום צוריק צו אַן אַלטען קרבן זיינעם, און דאָס פערדריסט מיך. מיר ווילט זיך, ער זאָל נאָך אַ מאָל קומען צו מיר, און ער זאָל זעהן, ווי ער קען מעהר קיין מאַכט איבער מיר ניט האָבען.“

נאָר באַלד האָט זי האַסטיג אויסגעמעקט די צוגעשריעבענע עטליכע שורות, און אַזוי אויסגעמעקט, אַז מען האָט קיין איין אות פון די צוגעשריעבענע ניט געקענט אַרויסקריגען, און דערנאָך האָט זי איננאַנצען אַבגעריסען די שטיקעל צוגעשריעבענע, צו־ריסען אויף פיצלעך און אַריינגעוואָרפען אין פאַרצעלייענעם טעצעל.

זי האָט גענוג אָנגעשריעבען, איז ביי איהר געבליבען. די מיעדקייט און שווערענים פון איהרע אויגען האָט זיך שטאַרקער פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען קאָפּ; האָט זי פערלייגט ביידע אָרעמס אויפ'ן טיש און אויף זיי איהר קאָפּ אָוועקגעלייגט, און אין איהר געדאַנק האָט זיך געדרעהט און זיך געפּלאָנטערט, און איהר געווייצט און געמאַטערט, וואָס זי ווייס פון איהם: „ער קומט קיינמאַל ניט צוריק צו זיין אַלטען קרבן...“

# צוויי מאָל געווײנט

ביידע האָבען זיי ליעב געהאַט קינדער. זיי האָבען ליעב גע־האַט די קינדערלעך פון זייערע „מיסעסען", די קינדערלעך פון זייערע קרובים און בעקאַנטע. ווען זיי זיינען געוואָרען חתן־כלה און זיינען זיך געוואָרען נאָהענט און איבערגעגעבען און נאָך דער חתונה, פלעגען זיי ריידען פון דעם, ווי זיי וועלען ליעב האָבען און טהייער האַלטען זייערע אייגענע קינדערלעך...

1

אַז ס'איז פאַראיבער אַ דריי חדשים נאָך זייער חתונה, האָ־בען זיי זיך דערפיהלט אומעטיג און זיי האָבען זיך געשראָקען... זיי וועלען ניט האָבען קיין קינד... אַ צייט פריהער נאָך האָבען זיי שוין געהאַט אויסגערעכענט, פריהער יעדער פאַר זיך, און דער־נאָך צוזאַמען, „ווען דאָס וועט זיין..." און זיי זיינען געווען אַזוי ענטוישט... די שעהנע, ליעבליכע היים זייערע, האָט זיך ביידען געדוכט, האָט זיך אַ ריהר געטהאָן פון סאַמע פונדאַמענט, האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן... און זיי האָבען זיך אין זייערע הער־צער געשעהמט איינער פאַר'ן צווייטען... און שטילע פאַראי־בעלם האָבען זיי געפיהלט איינער אויף'ן אַנדערען... זיי האָבען זיך אויסגעגעהיט מיט זייערע געדאַנקען און געפיהלען, — זיי האָבען זיך אָבער פערשטאַנען...

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ סדרה פון דאָקטוירים.

און איינמאָל, אין אַן אָבענד, אַז ער איז געקומען אַהיים אַזוי אונגעדולדיגער — זי איז היינט געווען ביי אַ „גרויסען" דאָק־טאָר — האָט ער אויף איהר פנים דערזעהן זיין גרויסען גליק.

זי האָט איהם איבערגעגעבען וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט. זי האָט ניט געקענט ענדיגען, און זי האָט זיך צו־וויינט מיט הייסע, גרויסע טרעהרען פון נחת און גליק.

אויך זיין הארץ איז געווען פול מיט אַזאַ געוויין, ווי איה־רער; אָבער דאָר, אַ מאַנסביל, האָט ער זיך בעהערשט, איינגע־לעווין
צוויי מאָל געוויינט  אַ נאַטור פון אַ מענשען —42
האַלטען זיינע טרעהרען, אָבער עס האָט זיך איהם ניט אינגאַנצען איינגעגעבען; ער איז אַוועק אין אַ ווינקעל און אויסגעווישט די אויגען.

## 2

**זייער גליק האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, ווען דאָס קינד איז געקומען אויף דער וועלט, און אַ רעכט שטיקעל צייט דערנאָך זיינען זיי געווען בערוישט, פער'שכור'ט און זיי האָבען אַזוי ווי פערגעסען אַן אַלץ ארום זיי. זייער גאַנצער לעבען איז געהאַנגען אַן דעם פּיצינקען נפש'ל — נחת און שרעק — טאָמער פּאַסירט עפּעס...**

שפּעטער אביסעל האָבען זיך אָנגעהויבען צרות. דאָס קינד איז געווען ניט קיין איבעריגס געזונטע, און אויך די מאַמע איז געווען ניט מיט אַלעמען. גאַנצע טעג איז זי געווען פערטהאַן מיט'ן קינד און מיט זיך, און זי איז צוקוריק געקומען אין צייט. זעהר אָפט פלעגט ער, קומענדיג אַהיים פון דער ארבייט, ניט גע־פינען קיין סאַפּער, און ער האָט אַליין געמוזט אַרויפטראָגען וואָס־ניט־איז פון גראָסערי. אין דער פריה זיינען זיי ביידע געווען צובראָכען און ניט דערשלאָפען פון זיך גיאַנטשען מיט'ן וויי־נענדיגען קינד דורך דער נאַכט. זי האָט ניט געקענט אויפשטעהן מאַכען פאַר איהם ברעקפעסט, און ער פלעגט אַוועקגעהן צו דער ארבייט „מיט אַ זופּ און אַ בים".

שטענדיג האָט אויסגעפעהלט געלד. זיינע ניט שלעכטע פערדיענסטען זיינען איצט קוים, קוים גענוג געווען אויף דאָס נויט־ווענדיגסטע; זיי זיינען געווען ניש'קשה'דיגע קאַסטאָמער ביים

דאקטאר און אפטייקער, און אין „פיידע“ האט ניט דערלעבט דערציהען ביז די צווייטע. די לעצטע טעג פון וואר איז זי גע־ ווען געצוואונגען צו־צובארגען די נויטיגע לעבענסמיטעל, וואס זי האט געהאסט ווי דעם טויט. בארגען איז געווען ביי איהר ערגער פון שנארען. און אויך די שעהנע, ליעבע היים זייערע איז געווארען אבגעבלאנקט, אבגעגלאנצט, אז מ׳האט עס קוים דער־ קענט. די נייע הויז־זאכען זיינען גיך פערעלטערט געווארען, און זיי זיינען איצט ניט געווען אויסגעשטעלט און אויסגעלעגט אין דער פריהערדיגער ריכטיגער ארדנונג, ווי ווען זיי האבען זיך אויס־ געבויט זייער נעסט, ווען די טעג האבען זיך פאר איהם געצויגען אין דעם העכסטען אונגעדולד צו קומען וואס גיכער אין זיין גן־עדן. זי האט קיין צייט ניט און ס׳ליעגט איהר ניט אין זינען צו האלטען די הויז אויסגעפוצט; דער טאג און די נאכט געהען ביי איהר אוועק ארום קינד און זיך אליין און די „קיטשען“.

3

און אז דאס קינד איז אלט געווארען עטליכע מאנאטען, איז אנגעפאלען אויף זיי א שרעק — נאך א קינד וועט אין גיכען קו־ מען!... נאך מעהר שווערע ארבייט, נאך מעהר שלאפלאזע נעכט, נאך מעהר דאקטאר און אפטייקער—נאך מעהר ארימקייט!...

און ווידער האבען זיי פאראיבעל געהאט איינער אויפ׳ן צווייטען, אמת׳ע שנאה געפיהלט איינער צום אנדערען...

א נייער שווערער בארג לאזט זיך אראב אויף זיי. זיי מוזען זיך ראטעווען.

זי האט זיך נאכגעפרעגט און געקראגען די אדרעסען פון געוויסע דאקטוירים, וועלכע קענען איהר העלפען, און זי איז צו זיי געגאנגען.

פון אבענד, אז ער איז געקומען אהיים, האט ער אויף איהר דערזעהן עפעס זעהר ניט פרעהליכעס, און ער האט פערשטאנען... זי איז היינט געווען ביי דאקטוירים...

זי האט איהם איבערגעגעבען, אז זיי ענטזאגען זיך צו טהאן

איהר פערלאַנג — זיי קענען ניט איינשטעלען— זי איז ניט קיין געזונדע, צו שוואַך, און עס איז צו שפעט — זיי האָבען מורא.

דער שווערער בארג לאָזט זיך אַראָב אויף זיי.

זי האָט ניט געקענט דערענדיגען ריידען, און זי האָט זיך צואוויינט.

און איצט איז דער שטאַרקער מאַנסביל אויך שוואַך געוואָרען, ער האָט ניט געקענט צוריקהאַלטען זיינע טרעהרען און ער האָט זיך צואוויינט מיט אמת'ע גרויסע טרעהרען.

# אַ נאַטור פון אַ מענשען

אַ בייזער, אין כעס אויף זיך אַליין, איז ער אריינגעקומען אין זיין רום אַזייגער איינס ביינאַכט. ער האָט אויסגעטהאָן זיין הוט און ראָק און זיך אוועקגעזעצט ביים טישעל.

ער איז שוין איצט געווען זיכער, אַז פונ׳ם שידוך וועט גאָר־ניט ווערען.

געזעסען אַזוי שפּעט ביי זיין כלה איז ער אייגענטליך איבער געוואָלד. ער האָט געוואָלט אוועקגעהן מיט אַ רעכטע ווײַלע פריהער. ער איז אָבער געבליבען זיצען — אַלע מענשען אין הויז זיינען געווען אַרום איהם, און איהם איז שווער געווען זיך אַרויס־צוהויבען פון זיי אַלעמען און אוועקגעהן; אין די אַלע אָבענדען, וואָס ער פערברענגט דאָרט, זיצט ער ביז גאַנץ שפּעט — וואָס פאַר אַ תירוץ האָט ער געקענט זאָגען זיי אַזייגער צעהן אָדער עלף — ער געהט קאַלעקטען פאַר זיינע אינשורענס אַזוי שפּעט?

דעם גאַנצען אָבענד האָט ער זיך צווישען די מענשען גע־פיהלט אַ פרעמדער צווישען פרעמדע; און צו דער כלה האָט ער געפיהלט, ווי ביי אַ קאַלטען געזעגענען זיך מיט אַ מענשען, וואָס מ׳וועט איהם מעהר ניט און מ׳וויל איהם מעהר ניט זעהן. דעם גאַנצען אָבענד כמעט איז זי געזעסען נעבען איהם, געהאַלטען איהר האַנד אָדער איהם אָרעם אויף זיין פּלייצע, און וואָרעם געקוקט און גערעדט צו איהם; נאָר ביי איהם איז אויסגעקומען ווי גאָר אַ פרעמדע, ניט־געווינשטע פּערזאָן האָט זיך אויף איהם אָנגעוואָרפען.

ער האָט שוין געהאַט עטליכע כלות פאַר איהר, און אַלע האָבען זיי געהאַט דעמזעלבען סוף, ווי די היינטיגע.

ער האָט געהאַט אַזאַ נאַטור, אַז ווי נאָר ער האָט זיך בעקענט

מיט א שעהנע מיידעל, אדער איינע, וואס איהם האט זיך אויסגע־דוכט, אז זי איז א שעהנע, האט ער זיך באלד פערליעבט אין איהר, ניט אויפגעהערט טראכטען פון איהר, ניט געקענט ארבייטען ריכ־טיג ביי זיין בעשעפטיגונג, ביז ער האט זיך איהר אין ליעבע ער־קלעהרט, און פון איהר ארויסגעקראגען, אז אויך זי ליעבט איהם, און זיי זיינען געווארען חתן־כלה. ער איז געווען ניט קיין מיאוס'ער יונגערמאן, און מיט זיינע דורכשניטליכע מעלות און חסרונות, איז איהם ניט שווער אנגעקומען א חתן צו ווערען אין די קרייזען, אין וועלכע ער האט געלעבט.

און ניט לאנג פלעגט אנהאלטען זיין חתן־כלה׳שאפט. א חודש אדער צוויי פלעגט ער מיט איהר ארומגעהן — און די געליעב־טע איז איהם נמאס געווארען, און ער האט געפיהלט, אז ער שלעפט א משא אויף זיך — און ס'איז געווארען אויס שידוך. אויף פערשיעדענע אופנים איז צוגעגאנגען דער אויסווערען. איינע איז געווען א שטאלצע און אז זי האט אויף איהם דערזעהן, אז ער „ברעקעלט זיך", ער איז קאלט און גלייכגילטיג — האט זי איהם אליין געהייסען געהן. אן אנדערע האט ער געמוזט ערקלעהרען, אז ער פיהלט ביי זיך, דאס זיי קענען ניט לעבען גליקליך צוזא־מען, זיי זיינען ניט קיין גלייכע פאר — האט זי געוויינט און גע־וואלט איבעררייידען איהם, בעווייזען איהם, אז ער האט א טעות, אז דאס דוכט זיך איהם בלויז; אבער איהם האט זיך דאך איינגע־געבען, זיך אבצוטרייסלען פון איהר. און נאך איינע, אן עלטערע מיידעל מיט „משפחה", און וועלכע האט געמיינט, אז זי האלט ביים פערליערען גאר א גרויסען גליק, האט געפרובירט סטראשען איהם מיט'ן געזעץ. ער האט זיך דערשראקען און זיך אויסבעהאל־טען, אוועקגעצויגען אין א גאנץ אנדער געגענד, געוויכט פון איה־רע מקומות — ביז ס'איז פון עסק גארניט געווארען. זי און די משפחה האבען ניט געהאט די מיטלען זיך נאכצויאגען נאך איהם און זיי האבען זיך געמוזט טרייסטען מיט דעם, אז „ס'איז ניטא מיט וועמען צו געהן צום טיש", און זיי ווילען פון איהם כלומרש'ט ניט הערען און ניט וויסען.

אזוי מיט אַלע געליעבטע. ער האָט זיך אַנגעצונדען, איבער־געברענט און באַלד ניט געקענט איהר מעהר פערטראָגען.

און ביי יעדען צוגעהן זיך האָט איהם די זאַך פעדראָסען און געקרענקט. אויף זיך אַליין האָט ער זיך געערגערט, פאַרוואָס ער איז אַזאַ שוועכלינג, אַזאַ מיאוס׳ע נאַטור, אַזאַ קנאַפּער מענש — ער האָט ניט געטאָרט זיך פערליעבען אין איהר — צו וואָס? צו וואָס? צו וואָס?... און אויך אויף איהר פלעגט ער רחמנות האָבען... און ער האָט זיך אַלע מאָל געשאַפען אַ שטיקעל טרייסט אין זיין ערגערנים: דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, ס׳וועט מעהר מיט איהם ניט פּאַסירען, ער וועט זיך מעהר ניט פערליעבען... טאָ־מער יאָ, וועט דאָס זיכער זיין די לעצטע, ער וועט זיך היטען, ער וועט אַכטונג געבען, ער וועט קוקען מיט אָפענע אויגען. זי וועט מוזען זיין אַזאַ, מיט וועלכע ער וועט זיך שוין קיינמאָל ניט שיידען.

אַזוי אַלע מאָל. איהם האָט ניט געלאָזט רוהען, ביז ער האָט פון איהר אַרויסגעקראָגען איהר וואָרט און איז זיכער געווען מיט איהר ליעבע — און דערנאָך האָט איהם ניט געלאָזט רוהען, ביז ער איז פון איהר פּטור געוואָרען.

איז ער געזעסען שפּעט אין דער נאַכט אין זיין רום ביים טישעל און זיך געמאַכט אַ חשבון־הנפש, און, ווי אַלע מאָל, האָט איהם פערדראָסען און ער האָט רחמנות געהאַט אויף איהר, און פיעל מעהר האָט איהם געערגערט און געקרענקט אויף זיך אַליין, פאַר וואָס ער האָט זיך אין איהר פערליעבט, נאָכגעלאָפען איהר, געבעטען זיך... און איצט וועט ער מוזען דורכמאַכען די אַלע צרות פון ווערען אויס חתן... און ווי אַלע מאָל האָט ער זיך געשראָקען, אפשר וועט דאָס איהם נאָך גלאָט ניט אָראָבגעהן... און ווי לאַנג איז דער שיעור?... מיאוס... אַן ערוואַקסענער מענש, אַ מאַן. ער האָט זיך אמת געשעהמט פאַר זיך אַליין.

אָבער ניט מעהר... דאָס לעצטע מאָל היינט... מעהר וועט עס מיט איהם ניט פּאַסירען... קיינמאָל ניט... מעג ער דערזעהן די שעהנסטע, די קליגסטע, די בעסטע אין דער וועלט — קיינע

קען איהם מעהר ניט „נעהמען“ — ער וועט זיך מעהר ניט פער־ליעבען...

דער דאַזיגער בעשלום האָט איהם געטרייסט און בערוהיגט, ווי אַלע מאָל.

ער האָט זיך געלייגט אין בעט אריין. ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַ סך זאַכען פון דער פערגאַנגענהייט, און אַלע זיינע געוועזענע ליעבעס און כלות האָבען זיך געפּלאָנטערט אין זיין געדאַנק, און מעהר פון זיי אַלע איז געשטאַנען פאַר איהם בולט די היינ־טיגע, פון וועלכע ער דאַרף נאָך ערשט פּטור ווערען... און נאָך מעהר פון די געוועזענע כלות און די היינטיגע, איז אין זיין גע־דאַנק געווען איינגעגעסען דער וואָרט „מאָנטאַג“ — איצט איז שפּעט שבת ביי נאַכט, מאָרגען איז זונטאַג; איבערמאָרגען, מאָנ־טאַג — מאָנטאַג... מאָנטאַג אין אָבענד... מאָנטאַג אין אָבענד געהט ער קאָלעקטען אין אַ נייעם פּלאַץ. צוויי מאָל איז ער שוין דאָרט געווען... ער האָט דאָרט געזעהן אַ שעהנע מיידעל... ער מוז זיך מיט איהר בעקענען... ער מוז... ער מוז... ער קען אָהן איהר ניט לעבען... זי וועט מוזען איהם ליעבען...

## די ישוב'ניצע

די דאזיגע געשיכטע האט דערצעהלט אן עלטערער מענש, א מאן אריבער זעכציג. דאס איז געווען א מין ווידוי, אן אראב־ריידען זיך פון הארצען א זאך, וואס האט איהם א סך יאהרען געפרעסט, און וואס, ווי ער האט געזאגט, ער מוז ארויסריידען; ער קען דאס מעהר ביי זיך ניט האלטען; ער איז שוין אלט — ווער ווייס — ער וויל עס ניט מיטנעהמען מיט זיך...

* * *

איך קען נאך איצט ניט זאגען אויף זיכער, אויב איך בין דאמאלסט געווען א זינדיגער, צי ניט. אויב איך האב יא געזינדיגט, האב איך אבער אין דערזעלבער צייט גענוג געליטען, און מיין זינד איז מיר דורך דעם פיעל־וועניג פערגעבען געווארען — אזוי ווילט זיך מיר גלויבען... און אז איך טראכט זיך גוט אריין אין דעם — און איך טראכט פון דעם גאנץ אפט — דוכט זיך מיר אויס, נייז, איך בין זיכער, אז מיינע ליידען דאמאלס האבען ווייט־ווייט אריבערגעשטיגען די געצעהלטע מינוטען פון גענוס — געצוואונגענער גענוס, מוז איך זאגען... אזוי ווילט זיך מיר היינט גלויבען...

און טאמער האב איך נאך אלע דינים דאך געהאנדעלט ווי אן עהרענלאזער מענש, ווי א נידריגער פערברעכער, האב איך אבער צוזאמען מיט מיין געמיינער האנדלונג געטהאן אויך א גוטע זאך. ריכטיג, מען קען זאגען, אז איך האב די גוטע זאך גע־טהאן ניט ווילענדיג, איך בין געצוואונגען געווען צו שאפען גוטעס דורך מיין זינדיגען. די גוטעס איז אבער פארט געטהאן געווא־רען, און דורך מיר — דורך מיין טהאן שלעכטעס.

די פיעלע יאהרען וואס זיינען פאראיבער זייט יענער פא־

סירונג און מיין קאפ ווייס פערשנעעט, האבען מיך פיעלעס אין מיין לעבען אויפגעקלעהרט, א סך קשיות און שאלות פער־ענטפערט; און איצט, אין מיין שפעטען פארנאכט, ווילט זיך מיר מיינען, אז אויך דיעזע פערפלאנטערטע שאלה איז גע־לייזט — און מיר צו גונסטען...

איך און מיין חבר ט... זיינען דאמאלסט געווען נאך גאנץ יונגע לייט, ביידע פאר דרייסיג יאהר, ביידע ניט פערהייראט. מיר זיינען געווען אנגעשטעלטע אין א גרויסען העמדער־געשעפט. איך פלעג ארומגעהן פערקויפען די העמדער אין שטאדט ניו יארק צו סטארקיפערס, און ער, מיין חבר, פלעגט ארומפאהרען מיט דער סחורה אין די דערבייאיגע שטעדטלעך און קומען אלע אבענד אהיים. ער איז געווען א דארער ברונעט, מיט א מאגערען, שווארץ־ציגיינערשען פנים און פייערדיגע אויגען. איך און מיין חבר האבען זיך כמעט אויסגעגליכען מיט אלע אונזערע מעלות און חסרונות; נאר אין איין מעלה, אדער חסרון, זיינען מיר געווען ווייט פערשיעדען: ער איז געווען א שטרענגער מאראליסט אין דער הינזיכט פון פרויען. ער איז אוועק שוין צו־ווייט מיט זיין מאראליטעט; און ווענען פאמיליע־לעבען, טהרת־המשפחה, איז זיין קוק געווען שוין א גאר ניט־נארמאלער; זיין צניעות אין דיעזען ענין איז געגאנגען ווייט איבער אלע מאסען. ער איז זיכער געווען, אז אן אמת־עהרליכער, ריינער פאמיליען־לעבען קען געמאהלט זיין נור דאן, ווען די פרוי, מיט וועלכער מען פערבינדט זיך, ווייס ניט צופיעל פון דעם, וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, און ווייס איבערהויפט גארניט פון די אלע זאכען, וואס עס ווייס א מיידעל, וועלכע געפינט זיך שוין א לענגערע צייט אין ניו יארק, אין די שעפער, געהט אויף פיק־ניקס, אין דענסינג־האלס, ביז א שטיק אין דער נאכט אין די פארקס מיט יונגע לייט, וואס לייענט אלע טאג אין די צייטונגען סקאנדאליעזע, ניט־זויבע־רע געשיכטען און וואס פערפיהרט ליעבעס איידער זי האט חתונה. פאר דער חתונה, איידער זי קומט זיך צוזאמען מיט איהם, דארף

זי פון גאַרניט וויסן... דערנאָך וועט זי זיין אונטער זיין רשות, און ער וועט שוין וויסן, ווי אַנצוגעהן מיט איהר, ווי אויסצוהיטען איהר פון זאַכען, וואָס טויגען ניט פאַר איהם און ניט פאַר איהר. און נור אַזאַ איינע וועט זיין אַ ריכטיגע ווייב און מאַמע.

מיין חבר איז געווען געדעכט מיט זיין מיינונג — אין זיין אייגענעם פאַל. ער קען זיך אליין, האָט ער געזאָגט — ער איז זיכער, זאָל ער אויסגעפינען, אַז די, וועלכע ער האָט געמאַכט פאַר זיין פרוי, מיט וועלכער ער טהיילט זיין לעבען, איז צו איהם ניט עהרליך, וועט ער נעהמען שרעקליכע נקמה. ער וועט זיך ניט צופריעדענשטעלען בלויז מיט דעם, וואָס ער וועט טוידטען זיך און איהר און די קינדער; ער וועט נאָך אָבטהאָן עפּעס, וואָס וועט דיענען אַלס וואָרנונג, אַ שרעק פאַר אַנדערע — ער ווייס אליין ניט וואָס אַזוינס ער וועט אָבטהאָן, אָבער זיין טהאָט וועט ניט גיך פערגעסען ווערען. ער איז געגאַנגען נאָך ווייטער: זאָל ער זיך דערוויסען, אַז די ווייב זיינע האָט איהם פאַר דער חתונה „גענאַרט“, נאָך איידער זי האָט זיך געקענט מיט איהם, וועט אויך זיין נקמה זיין אַ בלוטיגע. און צו בעוואָרענען זיך פון אונגליקען, וועט ער נעהמען אַן אונוויסענדע, אַ יונגע, ערשט־אריבערגעקומענע, קליין־שטעדטעלדיגע מיידעל, און אַכטונג געבען אויף איהר, און איהר מאַכען געהן אין דעם וועג, וועלכען ער וועט איהר אָנווייזען.

אַזאַ שידוך, ווי ער האָט געוואָלט, מאַכט זיך ניט אַלע טאָג. ער האָט אָבער ענדליך דאָך געקראָגען, וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט חתונה געהאַט לויט זיין אידעאַל, גענומען אַ „גרינע“ מיידעל, אַ יונגע, אַן אונוויסענדע, אַ נאַאיווע, אונשולדיגע, וועלכע איז געקומען אַהער מיט איהרע עלטערען פון אַ דאָרף ערגעץ אין זיד־רוסלאַנד. ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט נאָך איידער זי האָט פאַספּייעט אָנצוזעהן אַ שאָפּ, איידער זי האָט צייט געהאַט זיך גוט ארומצוקוקען אויף דער נייער וועלט. ער האָט איהר גע־זעהן די ערשטע וואָך וואָס זי איז אַהער געקומען, און עס איז ביי איהם געבליבען, אַז דאָס איז „די“.

זי איז געווען א מיידעל נאך פאר אכצעהן יאהר, א פול־בלוטיגע, מיט א רויזען פנים און פלאקסענע האר. יעדער פינגער פון איהרע הענד איז געווען אנגעגאסען מיט בלוט. צווישען פרעמדע מענשען איז זי געווען צושראקען און האט זיך געשעהמט קוקען אין די אויגען; ס'האט אויסגעזעהן, אז זי קען גאר ניט ריידען, און אז מען האט צו איהר ארויסגערעדט עטליכע ווערטער, פלעגט דאס גאנצע בלוט זיך א שפאר טהאן איהר אין פנים אריין, און זי פלעגט ניט וויסען, וואס צו טהאן מיט די הענד, ווי אזוי צו שטהען, ווי צו האלטען זיך.

מיין חבר האט איהר ניט געלאזען געהן ארבייטען און געצאהלט וועכענטליך א סומע צו איהרע עלטערען, וועלכע זיינען געווען העכסט גליקליך מיט זייער טאכטער'ס גליק. עס איז אבער געווען שווער צו זאגען, אויב די כלה גופא האט זיך געפיהלט גליקליך, אויב זי ליעבט איהר חתן, ווארים זי איז שטענדיג געווען צושראקען און שעמעוודיג און ניט ארויסגערעדט א פאר צעהנדליג ווערטער כסדר. די שעהנע קליידער וואס דער חתן האט איהר געקויפט, האבען זיך צו איהר ניט געפאסט, די „ישוב'ניצע" האט זיך פון זיי נאך בולט'ער ארויסגעזעהן, און די אמעריקאנער קליידער, די הוט מיט'ן פעדער, האבען אויף איהר אויסגעזעהן קאמיש און לעכערליך. איך קען זיי נאך איצט זעהן, די חתן־כלה, ווי זיי האבען אויסגעקוקט געהענדיג אין גאס. ער — שווארץ, זי — וויס און רויט; די הענד איהרע הענגען ארוים פון די ארבעל ווי קלעצלעך; דאס פנים שטייף און ערנסט; די ליפען פעסט צוזאמענגעדריקט און אויסגעשטעלט; די אויגען פערגלאצט אויף ארויף, צום גרויסען אמעריקאנעם הוט.

זיי זיינען לאנג ניט געווען חתן־כלה. אין ווייניגער ווי צוויי מאנאט צייט האבען זיי חתונה געהאט. איהרע עלטערען האבען זיך באלד נאך דעם אריבערגעקליבען אין א שטעדטעל נעבען באסטאן, וואו איהר פאטער'ס ברידער האבען געארבייט אין א שוך־פאבריק און זיי האבען דארט געקראגען ארבייט אויך פאר איהם. די יונגע ווייבעלע האט שטארק געוויינט ביים געזעגענען זיך מיט זיי.

עס האט מיר אויסגעוויזען, אז בלויז צוויי פון אונז דריי, ס'הייסט, ס'יונגע פאר און איך, זיינען געווען צופריעדען פונ'ם שידוך, און די צוויי זיינען געווען: מיין חבר און איך. ער האט געקראגען אקוראט וואס ער האט געוואלט, און ער האט זיך גע־פרעהט מיט זיין גליק; איך בין געווען צופריעדען מיט זייער שידוך מיט דעם, וואס איך האב אין זייער היים געקראגען אויך א שטי־קעל היים פאר זיך. איך בין דארט געווען אן איינגענער מענש. איך האב פערבראכט ביי זיי מיין גאנצע פרייע צייט און געפיהלט זיך דארט ווי אין אן אייגענער היים.

די יונגע ווייבעל האט ענדליך זיך גענומען „אויסגרינען". זי האט פערלארען אין געוויכט, זי איז געווארען פיעל דינער, די בלוט האט מעהר ניט געשפארט אזוי פון איהר, און עס האט זיך גענומען ביי איהר אויסאיידלען א חנ'עוודיג פנים. זי האט אויך גע־מאכט פארטשריט אין ריידען מיט מענשען, אהן שרעק, ניט ווערענ־דיג רויט ביז די אויערען און ניט זוכענדיג צו בעהאלטען איהרע אויגען. זי האט אויפגעכאפט די ענגלישע ווערטער אינ'ם אמע־ריקאנער אידיש און האט זיי פריי געברויכט. זי האט אויך גע־כאפט ריידען ענגליש. מיין חבר איז געווען העכסט צופריעדען מיט איהר ענדערונג. חתונה האבען האט ער טאקע געוואלט מיט אזא מיידעל, ווי זי איז געווען, אבער אז זי זאל בלייבען אזוי אויף שטענדיג, וואלט איהם ניט געשמעקט. איצט האט זי זיך „גע־מענשעלט" אונטער זיין רשות און ער וועט האבען אי די נאאיווע, אונשולדיגע, עהרליכע, אונוויסענדע, אי די אויסגעגרינטע, אויס־געאיידעלטע.

צוזאמען מיט איהר ענדערען זיך האב איך אויך דערזעהן אויף איהר, אז זי איז ניט פערליעבט אין איהר מאן, און איך האב דערזעהן נאך עטוואס, וואס מיר איז ניט געפעלען געווארען. אז מיר פלעגען אלע דריי זיין צוזאמען, האט זי שטענדיג געקוקט אויף מיר, איינהערען זיך אויפמערקזאם צו מיין יעדען ווארט, לאכען לאנג און הארציג פון מיינעם א וויץ. אויף איהר מאן האט זי ווייניג וואס געקוקט און זיינע רייד האבען איהר, קענטיג, ניט אינטערע־

סירט. ווארים בשעת ער פלעגט ריידען, פלעגט זי זיין אונרוהיג, אונגעדולדיג, טאפען און צופען נערוועז דעם טישטוך, אדער קנע־טען האסטיג, וואס זי האט נאר אריינגעקראגען אין די הענד. ער האט אויף איהר גארניט געזעהן און גארניט פערשטאנען, און גארניט געזוכט אריינצודרינגען טיעף אין איהר; ער איז געווען זיכער מיט איהר; זי איז דאך זיין ווייב — און ווייס זי דען עפעס מעהר, ווי אז מען דארף ליעב האבען דעם מאן? וואו האט זי דען אנדערש געזעהן? און דער גאנצער לעבען איהרער איז דאך פאר איהם געווען אפען און קלאהר. ער האט איהר ליעב געהאט און בעהאנדעלט איהר, ווי א קינד, גערעדט צו איהר ווי צו א קינד און געווען זיכער מיט איהר ווי מיט א קינד. אין מייך אנוועזענהייט פלעגט ער איהר נעהמען אויפ׳ן שויס, ארומוויק־לען איהרע ארעמס ארום זיין האלז, און לערנען איהר ריידען ענג־ליש און אויך אידיש. זי פלעגט זיצען אויף איהם א „פערליטענע״, און איהרע פינגער פלעגען זיך ארום זיין האלז קיין ארט ניט געפינען און זי האט געזוכט צו בעהאלטען פון מיר איהרע אויגען.

עס האט זיך געמאכט, אז איך בין געווען שטארק בעשעפ־טיגט און בין א פאר אבענדען ניט געווען ביי זיי אין הויז. די יונגע ווייבעל איז צוטומעלט און צושראקען געווארען, ווען זי האט מיך דערזעהן, און אויף מיין „גוד־איווניג״ האט זי געענטפערט מיט א האלבען מויל און איז גיך אריין אין אן אנדער צימער, איז באלד צוריק ארויסגעקומען, ארומגעדרעהט זיך אין די ווינקעלער, געשארט זיך ביי די װענד און צום סוף האסטיג זיך געזעצט ביים טיש און ארוים מיט א געוויין.

איך האב מיך דערשראקען. ער איז נימא און זי ווייגט. מיין חבר איז געווען א קראנקער מענש — א שוואכע הארץ גע־האט — אפשר האט עפעס פאסירט.

— פארוואס וויינט איהר? וואו איז מאריס? — האב איך איהר געפרעגט.

זי האט ניט געענטפערט און געוויינט איןביידע הויפענס. איך האב געוואַרט אַ ווײַלע, און ווידער געפרעגט דיזעלביגע.

— מאַררים האט געזאָגט, ער וועט היינט ניט קומען אהיים — האָט זי געזאָגט, האַבענדיג שוין בעהערשט איהר געוויין — ער איז אַוועקגעפאָהרען ערגעץ אין אַ שטעדטעל.

— און פאַרוואָס האָט איהר געוויינט? — האב איך געוואָלט וויסען.

— איך האב געוויינט איבער אייך — האָט זי געזאָגט געלאַ־סען — איהר זייט דאָ אַ צייט ניט געווען, האב איך געמיינט, איהר'ט דאָ שוין ניט קומען, האב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטען, אַז כ'האָב אייך דערזעהן.

איך האב מיינע אויגען און אויערען ניט געגלויבט. איז דאָס זי? איך האב זיך נאָך מעהר דערשראָקען.

— איך האב קיין מורא ניט צו זאָגען — האָט זי ווייטער גע־נומען ריידען, איידער איך האב נאָך גוט בעגריפען, וואס דאָ איז געשעהן און אויסגעטראַכט עפעס באַזאָנדערעס איהר צו זאָגען — איך האב דאָ קיינעם ניט אויסצודערצעהלען, וואס איך לייד אוים.

— וואס ליידט איהר? וועך טהוט אייך? — האב איך נייי־גיעריג געפרעגט.

— איך וויל דאָ ניט זיין! איך וועל פון דאַנען אַוועק־געהן! — האָט זי געזאָגט מיט כעס.

— אַוועקגעהן ווילט איהר? פאַרוואס? וואס איז אייך דען?

— מיר איז דאָ שלעכט! איך וויל בעסער געהן אַליין אַר־בייטען און פערדיענען. איך האב מיט איהם גאַרניט געוואָלט חתונה האָבען.

— איהר רעדט ווי אַ קינד — האב איך צו איהר געזאָגט פאַטערליך, מיינענדיג טאַקע, אַז זי רעדט קינדישע רייד — מאַררים האָט אייך ליעב און אייך פעהלט קיין זאַך ניט. ווי קומט איהר גאָר קלעהרען פון אַזעלכע זאַכען?

— איך בין איהם מוחל, וואס ער האָט מיך ליעב און איך

דארף דאס ניט. איך לייד זיך אז געגוג פון זיין ליעב האבען מיר מיט די פרעזענטס, אז איך בין דא אריבערגעקומען, און איינ־גערעדט מיין טאטען און מאמען, איך זאל מיט איהם חתונה הא־בען און איך האב פאר זיי מורא געהאט צו זאגען א ווארט? !...
וואס קען ער מיר איצט טהאן? איך קען מאכען א לעבען און איצט האב איך שוין פאר מיין טאטען מיט מיין מאמען אויך קיין מורא ניט. קיינער קען מיר ניט טהאן!

מיר האבען אויסגעפעהלט ארגומענטען אבצושטרייטען איה־רע טענות; פערשוויינען האב איך אבער ניט געטארט, און איך האב גלאט געזאגט, מיט ווענינ צוטרוי אין מיינע אייגענע רייד:

— איצט איז שוין פערפאלען, איהר זייט א פערהייראטע פרוי; ס׳וועט זיין אל־רייט, איהר וועט זיך צוגעוועהנען; דאס דאכט זיך אייך נאר אזוי. איך וואלט דאס אויף אייך קיינמאל ניט געגלויבט. מאכט זיך בעסער ניט נאריש. אייך איז איצט גאנץ גוט, ווילט איהר נעהמען און אליין זיך אונגליקליך מאכען.

— מיר וועט זיין בעסער ווי איצט — האט זי געענטפערט — ס׳איז דא גענוג אין אמעריקא וואס ארבייטען אין שאפ; איך קען דאס אויך. דא מיט איהם וועל איך מעהר ניט זיין, ס׳זאל מיר אפילו אויסקומען כ׳וויים ניט וואס.

איך האב גענומען ריידען צו איהר מעהר „פילאזאפיש״.

— איהר זייט א פערהייראטע פרוי, איהר טארט ניט ריי־דען אזעלכע רייד. איהר וועט בעגעהן א גרויסע נארישקייט אויב איהר וועט עס טהאן, וועט איהר חרטה האבען, אז עס וועט שוין זיין צו שפעט. ווער ווארפט דאס אוועק א מאן מיט א הייב און געהט ארבייטען אין א שאפ, און וואס וועט זאגען די וועלט? קיינער טהוט ניט אזא זאך. איהר וועט נאך פערשאפען בזיונות פאר איהם און פאר אייך, דערנאך וועט איהר קומען צוריק או ס׳וועט זיין צו שפעט. איהר ווייסט דאך, ער איז א קראנקען מענש, ער טאר ניט האבען קיין אויפרעגונג. ווי וועט איהר דאן קענען טהאן אזא זאך?

— כ׳וואלט שוין לאנג ניט געווען דא! — האט זי גערערט

דאס איהרינגע. — כ'בין דא געבליבען איבער אייך, כ'האב קיין מורא ניט צו זאגען.

מיך האט א טרייסעל געטהאן, פארזעהענדיג א גרויסען אונגליק פאר מיין חבר. אין דערזעלבער צייט האב איך מיך אבער אויך געפיהלט געשמייכעלט פון איהר לעצטער ערקלעהרונג... און מיר האט זיך געוואלט הערען נאך מעהר... און ווי ווען זי דאס ארויסזאגען... איך האב געפרעגט:

— צוליעב מיר גאר, ווי אזוי?

— איבער אייך בין איך דא געבליבען ביז איצט; כ'וויל זיין, וואו איהר זייט.

— פארוואס?

— אזוי.

— איהר טארט דאס ניט זאגען — האב איך געזאגט אין א האלב־שטרענגען טאן און געווארט אויף ווייטערע רייד — איהר זייט א פערהייראטע פרוי.

— איך וויל גארניט זיין פערהייראט מיט איהם; מיט אייך וואלט איך געוואלט זיין אלע מאל. כ'האב קיינמאל ניט געקעהרט פאר איהם.

איך האב מיך אויפגעהויבען פון מיין שטוהל, מיט געמאכטען כעס, און געזאגט מיט פארוואורף:

— פע, מיאוס, כ'וואלט דאס גארניט געגלויבט. כ'האב דאס געדארפט דערצעהלען מאריס'ען, ער זאל וויסען, ווער איהר זייט. ער איז אבער א קראנקער מענש, טאר איך דאס ניט טהאן. איך זאג איך אייך נאך א מאל, זעהט צו זיין א מענש. איהר ווילט ברענגען דעם גרעסטען אונגליק אויף אייך ביידען. איהר קענט איהם נאך ניט...

איך האב גענומען אנטהאן דעם מאנטעל.

זי איז צוגעקומען צו מיר, מיט שרעק אין די אויגען.

— איהר ווענט דא שוין מעהר ניט קומען? — האט זי געפרעגט מיט א קרומען שמייכעל, וואס האט געוויזען אויף געוויין.

איך האב אוועקגעקעהרט דעם קאפ און ניט געענטפערט.

— איהר האט מיך ניט ליעב? איהר גלויבט מיר ניט? — האט זי געפרעגט און געבעטען.

איך האב איהר ניט געענטפערט און בין שנעל ארויס פון הויז.

איך בין אוועק צו זיך אין צימער און זיך אוועקגעלייגט אין בעט. איך בין געווען איבערפילט מיט שרעק פאר מיין פריינד'ס צוקונפט. איך בין קיינמאל ניט געווען קיין צדיק אין פרויען־אנ־געלעגענהייטען. עס איז אבער דער ריינער אמת, אז דורך דער גאנצער צייט וואס איך האב געקענט מיין פריינד'ס פרוי, איז מיר ניט ארויפגעקומען קיין אונזויבערער געדאנק וועגען איהר, קיינ־מאל ניט געקוקט אויף איהר מיט וואלפישע אויגען. אויך יעצט איז ניט געווען ביי מיר דער מינדעסטער צווייפעל, אז איהרע רייד האבען אויף מיר קיין שום ווירקונג ניט געמאכט צום שלעכטען, און איך וועל געוויס טהאן מיין פליכט, ווי אן עהרליכער חבר דארף טהאן. און איך האב ניט געקענט בעגרייפען, ווי דאס קומט צו איהר — די שעהמעוודיגע, די שטילע, די אונוויסענדע, די נאַ־איווע — אזעלכע רייד און ערקלעהרונגען. איך האב איצט ווידער געזעהן פאר זיך איהר ערנסטען, יא, עהרליכען פנים און געהערט איהרע פראסטע, „אונציוויליזירטע" רייד, וואס זיינען עהרליך ארויסגעקומען פון איהר הארצען. זי האט פיינט איהר מאן, זי האט ליעב מיך; זי וויל פון איהם אוועקגעהן, און זי וועט דאס געוויס אויך טהאן. און איך קען דאך מיין פריינד... עס וועט זיך אבשפיעלען א טראגעדיע, ווען ער וועט זיך דערוויסען, וואס עס קומט פאר. דערצעהלען איהם פון מיין געשפרעך מיט איהר — איך וועל עס ניט קענען... ווארטען, ביז עס וועט געשעהן, זי וועט איהם אליין זאגען, אז זי וויל איהם ניט און פערלאזט איהם און מיך נאך אויך אריינמישען — וועט זיין נאך ערגער פאר מיר... ער וועט אפשר ניט גלויבען אין מיין אונשולד און זיך נאך אב־רעכענען אויך מיט מיר... איך אליין האב יענע נאכט געהאלטען זיך אין הינטערגרונד — איך האב מורא געהאט פאר זיין לעבען און אויך פאר איהרען; ווארים, אין גרונד גענומען, האב איך

צו איהר גארניט נעהאט און האב ביי זיך גוט געוואוסט, אז איך קען ניט וויעדערלעגען איהרע טענות, סידען זוכען צו פערטומלען איהר מיט דעם אלטען פזמון: חתונה געהאט און פערפאלען, וואס דאס וועט, ווי איך האב פערשטאנען, סיי־ווי־סיי ניט העלפען. איך האב אבער געפיהלט אויף זיך די שווערען פליכט ע פ ע ס צו טהאן. איך טאר עס ניט לאזען געהן אזוי, גלייכגילטיג צוקוקען, ווי פאר מיינע אויגען שאפט זיך א טראגעדיע, וואס וועט רואי־נירען, און אפשר אויך טויטען, מיין גוטען חבר, און נאך א מענ־שען. אבער וואס? ווי? ווי הויב איך אן? איך האב פאר זיך איצט אויך געזעהן מיין חבר'ס פייערדיגע אויגען אנגעצילע־וועט אויף מיר, ווי ער הערט זיך איין די גוטע נאכריכט, וואס איך גיב איהם איבער...

און נאך א געדאנק איז געווען פערבארגען אין מיר, וואס איך האב מורא געהאט ארייינצולאזען זיך אין איהם... און ער האט מיך ניט אבגעלאזען: כ'וועל קענען, אפשר, מאכען זי זאל פערבליי־בען מיט איהם, און ער זאל פון גארנישט וויסען — ניט, אז זי האט איהם פיינט; ניט, אז זי האט ליעב מיך...

יענע נאכט איז געווען די לעצטע וואס איך בין איינגעשלאפען א ריינער מענש, און יענע נאכט איז אויך געווען די שווערסטע נאכט, וואס איך האב ווען אין מיין לעבען דורכגעמאכט.

ווי איך האב אין דער פריה נאר געעפענט די אויגען, האב איך ריכטיג דערפיהלט די שווערע לאגע, אין וועלכער איך בין איינגעשלאפען. איך האב געפיהלט די שווערענים אויף מיין מח, אויפ'ן הארצען און אין יעדען גליעד בעזונדער. איך האב געקוקט מיט מוטנע אויגען און געזעהן פאר זיך א פערשטעלטען טומאנעם וועג, וועלכען איך וועל מוזען דורכמאכען.

נאך האלבען טאג בין איך — אליין ניט וויסענדיג צו וואס איך טהו עס — אוועקגעגאנגען צו מיין חבר אהיים; אז איך האב איהר דערזעהן, האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז זי איז מיר א גאנץ נאהענטע און צווישען אונז איז שוין פיעלעס פארגעקומען. און געבליבען איז ביי מיר צו ריידען מיט איהר איצט, ווי צו מיין

גלייכען. ניט פון אויבען אראב, ווי מען רעדט צו אימיצען וואס האט ווייניגער שכל און וועמען מען וויל לערנען.

— איהר ווייסט, כ'האב די גאנצע נאכט ניט געקענט שלא־פען — האב איך אנגעפאנגען דעם געשפרעך — איהר האט גע־זאגט מאריס'ען, אז איך בין דא געוועזן?

— כ'האב איהם ניט געזאגט — האט זי געענטפערט.

איך בין צופריעדען געווען מיט איהר ענטפער, אהן חשבון, פארוואס.

— זאגט מיר, — האב איך גערעדט צו איהר — האט איהר אפשר גוט דורכגעטראכט, וואס איהר האט מיר נעכטען געזאגט און איהר האט חרטה. איהר האט געוואלט אבטהאן א זאך, וואס וואלט אייך פערדראסען אויף אייער גאנצען לעבען. מאריס איז אזא קראנקער מענש. דאס וואלט איהם דער'הרג'עט.

— איהר רעדט אלץ פון אנדערע! — האט זי געזאגט מיט פארוואורף — וואס בין איך, ניט קיין מענש? איך בין גארניט? — ער איז אייער מאן און איהר זייט זיין פרוי! — איז געווען מיין שוואכער ארגומענט אויף איהר שטארקער טענה.

— כ'האב איהם ניט געבעטען, ער זאל זיין מיין מאן און איך וויל ניט זיין זיין פרוי. ער האט ביי מיר עס אפילו קיינמאל ניט געפרעגט. איצט האב איך פאר קיינעם קיין מורא ניט און איכ'ל פון דאנען אוועקגעהן. ווער קען מיר עפעס טהאן?

איך האב זיך שווער פערטראכט. דער הינטער־געדאנק פון נעכטען ביינאכט פאר'ן איינשלאפען האט מיך ווידער געגומען פיקען... איך בין נאך אבער געווען צו ריין, און ניט געקענט און ניט געוואוסט, ווי ארויסצוברענגען איהם פון מיין מויל. איך האב זיך געפלאנטערט:

— ווי וואלט געווען... איהר זאלט דא פערבלייבען... אפשר... איך וואלט געזאגט...

זי האט אבער פערשפארט מיר די שווערע טרחה. זי אליין האט געהאט דעמזעלבען פלאן און זי האט עס ארויסגעזאגט גאנץ גרינג, מיט אויפגעהויבענע אויגען:

— איך וועל דא פערבלייבען, אז איהר וועט דאס וועלען און וועט מיר הייסען. כ'וויל זיין, וואו איהר זייט, און איהר זאלט קומען אהער און מיר ליעב האבען.

— איך קום דאך אהער! — האב איך געזאגט, כלומר'שט תמ'עוואטע.

— וואס איהר קומט אזוי, איז ביי מיר גארנים, דאס איז ביי מי[illegible]אך ערגער.

— ווי דען זאל זיין?

— איהר זאלט קומען, מיר זאלען זייןביידע אליין און איהר זאלט מיך ליעב האבען. איהר זאלט מיך נעהמען, ווי ער נעהמט מיך, און מיך קושען און האלזען און מיר'ן זיך ביידע האבען ליעב.

מיר איז דערוויייל געווען אי זיס, אי ביטער. עס איז גוט צו הערען פון א יונגע, נאאיווע פרוי אזעלכע אפענע, ליעבהאר־ציגע, הייסע רייד. אבער ניט אין אזא סביבה, ניט אונטער אזעל־בע אומשטענדען. מיין הארץ איז געווען אנגעפילט מיט א שטאר־קען וועהטאג, אויסגעמישט מיט ווארימע, זיסע האפנונגען, וואס מיר שטעהט דא פאר. איך האב איהר פארשלאג אנגענומען און געפונען א שוואכע בערוהיגונג אין דעם, וואס איך האב געזוכט איינצורעדען זיך, אז איך טהו עס ניט פאר זיך, ניט פאר מיין פערגיגנען, נאר פאר איהם, אום איהם צו פערהיטען פון א טראַ־געדיע... ס'האט מיך ניט בערוהיגט... מיר האט זיך ניט איינ־געגעבען אבצונארען זיך אליין... איך האב איהר פארשלאג אנ־גענומען, דאך האט מיר אויסגעפעהלט מוטה און כח דאס צו טהאן אהן כלומר'שטדיגען ווידערשטאנד.

— דאס קען ניט זיין... איהר ווייסט דאך, מאַרים און איך זיינען אזעלכע גוטע פריינד.

— ער וועט דאך ניט וויסען! — האט זי ארויסגעזאגט אי־בערצייגט.

— א י ך וועל דאך אבער וויסען... ווי קען איך בענעהמען זיך אזוי געגען איהם?...

— אז ער וועט דאס ניט וויסען, איז דאס פאר איהם גאר־

נים! — האט זי מיך נים געקנט פערשטעהן. — וואס קען דאס איהם שאדען, אז ער ווייסט נים דערפון?

— און טאמער וועט ער זיך יא דערוויסען?

— פון וואנען? ער דארף זיך קיינמאל נים דערוויסען. ווער וועט עס איהם דען אויסזאגען?

— און מיינט איהר, אז מיר טארען דאס טהאן? אז דאס וועט זיין עהרליך פון אונז?

— פארוואס זאל דאס נים זיין עהרליך? וועמען וועלען מיר דען טהאן שלעכטס, אז מיר גלייכען זיך? אז איך ליעד זיך אן און ווייז אב גאנצע טעג, איז גוט? קיינער האט זיך נים וואס אריינצומישען אין דעריין.

דער עסק איז געווען געשלאסען און מיר האט זיך געוואלט ווי־עס־איז יוצא זיין פאר זיך און דעם מאל כאטש ארויסגעהן פון 71דיעזען הויז א ריינער, און אויך דאס האט זיך מיר נים איינגעגעבען. איך האב גענומען מאכען א בעוועגונג אוועקצוגעהן.

— איהר געהט שוין? — האט זי אויף מיר אויסגעשטעלט די אויגען — איך וויל נים, איהר זאלט אזוי גיך אוועקגעהן. זיים נאך דא.

— כ'מוז געהן צו ביזנעס.

— וועט איהר מאכען היינט אביסעל ווייניגער ביזנעס. זי איז צוגעקומען צו מיר און צוגעהאלטען מיינע הענד, איך זאל נים אויפהויבען זיך פון ארט. דערנאך האט זי ארומגעלעגט איהרע ארעמס ארום מיין האלז און זיך געזעצט אויף מיינע קניע. זי האט מיך געקושט און געביסען. איך האב איהר געקושט און געדריקט צו זיך... מיר זיינעןביידע געווען משוגע. מיר האבען זיך איבערגעזעצט אויפ'ן סאפע. „איהר גלייכט מיר, איהר האט מיך ליעב...“ — האט זי נים אויפגעהערט ריידען — „איהר וועט דא קומען צו מיר אלע מאל...“ און וויפיעל איך האב איהר געקושט, און ווי פעסט איך האב איהר געדרוקט צו זיך, איז איהר אלץ נים גענוג געווען...

איך האָב מיך יענעם טאָג ניט געפּיהלט דערשלאָגען, ניט געהאַט קיין טענות און ניט געמאַכט זיך קיין פאָרווירפע און ניט געזוכט זיך קיינע תירוצים — ניין, נאָך מעהר, איך בין געווען שטאָלץ מיט מיין ערזעבערונג, מיט מיין בריות׳קייט, מיט דעם וואָס מיך האָלט מען טהייערער ווי מיין חבר... מיין טראָט איז געווען פעסט, און עטליכע מאָל האָב איך געברויכט די גרויסע שוי־פענס־טער פון די סטאָרס פאַר אַ שפּיעגעל, גוט בעטראַכט זיך און מיט אַ זאַטער צופריעדענהייט זיך ארומגעגלעט די ברוסט. פון אָבענד בין איך, ווי אַלע מאָל, געזעסען ביי מיין חבר אין הויז און מיט איהם פערבראַכט. איהר פּנים האָט יענעם אָבענד געלויכטען... איך האָב אויף איהר געקוקט, ווי אויף מיינס אַ מציאה, וואָס איך מוז נויטיג האָבען... מיר איז געווען נחת׳דיג, זיס אויפ׳ן האַר־צען, — וואָס האָט יענער טאָג פון מיר געמאַכט!...

עס איז געגאַנגען לייכט. בייטאָג פלעג איך פערברענגען מיט מיין קראַנקען חבר׳ס יונגע ווייב און די אָבענדען מיט איהם. זי פלעגט זיך ווייניג וואָס אריינמישען אין אונזערע געשפּרעכען. אריינקומען פלעג איך צו איהר יעדען טאָג, פּונקט איינס אוהר נאָכמיטאָג. זי האָט זיך אויסגעלערענט ווי אַזוי מיר בעסער צו געפעלען, ווי צו געהן אָנגעטהאָן, ערוואַרטענדיג מיך. די שטיקעל צייט וואָס מיר פלעגען פערברענגען, פלעגט פערבייגעהן אין וויל־דער בעפרידיגונג פון אונזערע ליידענשאַפטען. מיר האָבען ווייניג־וואָס געהאַט צו ריידען, און זי האָט גאָר פון מיר ניט געמאָהנט קיין אַנדערע פריינדשאַפטען. קיין מענש, קיין מלאך האָט איהר אין גאָרניט געקענט פערדעכטיגען און דער מאַן איהרער האָט אויף איהר געקוקט און צו איהר גערעדט און בעהאַנדעלט, ווי אַ קינד, און זי האָט זיך געלאָזט... זי האָט געשפּיעלט איהר ראָלע אויס־געצייכענט. איך — אַזוי גוט ווי זי. איינמאָל בלויז האָב איך זיך אָביסעל דערשראָקען. צוליעב אַ געוויסער אַנגעלעגענהייט בין איך אַ פּאָר אָבענדען ניט געקומען פערברענגען מיט מאַרים׳ען, בין איך אויפ׳ן דריטען אָבענד אריינגעקומען מיט ניט־זיכערע,

ווייכע טריט... כ'האָב איבערגעציטערט... אפשר האָט ער זיך עפּעס אָנגעשטויסען... ס'איז אויף מיר ריכטיג מקוים געוואָרען דער „אויפ'ן גנב ברענט די היטעל"... איך האָב מיך דיעזען אָבענד געפּלייסט צו זיין צו איהם פריינדליכער, ווי אַלע מאָל...

אַביסעל שפּעטער בין איך דאָך אויפגעטרייסעלט געוואָרען און מיין מוטה, מיין בריות'קייט האָט מיך גענומען פערלאָזען. דאָס איז געווען דאָן, ווען ס'איז שוין אויף איהר קענטיג געווען, אַז זי געהט ווערען מוטער, און מיין קראַנקער פריינד האָט פון קיין אַנדער זאַך גאָרניט געוואָלט ריידען, ווי נור פון דעם גליק, וואָס איהם שטעהט פאָר. זיינע ברענענדיגע אויגען פלעגען נאָך שאַרפער אויפפלאַקערען, ווען ער פלעגט ריידען פון דעם דאָזיגען צאַרטען ענין. און ער פלעגט קוקען אויף איהר און דורכשטעכען מיט זיינע אויגען איהר פולען קערפּער, ווי ער וואָלט וועלען דורכקוקען יעדען אָדער, יעדער ביינדעל אין איהר. איך פלעג אויפציטערען אין יענע מאָמענטען. געוואָלט האָט זיך מיר גלויבען, אַז דאָס האָט מיין געוויסען, מיין עהרליכקייט גענומען זיך ראַנגלען מיט מיין ברוטאַליטעט, וואָס איך האָב געזוכט צו פערגלעטען מיט דעם, וואָס גראַד איצט, איז אַזאַ וויכטיגער צייט, מוז איך ווייטער אָנגעהן מיט מיינע האַנדלונגען, ניט דערלאָזען ס'זאָל קומען צו אַ טראַגעדיע... ס'איז אָבער ניט געווען דער געוויסען — איך בין אויפגעציטערט און אויפגעטרייסעלט געוואָרען פאַר שרעק... איך האָב מורא געקראָגען פאַר מיין אייגענעם שאָטען, ווען מיר זיינען געווען אַלע צוזאַמען. זי איז געבליבען דיזעלביגע, וואָס געווען; אין די אויגען איהרע האָט זיך נאָך דערצו אויסגעאַרבייט אַזאַ מאָדנער כיטרער בליק, וועלכען זי האָט ציניש געצילעוועט אויף מיר, ווען מיר זיינען אַלע דריי געווען אין הויז. אין דעם דאָזיגען בליק איהרען האָב איך געלייענט: „אהאָ, איך האָב דיך!" און אויך: „זעהסט, כ'האָב געזאָגט, אַז מ'דאַרף זיך ניט שרעקען! ער איז אַן אָקס, אַ פערד! מיר ביידע לאַכען זיך אויס פון איהם!... וואָס קען ער אונז טהאָן!..." איך בין איצט זיכער געווען, אַז דיעזען בליק איהרען האָב איך שוין געזעהן

אויף איהר נאָך דאַמאָלס, ווען אויף איהר פּנים איז נאָך געלעגען אויסגעשפּרייט דער היימישער דאָרף און די אויגען איהרע זיינען געווען פערגלאָצט צום גרויסען אַמעריקאַנער הוט. וואָס דער חתן האָט איהר געקויפט... און אויך פאַר איהר האָב איך מורא גע־האַט, און איך פלעג אַריינקומען אין הויז, ווי אַ פערזינדיגטער אינגעל, אז ס'פלעגט זיך אַמאָל מאַכען כ'האָב פערשפּעטיגט אויף עטליכע מינוט. וואָס פאַר אַ תירוץ איך האָב איהר געזאָגט, האָט ניט געטויגט. און איך האָב אויף איהר שטענדיג געזעהן אַ מורא־דיגען סטראַשונאַק... און איך האָב געזעהן בעשטימט, אַז איך און מיין חבר, אונזערעביידענס לעבענס ליגען אין איהרע הענד און זי געוועלטיגט איבער אונז...

האָב איך איהר געליעבט? ניין, דאָס איז ניט געווען קיין ליעבע. וואָס ליעבע איז, האָב איך געוואוסט — איך האָב שוין געהאַט געליעבט איינע, איידער איך האָב זיך מיט איהר בעגעגענט. זי איז געווען איינפאַך פאַר מיר אַ געשמאַקער ביי־סען, אַ טרפה'ער, וואָס איך בין איינמאָל געצוואונגען געוואָרען צו פערזוכען און מיר האָט זיך געוואָלט נאָך און נאָך, ווי אַ האָפ־נונגסלאָזער שכור וואָס וויים, אַז ער גיסט מיט זיינע אייגענע הענד סם אין זיך אַריין און וויים אויך, אַז ער וועט עס טהאָן ווייטער און ווייטער. זי האָט אָבגע'סמ'ט דעם עהרליכען מענ־שען אין מיר און איך גלוסט נאָך און נאָך פון דעם גיפט.

האָב איך געוואָלט בעפרייען זיך פון איהר? איך מוז זאָגען, אז ניין. מיר האָט זיך געוואָלט זיין אונטער איהר יאָך און זיך סמ'ען מעהר און מעהר. און איך האָב נאָך ביז יעצט ניט דער־גרונטעוועט, ווען מיר איז געווען ערגער: צי דאַמאָלסט, ווען איך האָב פון איהר דערהערט, אַז זי וויל מיך און מוז מיך האָבען, צי דאַן, בשעת זי האָט מיר, אין איהר לשון, גאַנץ פּראָסט געזאָגט, אַז זי וויל מיך מעהר ניט האָבען און איך זאָל איהר צורוה לאָזען.

— מאָרגען זאָל איהר אָהער ניט קומען — זאָגט זי צו מיר איין טאָג, בעגלייטענדיג מיר ביז צו דער אָפענער טהיר, נאָכדעם ווי זי איז די גאַנצע צייט פון מיין זיין אין הויז צו מיר ניט צוגע־

גאנגען און געזוכט זיך אלע ווײלע אן אנדער ארבייט צו טהאן.

— פאר וואס זאל איך מארגען ניט קומען? — האב איך איהר געפרעגט.

— אזוי, איך וויל ניט, איהר זאלט אהער קומען מארגען — און זי האט פערמאכט די טהיר הינטער מיר.

איך בין געבליבען שטעהן אין דער דרויסענדיגער זייט פון טהיר און ניט געקענט אוועקגעהן. איך האב געוואלט ויסען, פאר וואס איך זאל ניט קומען מארגען... מיר האט זיך יא געוואלט קומען... איך האב ניט געקענט אוועקגעהן, מיך האט געצויגען צוריק אינוועניג, צו איהר... און פאר וואס איז זי היינט געווען פון דערווייטענס? דאס האט דאך קיינמאל ניט פאסירט... איך האב ניט געקענט אוועקגעהן און האב שוין געהויבען מיין האנד אנצוקלאפען — ערשט די טהיר עפענט זיך און זי קומט ארויס.

— איהר זייט נאך ניט אוועקגעגאנגען? — האט זי מיך אנגעקוקט פערוואונדערט — וואס טהוט איהר דא?

איך האב געשטאמעלט:

—כ'האב געוואלט אריינקומען ריידען עפעס מיט אייך.

— איצט האב איך קיין צייט ניט, כ'דארף אריינגעהן ערגעץ — האט זי געזאגט און גענומען אראבגעהן די טרעפ. איך בין איהר נאכגעגאנגען.

— כ'וויל קומען מארגען — האב איך געזאגט.

— כ'האב אייך דאך געזאגט, אז ניט. קומט ניט, איך וויל ניט.

ניט אומקוקענדיג זיך מעהר אויף מיר, איז זי אריינגעגאנגען אין גראסערי־סטאר, וואס איז געווען באלד אונטען.

איך בין אוועקגעגאנגען און געפרובט זיך ערקלעהרען, וואס איהר בענעהמען זיך צו מיר היינט און איהר אנזאג אויף מארגען קען בעדייטען. איך האב פיעלעס איבערגעקלעהרט, אנגעגעבען זיך אלערליי אורזאכען, גאנץ שכל'דיגע און גאר נארישע, נאר די איינפאכע, פראסטע אורזאכע, איז מיר גאר אויפ'ן זינען ניט געקומען.

איך האָב ניט געפאָלגט און בין יאָ געקומען אויף מאָרגען אין דער ריכטיגער צייט. איך האָב עטליכע מאָל געקלאַפּט אין טיהר און מען האָט ניט געעפענט; איך האָב געפּרובט די טיהר — איז זי געווען פערשלאָסען. איך ווייס נאָך ביז היינט ניט, צי איז זי ניט געווען אין הויז, צי זי איז יאָ געווען און ניט געעפענט די טיהר, וויסענדיג אַז דאָס בין איך. ביז דאַמאָלס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, איך זאָל איהר ניט טרעפען אין הויז ביי מיין נאָכמיטאָגדיגען בעזוך.

אַז עכט ביסעל פערעלטערט האָב איך מיך דערשלעפּט צו דעם איבערמאָרגען, און גאַנץ ווייניג טרייסט און בעלוינונג האָב איך פון איהר געקראָגען פאַר מיינע פיעלע שטונדען פון אונגעדולד און נייגיעריגקייט. זי האָט מיך אויפגענומען מיט אַ קאַלטען, פערפרעמדטען קוק און מיט אַ האַלבען ענטפער אויף מיין בעגריי־סונג. זי האָט זיך פון מיר אָוועקגעצויגען, אָוועקגעשטופּט מיינע הענד, ניט געלאָזט זיך אָנריהרען...

— וואָס איז דער מעהר? — האָב איך שטרענג און מיט פער־דרוס איהר אַ פרעג געטהאָן.

— ס'איז גאָרניט קיין מעהר! — האָט זי גלייכגילטיג געענט־פערט.

— וואָס איז מיט אייך?

— גאָרניט איז מיט מיר.

— איך זעה דאָך — האָב איך געמאָהנט — אַז ס'איז עפּעס געווען, פאַרוואָס איהר האָט ניט געוואָלט, איך זאָל אָהער קומען נעכטען!

— איך האָב ניט געוואָלט. בייטאָג דאַרפט איהר שוין מעהר ניט קומען אָהער.

— איך וועל יאָ קומען! — האָב איך אַרויסגעזאָגט הויך און פערביטערט.

— אַז איהר וועט קומען וועט איהר מיר דאָ ניט טרעפען, ס'וועט זיין פערשלאָסען.

— וואָס האָט איהר געוואָלט האָבען פון מיר די גאַנצע

ציים? — האב איך געשריען — פארוואס האט איהר מיר פרי־
הער ניט געזאגט?

— וואס האב איך געהאט צו זאגען אייך? איצט זאג איך אייך און א סוף.

— איך וועל קומען! — האב איך איבערגע׳חזר׳ט דיזעלביגע רייד, ניט האבענדיג קיין שטארקערע זאך איהר צו זאגען.

— מאכט זיך ניט נאריש און לאזט צורוה! — האט זי מיר אבגעהאקט אונגעדולדיג, ווי יעדער ווארט מיינער וואלט איהר געווען איבעריג...

מיר האט זיך געדוכט, אז עס לאכט אינעווייניג אין איהר... דאס האט מיך אויפגעקאכט... מיר איז איינגעפאלען צו סטרא־שען איהר, אז איך וועל דערצעהלען איהר מאן פון אלץ... כ׳האב מיך אבער בעהערשט אין דער ריכטיגער מינוט און ניט ארויס־געבראכט פון מיין מויל די שרעקליכע נארישקייט.

א רעכטע וויילע בין איך געבליבען ביי איהר אין הויז און מיט איהר גערעדט, ס׳הייסט, איך האב גערעדט. איך האב איהר דערמאנט אן די ערשטע רייד און ערקלעהרונגען איהרע; איך האב פערלאנגט זי זאל מיר זאגען, וואס וועט זיין: וועט זי בלייב־בען? וועט זי אוועקגעהן? האט זי ליעב געקראגען איהר מאן? פארוואס האט זי פלוצלונג גענומען האנדלען אזוי געגען מיר? און צו וועט זי שוין אזוי פערבלייבען? איך האב גערעדט, גע־פרעגט, זיך געהיצט, און פון איהר ניט געקענט ארויסקריגען מעהר ווי א קאלטען, צו־להכעיס׳דיגען „איך ווייס ניט“, אדער: „איכ׳ל זעהן“.

קיין אינגעלע בין איך דאך שוין צו יענער צייט ניט געווען. איך בין געקומען צו מיין בעזינונג און האב בעגריפען די לאגע: ס׳איז געווען און ס׳איז אוועק, און וואס גיכער דאס וועט פערגעסען ווערען, אלץ בעסער וועט עס זיין. איך האב פערלאזען איהר הויז, מעהר ניט צו קומען, ווען איהר מאן וועט ניט זיין אין הויז. און איך מוז דא זאגען, אז איך האב זיך געהאלטען ווי א מאן: איך בין מעהר צו איהר ניט צוגעשטאנען מיט בעלעסטיגונגען, הגם

דאָס איז מיר ניט גרינג אָנגעקומען. איך האָב אויף איהר ווענינ געקוקט און נאָך וועניגער מיט איהר גערעדט.

אַ קורצע צייט נאָכדעם האָט נאָך עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט מיך געהאָלפען בעפרייען זיך פון פּלאָנטער, אין וועלכען איך האָב זיך נאָך געצאַפּעלט. די העמדער־פירמע האָט מיר פאָרגעלעגט צו פאָהרען אין די וועסט און ווערען דאָרט איהר שטענדיגער פּער־טרעטער. איך האָב מיך אָנגעכאַפּט אָן דעם גוטען פאָרשלאָג, און אויף גיך זיך איינגעפּאַקט. מיט מיין חבר האָב איך זיך צוקושט ביים געזעגענען זיך, איהר האָב איך דערלאַנגט די האַנד, ניט אָנ־קוקענדיג איהר.

וואָכען, מאָנאַטען און יאָהרען האָב איך געקלעהרט און גע־טראַכט און געמאַטערט זיך צו דערגרונטעווען, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ מין פרוי יענע. האָט זי דאָס טאַקע געמיינט ערנסט, ווען זי האָט מיר ערקלעהרט, אַז זי געהט פערלאָזען איהר מאַן? האָט זי דאָס פּשוט אויסגעטראַכט זיך פאַר אַ מיטעל, אַריינצוקריגען מיך, וויסענדיג פון מיין פריינדשאַפט צו איהר מאַן; און דער אוועקוואַרפען מיר! האָט זי אויפגעהערט מיר „גלייכען" און ניט געוואָלט מיך מעהר; זיך גענוג אָנגעזעטיגט?... האָט איהר באַל־דיגע מוטער־ווערען געהאַט אַ ווירקונג אויף איהר?...

איך האָב מיך די רעטעניש ניט אויפגעקלעהרט.

דעם זעלביגען יאָהר איז מיין חבר פּלוצלונג געשטאָרבען פון אַ האַרץ־שלאָג.

איהר האָב איהר מעהר קיינמאָל ניט געזעהן און אויך פון איהר ניט געהערט.

# בלויז צום איבערצייגען

א „וואוילער יונג“, וועלכער האָט געהאַט אַ סך ערפאַהרונגען מיט פרויען און האָט שטענדיג צו דערצעהלען עפּעס אַ פּעפּערדיגע מעשה׳לע וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט, דערצעהלט אזא געשיכטע:

מיט אַ פּאָר וואָכען צוריק האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט עפּעס אַ אידעל אַ שדכן, איך זאָל געהן מיט איהם אָנקוקען אַ כלה, אַ יונגע אַלמנה, אָהן קינדער, מיט אַן אייגענע דרעסמייקעריי, בקיצור, בערג מיט גליקען, ס׳וועט זיין פּאַר מיר אַ טהייערער שידוך. בין איך מיר מישב, אַ דאגה מיינע, וואָס קען עס מיר שאַדען, אַז איך וועל געהן אָנקוקען? און ווער קען וויסען, אפשר קען נאָך דערפון עפּעס אַרויסקומען אויך.

שבת ביינאַכט האָב איך זיך אויסגעפּוצט, פּערשפּיצט די „מאָסטעש“ אויף אַרויף, אַריינגעשטעקט אַ בלימעל אין „לאַפּעל“ און בין אַוועק מיט׳ן שדכן פּאַר „ביזנעס“.

איך האָב דערזעהן די כלה — אַ מחיה אַנצוקוקען. ניט אַזוי שטאַרק שעהן אפילו און ניט אַזוי יונג, ווי דער שדכן האָט פערלויבט, אָבער דערפאַר מיט אַ טהייערען „סטאָק“ — גרויס און גראָב, מיט אַ הויכען בוזים, ווי אַ פּאַק בעטגעוואַנד. זי האָט געטראָגען אַ דינינקע ווייסטעלע, טיעף אויסגעשניטען, קורצע אַרבעלעך, וואָס האָבען קוים דערגרייכט די עלענבויגענס. ווייס איך שוין ביי זיך, אַז איך וועל פון דאַנען אַזוי גיך ניט קענען אַוועקגעהן.

דער שדכן האָט זיך מיט אַ תירוץ „אַרויסג אַכט“ פון הויז, און מיך מיט דער כלה איבערגעלאָזט אַליין.

זיצען מיר און מיר ריידען. פון וואָס האָבען מיר גערעדט?

זאל איך אזוי וויסען פון שלעכטס, ווי איך ווייס פון וואס מיר האבען גערעדט. דאכט זיך פון אידישען טהעאטער, פון דער גע־פאקטער סאבוויי, פון דער מלחמה. פרעגט מיך בחרם, ס'איז מיר אין איין אויער אריין, פון דעם אנדערען ארויס — מיך האט גע־הויבען אין דער לופטען, איך קען ניט איינזיצען, פון קיין אייזען בין איך דאך ניט געמאכט, און ווי לאנג איז דער שיעור צו וואר־טען מיט די צערעמאָניעס? זעץ איך מיך איבער נעהענטער צו איהר, און אזוי אונגערן, אין געשפּרעך, כלומר'שט, איך ווייס ניט פון וואס צו זאגען, ריהר איך אן איהר האנד — זי כאפּט ניט אוועק. צום צווייטען מאָל האלט איך שוין איהר האנד א ווייליקע לענגער און שטייפער; איך געה העכער און קום צו צום דופק; איך געה העכער, העכער, איך האלט און דריק צארט איהר ווייכען, וואַ־רעמען ארעם.

דער נעקסטער סמיישאן פון מיין האנד איז געווען אונטער איהר געשמאקע, פעטע מארדע, און ווידער מיט איבערראשענדען ערפאלג, אהן שום ווידערשטאנד; זיץ איך אזוי און גלעט מיט איין האנד אונטער איהר מארדע און די צווייטע פערווארף איך ארום איהר טאליע. וואס צו ריידען האבען מיר ניט און עס איז אויך ניט נויטיג. זיצען מירביידע פערזונקען אין „געטליכע פאנ־טאזיען".

מיין האנד ווערט דערווייליע אבגעשוואכט און לאזט זיך אראב פון אונטער איהר מארדע אויף איהר ווייכען, ווייסען, פעטען, וואַ־רימען האלז און פערהאלט זיך דארט א ווײלע. איהר ווייסטעל איז אויסגעשניטען ברייט און טיעף...

ווענען אונזער שידוך האבען מיר ניט גערעדט און פאר מיין אוועקגעהן, האט זי מיך איינגעלאדען צו קומען נאך א מאל.

איך האב זיך ניט געלאזט בעטען, און אין א פּאר טעג ארום בין איך ווידער געקומען פול מיט די שעהנסטע האפנונגען, און צו מיין גרויס "בערראשונג און „דיסאפּאינטמענט", האב איך איהר איצט ג' "אפען פערצאמט, פערשפּילעט, מיט א הויכען, שטייפען קאלו' , מיט שפּיצען ביז די אויערען און מיט לאנגע

ארבעל, אויך מיט שפּיצען, ביז די נעגעל. געפעלען — געפעלט מיר נים איהר נייער סטייל אויספּוצען זיך, ס'איז נים לויט מיין גע־שמאק, אבער איך שרעק מיך נים — מען קען זיך אן עצה גע־בען.

מיר זיינען ווידער אליין. און איצט דארף איך דאך שוין נים דורכגעהן די ערשטע קלאסען און איך וויל באלד ווערען גאנץ פריינדליך. זי לאזט מיך אבער נים צו, ציהט זיך אוועק און בע־שיצט זיך מיט די הענד.

— איהר וועט מוזען היינט זיך האלטען ווי א דזשענטעל־מען, — זאגט זי שטרענג און פריינדליך.

— וואס הייסט? — האב איך געוואלט געבען אן „ארגו־מענט", נאר זי האט מיר איבערגעשלאגען:

— יענעם מאל, וואס איהר זייט דא געוועז, איז געוועז עפּעס אנדערש, — האט זי מיר געגעבען צו פערשטעהן — אז איהר האט מיך דערזעהן, האט איהר אודאי „געקעהרט צו מיינען", אז איך בין אנגעשאמטען מיט פּוידער און איך בין אויסגעשטאפּט, ווי מ'זאגט דא, „אנגעפּעדעט", ווי דא איז דער סטייל, מ'זאל אויס־זעהן שעהנער. יעצט ווייסט איהר דאך שוין, אז איך בין נים אזא, און איהר מוזט זיין ארטיג.

מיינע רייד און „איבערצייגונגען" האבען מיר נים געהאלפען, כ'בין געוועז געצוואונגען צו זיין א „דזשענטעלמען".

איך האב נים לאנג פערבראכט. פאר מיין אוועקגעהן האט זי מיך ווידער איינגעלאדען צו קומען נאך אמאל. איך בין שוין אבער אהין נים געגאנגען. צו וואס?

# דער דאַרמאַיעדניק

אין א געוויסער צייט, אין מיינע גאר יונגע יאהרען, ווען איך בין נאך געווען ניט לאַנג אין אַמעריקא, האָב איך דורכגעלעבט א פעריאָדע פון פוילעניש, וועלען גרינג לעבען, ניט אַרבייטען. ביי מיר איז רעכט געווען אונטערצוהונגערען, וואַלגערען זיך, אַבי ניט פערברענגען גאַנצע טעג אין שאַפּ. איך האָב אוועקגעוואָרפען אַפּערייטאָר איידער איך בין געוואָרען א גאַנצער בעל מלאכה, גענומען זיך צו פעדלען, און דערנאָך ווידער צו אַפּערייטאָריי; דערנאָך אָנגעהויבען זיך לערנען פאַר א קאָטער, מיינענדיג, אַז דאָס איז א שפּיעלכעל; געלאָזט פערפאַלען געהן די אָנגעצאָהלטע פופצעהן דאָלאַר און אָנגענומען א דזשאָב אַלס א קלוירק אין א סטאָר, און באַלד דאָס אויך אוועקגעוואָרפען. דורך יענער צייט בין איך געווען א קאָסטאָמער אונטען אין גראָסערי. עסען א רע־געלען דינער אָדער סאַפּער אין רעסטאָראַנט פאַר צוואַנציג סענט, איז ניט געווען פאַר מיין קעשענע; אפילו פופצעהן סענט דער מיסעס פאַר א סאַפּער האָב איך ניט געקענט צאָהלען — האָב איך געלעבט אויף ברויט מיט טהעע, ברויט מיט קעז, ברויט מיט הערינג, ברויט מיט פּוטער. און די טהעע האָב איך געקאָכט אויף מיין אייגענעם גאַז־אויוועלע, פאַר וועלכען איך האָב בעצאָהלט פערציג סענט אין א דזשאַנק־ביסמענט, שוין צוזאַמען מיט׳ן „פּייפּ“.

— וואו קויפט איהר אייער עסען, ביי די אלמנות? — האָט מיין מיסעס מיך געפרעגט א מאָל, ווען איך בין אַרויסגעקומען פון גראָסערי, ברענגענדיג מיט זיך א האַלבען ברויטעל מיט נאך אַנ־דערע אָרימע מאכלים.

— איך קויף אונטען — האָב איך געענטפערט.

— דאָס איז ביי די „אלמנות“. אַלע פון הויז קופען מיר ביי איהר.

— וואָס עפּעס „די אלמנות“? — האָב איך ניט פערשטאַנען — ס'איז דאָך מעהר ניטאָ דאָרטען ווי איינע?

און די מיסעס האָט מיר דערצעהלט די געשיכטע, פאַר וואָס די גראָסערי אונטען הייסט „די אלמנות“. פריהער האָט די גראָסערי געהערט צו אַן אַלטע מאַמע און אַ טאָכטער,ביידע אלמנות, דער טאָכטער'ס מאַן איז מיט אַ פאַר יאָהר צוריק געטויטעט געוואָרען פון אַ ביער־וואַגען. זי האָט געסעטעלט מיט דער קאָמפּאַניע פאַר עטליכע הונדערט דאָלאַר און מיט'ן געלד געקויפט די גראָסערי. מוטער און טאָכטער האָבען געפיהרט די ביזנעס און געוואוינט אין די צוויי רומס הינטער'ן סטאָר. די אַלטע איז ניט לאַנג צוריק געשטאָרבען. און איצט, אַז אין גראָסערי איז בלויז געוועזען איין אלמנה, האָט מען דעם געשעפט נאָך אַלץ גערופען מיט'ן אַלטען נאָמען: „די אַלמנות“.

ביז יענעם טאָג האָב איך זיך כמעט ניט גוט צוגעקוקט צו דער ווייבעל אין גראָסערי. אָבער דערוויסענדיג זיך, אַז זי איז אַן אַלמנה און האָט צוויי רומס פאַר זיך, הינטער'ן סטאָר, האָב איך אָנגעהויבען איהר בעטראַכטען מיט אָפענע אויגען. און איך האָב געפיהלט ניט אין גאַנצען רוהיג, בשעת זי פלעגט וועגען און וויקלען מיין שפּייז. זי איז אַלט געוועזען אַ יאָהר זיבענ־אַכט־און צוואַנציג — מיט עטליכע יאָהר עלטער פון מיר — אַ גאַנץ טונקעלע. די האָר איהרע זיינען ניט געוועזען שוואַרץ, נאָר טונקעלגלאַנציג ברוין, און די האָר איהרע האָבען זיך קיינמאָל ניט געהאַלטען „אין אָרדער“: שטענדיג פלעגט אַרויסקריכען אַ פּעקעל איבער'ן שטערען, איבער אַן אויער, איבער אַ באַק; פלעגט זי עס פערשאַרען און באַלד איז אַ פּעקעל ווידער אַרויסגעקראָכען, און די האָר־קעמלעך איהרע זיינען אַלע מאָל געשטאַנען „פּויפּעריק“, אָדער געהאָנגען אויף עטליכע צייהנער, אָבער קיינמאָל ניט געשטעקט ריכטיג, ווי ס'בעדאַרף צו זיין. אַזוי אויך די אַרבעל פון איהר וויסטעל: זיי האָבען זיך ניט געהאַלטען אַרויפגעקאַשערט

ווי זי האט זיי געוואלט האבען, נאר זיי האבען זיך אלץ אראבגע־
לאזט און זיך געפלאנטערט אין איהר ארבייט. זי האט זיי ארויפ־
געשטופט און זיי האבען זיך אראבגעלאזען. און די קליידעל איהרע
האט זיך אויך ניט געוואלט האלטען, ווי א קליידעל דארף זיך
האלטען: די פערקנעפעלטע זייט איז נאכאנאנד אוועקגעפאהרען
פון ארט און זי פלעגט מיט ביידע הענד צוריקדרעהען צום פלאץ,
וואו ס'האט בעדארפט זיין. זי איז געווען ניעדריג געוואקסען און
אויסגעזעהן האט זי אלע מאל ווי ניט אויסגעשלאפען, ווי זי וואלט
זיך נאך געהאלטען אין משוכען. איהר גאנץ טונקעלער „גלאטער“
פנים האט אבער געהאט א רעכט ביסעל חן, און איהר ניט אויס־
געשלאפענקייט האט איהר צוגעגעבען נאך מעהר חן אין מיינע
אויגען, און מיך געצויגען נעהנטער צו איהר. איך האב זיך אלץ
פארגעשטעלט אין מיין געדאנק, ווי זי ליגט א שלאפעדיגע אין
איהר בעט, הינטער'ן סטאר. איהרע דיקליכע ליפען זיינען שטענ־
דיג געווען רויט און פייכט, און די אויגען איהרע שווארצע, „לעבע־
דיגע“. אין אונזער גאר ערשטער בעקאנטשאפט פלעגען איהרע
אויגען ניט רוהען, בשעת זי האט מיט מיר גערעדט, נאר נאכאנאנד
ארויף און אראב, א שארפען קוק אויף מיר, און ארונטערגעלאזט
די אויגען, ווידער א קוק און ווידער ארונטערגעלאזט. שפעטער
אבער, אז מיר האבען זיך נעהענטער בעקענט, האט זי דאס מעהר
ניט געטהאן, נאר געקוקט מיר אין די אויגען אריין לאנג און שטארק,
אזוי, אז איך האב געמוזט ארונטערלאזען מיינע אויגען. און שפע־
טער האב איך זיך אויך דערוואוסט, אז די „ניט־געזעצטקייט“ איה־
רע איז בלויז אן אויסערליכע, ניט מעהר וואס אנבעלאנגט איהרע
האר, די ארבעל און קליידעל; אבער אין וויכטיגע זאכען איז זי
געווען גאר פראקטיש, שטארק אכטונג געגעבען און זיך געהיט.

און אז איך האב זיך דערוואוסט, אז די ווייבעל פון גראסערי
איז אן אלמנה, האב איך זיך געפיהלט א צוגעבונדענער צום סטאר,
וואו איך האב געזעהן פאר זיך אזוי פיעל און אזעלכע גוטע זאכען
צום עסען: קעסטלעך אייער, א גאנצען הילצערנעם עמער פוטער,
קען אין בלייענע פאפיער און נאקעטע, קעסטלעך סארדינס, און

אַנדערע סאָרטען פיש און הערינג, אַ לאַקס אויסגעצויגען אויף אַ ברעט, ברויט, חלה, פּראַסטע און געפלאָכטענע, קייק און בייגעל לרוב, און צו די אַלע גוטע זאַכען אַ נישקשה'דיגע ווייבעל, איינע אַליין, מיט צוויי רומס אין די בעק... מיר האָט זיך ניט געוואָלט אַרויסגעהן פון פּלאַץ, מיר האָט זיך געוואָלט פערבלייבען דאָרט אויף שטענדיג.

איך בין געווען אַ יונגער, געזונטער, הונגעריגער, עלענדער מענש.

אַביסעל שפּעטער האָב איך אָנגעהויבען אַריינקומען קויפען מיינע שפּייז שפּעטלעך אין אָבענד, ווען קאָסטאָמער קומען זעהר ווענינ און זי האַלט ביים שליסען די סטאָר. איך האָב געזוכט צו פערפיהרען מיט איהר זייטיגע געשפּרעכען: ווי די ביזנעס געהט, אויב עס בעצאָהלט זיך, וויפיעל זי פערדיענט אַז געוויסע אַרטיקלען. איך האָב בעדויערט וואָס אין אַ גראָסערי מוז מען אַרבייטען אַזעלכע לאַנגע שטונדען. און איך האָב מיך ניט געאיילט אַוועקצוגעהן. איך האָב אַליין ניט געוואוסט בעשטימט וואָס איך זוך, מיר האָט זיך אָבער געוואָלט פערברענגען דאָרט וואָס מעהר. זי האָט ניט געפּרובט מיר געבען צו פערשטעהן, אַז מיין אַנוועזענהייט איז איהר אונאַנגענעהם. אַדרבה, איהר האָט זיך געוואָלט מיט מיר ריידען און ריידען; און אַז איך האָב אַ פּאָר מאָל געזאָגט, כלומר'שט מיט אַ כאַפּ, אַזוי ווי איך וואָלט זיך דערמאָנט, אַז ס'איז שפּעט, איך האַלט איהר אָב פון געהן שלאָפען, האָט זי מיר פערזיכערט, אַז ביי איהר איז דאָס גאָרנישט, זי איז איינגעוואוינט צו לייגען זיך שפּעט שלאָפען; זי קען ניט איינשלאָפען איידער דער זייגער האָט אָבגעשלאָגען צוועלף.

אַז איך בין אַ גרויסער אָרימאַן, האָט זי פערשטאַנען פון די שפּייזען, וואָס איך פּלעג ביי איהר קויפען צום עסען, און געהייסען האָט עס די גאַנצע צייט, אַז איך לערען זיך פּאַר אַ קאָטער, דערצו נאָך מיט דער האָפנונג צו ווערען אַמאָל אַ דענטיסט.

— מיר האָט זיך פערוואָלט אַ גלאָז טהעע — טהוט זי איין אָבענד אַ זאָג אין מיטען אונזער געשפּרעך און לאָזט מיר שטעהן,

לויפט אריין אין די „בעק" פון סטאר, צאפט אן א קאן וואסער און שטעלט ארויף אויפ'ן אויוון. זי איז צוריק אריינגע־קומען צו מיר און האבען ווייטער גערעדט ביז זי האט דער־הערט ווי דאס וואסער קאכט.

— איך לאד אייך איין מיטצוטרינקען א גלאז טהעע, אויב אייך ווילט זיך — האט זי געזאגט — די געז אין סטאר מעג איך שוין אויסדרעהען, קיינער וועט שוין מסתמא היינט ניט אריינ־קומען.

ס'איז שוין טאקע געווען שפעט, און אפשר האט זי געמאכט פינסטער די סטאר, כדי קיינער זאל ניט אריינקומען, ווען איך בין מיט איהר צוזאמען אין די רומס.

איהר דירה האט אויסגעזעהן ווי זי אליין: קיין זאך איז ניט געווען אויף אן ארט, און עס איז דארט ניט געווען איבעריגס ריין, און אלץ אין הויז האט זיך געפונען ווי אין א שלאף. ניט־צור־וואשענע טעלער און גלעזער זיינען געווען צושטעלט אויפ'ן טיש און אויפ'ן אויוון; דער האנדטוך אויפ'ן טשוואק איז געווען זעהר ווייט פון ווייס, דעם בעזים איז געשטאנען אויף א קליין בערגעל מיסט אין ווינקעל, דער אוילקלאטה אויפ'ן טיש איז געווען ערטערווייז נאס און עס האט אויף איהם געצויגען א גרויע ריטש־קעלע פון פערגאסענע מילך, וואס האט זיך אויסגעמישט מיט די נאסקייט; אויפ'ן שטוהל, אויף וועלכען איך האב זיך נעדארפט זעצען, איז געלעגען א שטיק זייף מיט עפעס א שמאטע.

זי האט איילענדיג גענומען זיך אביסעל פערגלעטען די אב־געלאזענקייט: אבגערייניגט און אבגעווישט מיין שטוהל, אריינ־געשטופט דעם בעזים ווייטער אין ווינקעל, די טעלער פון טיש אוועקגעשטעלט אויפ'ן אויוון און אבגעווישט דעם אוילקלאטה, און אין מיטען די ארבייטען פערשטופט ארויסגעקראכענע בינטלעך האר, געשטופט די אראבגעקראכענע ארבעל אויף ארויף. דערנאך האט זי זיך געשטעלט ביים סינק אויסוואשען א פאר גלעזער.

— ווען האב איך צייט א קוק צו טהאן אויפ'ן הויז? — האט זי זיך בעקלאגט — כ'קען דען אויף א מינוט ארויסגעהן פון סטאר?

כ׳וואלט שוין געוואָלט אַ מאָל פּטור ווערען פון די גאַנצע ביזנעס.

איך האָב איהר געגלויבט. איך האָב פערשטאַנען, אַז איהר לעבט זיך ניט גרינג. זי האָט געמוזט זיין אין סטאָר יעדע מינוט פון טאָג. קיינער האָט איהר ניט געהאָלפען, אויסער אַ ווײַלע בעגינען אַ סקול־באַי פאַר אַ פּאָר דאָלאַר אַ וואָך. אויף מעהר האָט דער געשעפט ניט געטראָגען; עס איז געווען אין אָרימע גראָסערי, אַזאַ, וואָס מען רופט אין די אידישע מקומות „גראָסערקע“.

מיר האָבען געטרונקען טהעע. זי האָט זיך שטיל אויפגע־הויבען, אריין אין סטאָר און אריינגעקומען מיט אַ פּעקעל זיסע ביסקעטס. זי האָט אַליין געגעסען און אויך מיר געהייסען עסען.

נאָכ׳ן טהעע בין איך נאָך אַלע געבליבען זיצען. אָט, אָט הויב איך זיך אויף און זיך ניט געהויבען...

ביים אװעקגעהן האָט זי מיך בעגלייט צום טיהר, און פריי־הער האָט זי אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורכ׳ן טיהר און זיך אַרומ־געקוקט...

אונזער בעקאַנטשאַפט און פריינדשאַפט איז זייט יענעם אָבענד געוואַקסען. איך פלעג אָבהיטען, ווען אין סטאָר זיינען ניט געווען קיין קאַסטאָמערס, און פלעג אריינגעהן אין די בעק־אַראָבלאָזען דעם פאָרהאַנג איבער׳ן טיהר און דאָרט מאַכען טהעע. זי פלעגט אריינקומען צו מיר, אַוועקזעצען זיך צום טהעע, דורך אַ שפּעלטעל פון פאָרהאַנג אריינקוקען אין סטאָר, און ווען אימיצער פלעגט אריינקומען, אַוועקשטעלען איהר גלאָז, אַרויספּרוקען די אַר־בעל, וואָס האָבען זיך באַלד צוריק אַראָבגעלאָזט און אריינלויפען צום קאַסטאָמער. אַלע אָבענד פלעגען מיר אַוועקזיצען ביז שפּעט. איך האָב געזעהן, אַז איהרע אויגען קלעפּען זיך. זי איז זעהר שלעפעריג, פון אויפשטעהן גאַנץ פריה און אַרבייטען און שטעהן אויף די פיס דעם גאַנצען טאָג — איך האָב זיך אָבער ניט גע־איילט צו געהן, און זי איז געווען צופריעדען צו זיצען.

אָביסעל שפּעטער האָבען מיר שוין אויך גערעדט וועגען פער־זענליכע זאַכען. זי האָט זיך בעקלאָגט אויף איהר שווערען לע־

בען, איינער אליין; ווי א מענש אליין האט קיין שום ווערדע נים. זי האט אלץ אויסגעמיידט צו ריידען וועגען איהר פער־שטארבענעם מאן. ווען אונזער געשפרעך פלעגט ארויפקומען צו דיעזען פונקט, האט זי אנגעהויבען רעדען וועגען אנדערע זאכען. צי זי האט דאס געטהאן צוליעב דעם, ווייל זי האט געוואלט איך זאל נים מיינען, אז יענער ליעגט איהר נאך אלץ אין זינען, זי קען איהם נים פערגעסען, אדער צוליעב עפעס אן אנדער אורזאך — דאס איז מיר שווער געווען צו דערגעהן. און זעהענדיג, אז זי וויל פון יענעם נים ריידען, האב איך זיך בעמיהט נים צו דערמאנען וועגען איהם.

איך קען נים זאגען, אז זי האט אנגעווענדעט וועלכע נים איז מיטלען אדער „טריקס" ארייצוקריגען מיך. זי איז געווען אן ערנסטע און עהרליכע. איך בין איהר געפעלען געווארען, און זי האט געדענקט, אז עס קען ווערען א שידוך. און אונזער נאהענט־קייט איז געקומען נאטירליך, פון זיך אליין. איך בין נים געווען שטארק פערליעבט אין איהר. זי איז אבער געווען א יונגע, גע־זונטע פרוי, און זייענדיג שטענדיג אזוי נאהענט צו איהר, שפעט ביי נאכט אין פערשלאסענע רומס — איז שוין געקומען דערצו, אז איך האב איהר ארומגענומען און א קוש געטהאן, און זי האט מיך נים אבגעשטויסען. מיינע געדאנקען זיינען נים געווען אזוי עהרליך ווי איהרע, נים אויסגערעכענט — עס האט מיך צו איהר געצויגען און איך האב עס געטהאן. און מיר האבען זיך אויסגעזאגט, אז מיר האבען זיך ליעב. זי האט ביי מיר נים געמאנט אויפ'ן שטעל, אז איך זאל איהר צוזאגען און שווערען, אז איך וועל מיט איהר חתונה האבען. זי האט אבער אזוי גע־מיינט, און איז זיכער געווען, אז אזוי וועט עס זיין.

און פאר מיר האט זיך געעפענט א גן־עדן. איך האב זיך צונעכאפט צו די גוטע זאכען אין סטאר מיט א וועלפישען אפעט־טיט. אז איך בין א פערחלש'טער — האט זי דאך געוואוסט פון דעם, וואס איך פלעג ביי איהר פריהער קויפען צום עסען. איך האב איהר אויסגעזאגט דעם אמת וועגען מיין ווארפען זיך

פון איין בעשעפטיגונג צו דער אנדערער, און אז קיין ריכטיגע בעשעפטיגונג האב איך נאך אלץ ניט. זי האט מיר געטרייסט און ניט געהייסען זיך נעהמען שטארק צום הארצען: איך וועל ניט פערפאלען ווערען, איך וועל נאך גענוג פערדיענען; די די הויפט־זאך איז, אז מיר האבען זיך ליעב. געוויס, קיין גרויס נחת האט זי ניט געהאט וואס איך בין ניט קיין פערדיענער, בין ניט „געטעטעלט“, אבער איהר גוטסקייט און עהרליכקייט האבען געמאכט איהר צו ריידען אזוי ווי דאס וואלט גארניט געווען קיין וויכטיגע זאך — ווי א גוטע מאמע צו איהר זוהן, האט זי צו מיר גערעדט.

אין דער פריה פלעג איך אראבקומען אין די בעק עסען ברעקפעסט, בעהאלטען הינטער'ן פארהאנג; און איך פלעג מוזען אבהיטען א מינוט, ווען קיין קאסטאמער איז ניט געווען אין סטאר. אבער דאס איז מיר ניט אנגעקומען שווער, ווייל איך פלעג אוועקשלאפען ביז א שטיק אויפ'ן טאג און בין אראבגעקומען שוין נאך דער ביזי. און וואס פאר א ברעקפעסט פלעגט זי מיר דאס אנשטעלען! די בעסטע זאכען פונ'ם סטאר: אייער, פוטער, קאפע, קעז, געטריקענטע פיש, ראלס און בייגעל א פולען טעלער. נאך ברעקפעסט פלעג איך בלייבען זיצען און דורכלייענען מיין צייטונג. זי פלעגט זיין לעבען מיר און טהאן איהרע נויטיגסטע הויזארבייט, דורכגעמישט מיט א קושען זיך אלע עטליכע מינוט און מיט'ן אריינלויפען אין סטאר צו א קאסטאמער.

דינער פלעגען מיר עסען צוזאמען. דאס הייסט, מיר האבען זיך ביידע געזעצט עסען, און איך האב זיך ניט אויפגעהויבען פון ארט, ביז איז בין פארטיג געווארען מיט'ן מאהלצייט; איהר האט זיך קיינמאל ניט איינגעגעבען צו דערזיצען ביז'ן סוף, נאר מיט'ן ביסען אין מויל געלאפען אין סטאר עטליכע מאל דורכ'ן עסען. דער דינער פלעגט זיין מיט אלע פאטראוועס: פארשפייז און נאכשפייז, די בעסטע סטייק אדער טשיקען.

נאך דינער פלעג איך ארויסגעהן אין גאס. עס האט ביי אונז געהייסען, אז איך געה „זעהן וואס עס הערט זיך“ עפעס אין

שטאדט וועגען ארבייט, צו ביי אפערייטאריי, אדער אויסזוכען עפעס א גוטען פלאץ צו דערלערנען זיך פאר א קאטער, אדער אנהויבען לערנען זיך פאר א דעזיינער. אין דער אמת'ען אבער האב איך געהאסט צו קלעהרען אפילו וועגען דיזע זאכען. איך פלעג אוועקגעהן צו א מאטינע אין טאני פאסטאר'ס אדער קיעטה'ס אויף דער פערצעהנטער סטריט, אדער מיינער'ס, צי לאנ־דאן־טהעאטער אויף דער בויערי; אמאל אוועקזעצען זיך אין א רעסטאראן מיט בעקאנטע אויף עטליכע שעה. עטליכע סענט האב איך שטענדיג געהאט אין קעשענע. אויך דאס האט זי ניט פערגעסען. און זי האט עס געטהאן אויף אן איידעלען אופן, ניט דערלאנגט מיר אין האנד און מיר אפשר מאכען אונאנגענעהם, נאר זאגען מיר, אזוי ווי פערבייגעהענדיג, טאמער דארף איך קליינגעלד, וועל איך געפינען אין „קלאזעט" אין א „קאפע". און איך האב שטענדיג געפונען.

זי האט מיך ניט אונטערגעטריבען, איך זאל וואס גיכער נעהמען גוט פערדיענען און זעהן מאכען א לעבען פאר זיך און אויך פאר איהר, ווי דאס וועט מוזען אמאל זיין. זי פלעגט מיר בלויז אמאל א פרעג טהאן, גוטמוטהיג און מיט איינזעהעניש פאר מיינע געפיהלען, וואס עס הערט זיך עפעס; און דערקענענ־דיג אויף מיר, אז מיר איז ניט גאר אנגענעהם צו ריידען דערפון, פלעגט זי נעהמען ריידען פון אנדערע זאכען.

האב איך געמיינט איהר אבצונארען? נייז, דאס געוויס ניט. איך האב איהר גאנץ ליעב געקראגען. איך האב אין איהר געזעהן א פרוי מיט אלע מעלות, און זי איז שוין איצט געווען אין מיינע אויגען א גאנץ שעהנע אויך, און איך בין זיכער געווען איהר בעסטער פריינד. אבער גאר אינגאנצען עהרליך בין איך ניט געווען. איך האב ניט געמיינט איהר אבצונארען, ניט גע־האט קיין געדאנק צו בעשווינדלען איהר. איך האב אבער גע־וואוסט טיעף אין הארצען, אז איהרע האפנונגען און ערוואַרטונ־גען וועלען ניט ערפילט ווערען — איך וועל מיט איהר ניט חתונה האבען. עס זיינען געווען א פאר אורזאכען דערפאר: איך האב

ניט געוואָלט חתונה האָבן, נעהמען אַ יאַך, פערשקלאַפען זיך; און האָב איך שוין יאָ געטראַכט דערפון, האָב איך אין זינען גע־האַט אַן אַנדער סאָרט פרוי ווי זי איז געווען: אַן אויסנאַהמס־שעהנע, אַ לעבעדיגע, אַ פרעהליכע, אַן אכצעהן־יעהריגע — אַ מיי־דעל... די האָב איך טאַקע ליעב געהאַט: איך האָב געגאַרט נאָך איהר פלייש, מיר איז געפעלען איהר פּראָסטקייט, איהר גוטסקייט, איהר עהרליכקייט —אָבער אוועקגעבען זיך צו איהר אויף אייביג, — דאָס ניט...

איך האָב זיך אָפט געשעהמט פאַר זיך אַליין. איך האָב זיך געפיהלט נידריג און געמיין, און אַז איך וואָלט געקענט, וואָלט איך זיך אַליין געגעבען אַ שווערע שטראָף. איך בין אַ האָר אויך ניט געווען געגאַרט ביי זיך: איך האָב געוואוסט אַז איך בין אַ שווינדלער, אַ בעטריגער, אַן אמת'ער פּאַראַזיט. איך בין אָבער געווען צו שוואַך אויפצוגעבען מיין פוילערשען לעבען.

זי האַט פון מיר פערלאַנגט, איך זאָל אַראָבטראָגען צו איהר מיינע וועש. איך האָב עס געטהאָן. אין די שפּעטע נאַכט־שטונ־דען, נאָך מיין אוועקגעהן, האָט זי עס געוואַשען און אויף מאָרגען שפּעט ביי נאַכט, ווען די גראָסערי איז שוין געווען צוגעמאַכט, פלעג איך זיצען און צוקוקען ווי זי שטעהט געבויגען איבער'ן ברעט און פּרעסט מיינע וועש. און איך פלעג צוזעהן, ווי זאָרג־פעלטיג זי פלעגט ארויסנעהמען יעדען קנייטשעלע. אמת'ער נחת און גליק האָט אַראָבגעשפּיעלט פון איהר פּנים און איהרע אויי־גען... און זי האָט אַלץ געזוכט, טאָמער פעהלט ערגעץ אַ קנעפּעל, טאָמער דערזעהט זי עפּעס צוצופּיקטען און זי האָט באַלד גענומען נאָדעל־פאָדעם... און איך האָב געזעהן ווי איהר האַרץ, איהר נשמה ציטערט זאַנפט און שטיל, ווי זי וואָלט דאָ אויסגעפיהרט אַ היי־ליגע צערעמאָניע...

און איך האָב זיך געפּיטערט אויף דאָס בעסטע, און דער פּאַראַזיט אין מיר איז געוואַקסען. איך האָב אַזוי פיינט געקראַגען די אָפּערייטאָריי און קאַטעריי, אַז איך האָב דאָס מעהר צו מיין געדאַנק ניט געקענט צולאָזען. איך האָב אַלץ געקלעהרט אויס־

צוזוכען זיך א גרינגע פרנסה, עפּעס אזא, וואס מ'זאל דערביי ניט דארפען ארבייטען און קריגען געלד. קיין איבערינגס־גרויסע ליעבע צו ארבייטען האב איך דאך קיינמאל ניט געהאט; ביי מיר איז רעכט געווען אונטערצוהונגערען, אבי ארבייטען וואס גרינגער. און דא בין איך מיט אמאל אריינגעפאלען אין אזא וואוילטאג, מיט אזוי פיעל גוטס און עסען און טרינקען אהן דער קלענסטער מיה — האט דאס נאך מעהר פערשטארקט דעם פוילער אין מיר, אויפגעהאדעוועט אין מיר א פּאראזיט, געטויטעט אין מיר יעדע ברעקעל אנשטענדיגקייט, יעדען פונק פון עהרליכקייט. איך האב זיך ניט בענוגענט מיט'ן אומזיסטען עסען און מיט איהר וואשען מיינע וועש, און קליינגעלד אין קעשענע, און אויסהעלפען מיר אין צאהלען מיין רענט. מיר איז נאך ניט גענוג געווען איהר ליעבע, איהר איבערגעבענהייט צו מיר, איהר פריינדשאפט און צערטליכקייט — איך האב געדורשט נאך איהר קערפּער, רויבען פון איהר אלע, וואס זי פערמאגט. און איך האב ניט געטראכט וואס מיט איהר וועט זיין, ווען איך וועל ענדליך פון איהר אוועקגעהן, ווי אזוי איך וועל איהר איבערלאזען, ווי אונגליקליך און דערשלאגען און ערנידריגט זי וועט בלייבען, ווי אזוי זי וועט ווייטער פיהרען איהר לעבען און וואס פון איהר וועט ווערען. אבער דאס האט זיך מיר ניט איינגעגעבען. איך האב געהיט מיין געלעגענהייט, אויסגענוצט די מינוטען פון העכסטער צערטליכקייט צווישען אונז ביידע, די הייסעסטע ליעבעס־מאמענטען, ווען מיר זיינען געווען אליין שפּעט ביינאכט — ווען זי איז געווען אזוי צערטליך און איבערגעבען און לײדענשאפטליך־הייס. איך האב געשפּיעלט ווי אן אמת'ער אקטיאר: געערעדט פייערדיגע רייד; געווען ראמאנטיש־שטיל און זיס און שוואך, אזוי ווי איך לאז זיך אויס פון די כחות און נור איהר פאלשטענדיגע אינטימליכקייט מיט מיר קען מיך ראטעווען... און געערעדט רייד, אזוי ווי אויסער־זיך — אזוי ווי איך ווייס בלומר'שט ניט וואס איך רייד.... — צו ווייזען איהר ווי פערלארען איך בין... און איך פלעג אראבלאזען מיינע הענד ווי א גע'חלש'טער, — אבצושרעקען איהר: זי זאל זיך

מעהר ניט בעשיצען... און זי האָט זיך געהאַלטען שטאַרק און פעסט, און איך האָב זיך געמוזט בענוגענען מיט איהרע הייסע קושען און אַנדערע מילדערע צערטליכקייטען. איהר דירה איז בעשטאַנען פון צוויי צימערען: אַ קיך און אַ שלאָפצימער, און וויך דער גאַנצער צייט פון אונזער בעקאַנטשאַפט האָבען מיר פערבראַכט בלויז אין איין צימער — אין קיך; קיינמאָל ניט אין דעם צווייטען צימער. אַמאָל פלעג איך אַריינגעהן אין שלאָפ־צימער, אַוועקלעגען זיך אויפ'ן בעטעל, אַזוי ווי איך וואָלט געווען פערמאַטערט און לעגען זיך אַ ווײַלע אַברוהען, און איהר רופען, זי זאָל אַריינקומען צו מיר: איך האָב זיך דערמאַנט אַ נויטיגע זאַך, וואָס איך מוז איהר זאָגען. זי פלעגט אָבער ווייטער פון טיהר ניט צוקומען, אַזוי ווייט פון בעטעל, אַז איך האָב איהר ניט געקענט דערגרייכען מיט מיין אויסגעשטרעקטער האַנד... „קום אַהער, וואָס האָסטו מורא?“ — פלעג איך צו איהר ריידען. זי איז אָבער ווייטער פון טיהר ניט געגאַנגען.

איהר האָט זיך זעהר געוואָלט זעהן, ווי אַזוי איך וואוין, און זי האָט אַלץ אַבגעלעגט אַרויפצוקומען אַ קוק טהאָן אין מיין רום. איינמאָל, גאַנץ שפּעט ביינאַכט, האָט זי מיך פריהער אַרויפגעשיקט אין מיין רום, דערנאָך איז זי אַרויפגעקומען, שטיל אַריין אין רום און געבליבען שטעהן ביים טיהר. איך האָב אויף איהר געזעהן, אַז זי וויל דאָ פערבלייבען מיט מיר. זי איז אָבער ניט געשטאַנען מעהר פון אַ פּאָר מינוט, האַרט מיט איהר רוקען צום טיהר, מיט די הענד פערלעגט אויף הינטען, אַזוי ווי מען וואַרימט זיך אָן אַ היימישען אויווען; עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך ניט אַנגעטרויט צו האָבען פרייע הענד — און זי איז צוריק אַרוים.

שפּעטער ערשט, ווען מיר זיינען זיך שוין געווען פונאַנדער־געגאַנגען, נאָכדעם ווי זי האָט מיר געגעבען דעם וועג, האָב איך זיך אַרומגעזעהן, אַז איהר הייסע ליעבע צו מיר, איהר צערטליכקייט און איבערגעבענהייט, איז געווען דורכגעמישט מיט חשבון, און זי האָט אויף מיר געקוקט מיט ניכטערע אויגען די גאַנצע צייט,

וואָס מיר זיינען געווען צוזאַמען. פריהער ביז איך גאַרניט אויפ־מערקזאַם געווען אויף דעם, וואָס זי היט זיך אַזוי, אַז קיינער זאָל זיך ניט דערוויסען, אַז זי קען מיך גאָר, און זי האָט אַזוי אויסגעמאַרקירט, אַז אונז איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען אויסצור־ריידען עטליכע ווערטער איינער מיט'ן צווייטען, ווען אימיצער איז געווען דערביי; און ווי אַ גוטער וועכטער האָט זי געהיט דעם פאַרהאַנג, וואָס האָט אַבגעטהיילט איהר דירה פונ'ם סטאָר, ווען איך האָב זיך געפונען אין די בעק. זי איז געווען גאַנץ פּראַק־טיש און אויסגערעכענט. פאַר איהר איז ניט גענוג געווען, וואָס זי האָט מיך אַזוי ליעב געהאַט און איך איהר, און וואָס מיר זיי־נען שוין געווען חתן־כלה. זי האָט געוואָלט בעסער דערקענען מיך, אויסגעפינען מעהר, מיט וועמען זי האָט צו טהאָן, מיט וועמען זי געהט זיך פערבינדען אויף אייביג... און איידער זי איז נאָך אַליין זיכער, דאַרף קיינער דערפון ניט וויסען... ווערט עס זיך אויסלאָזען מיט גאַרניט, איז בעסער פאַר איהר, אַז קיינער וויים ניט... זי האָט געהיט איהר כבוד, איהר נאָמען און איהר צוקונפט. מיט איהר איז, ווייזט אויס, ניט געווען אַזוי ווי מיט פיעלע געליעבטע וואָס מיינען, אַז נור די געליעבטע פּערזאָן איז דאָ פאַר זיי אויף דער וועלט, און אויב זיי פערלירען די פּערזאָן, בלייבט זיי גאַרניט איבער, און עס מעג זיין וואָס עס וויל זיך. זי האָט מיך ליעב געהאַט, זי האָט מיך געוואָלט האָבען. זי איז געווען צופריעדען מיט מיין אָרימקייט און האָט געמיינט מיר צו העלפען מיט אַלע איהרע כחות. אָבער דאָס איז אַלץ גערעדט, ווען עס איז דאָ אַ „קרן“, אויב עס לוינט זיך די מיה... זי האָט מיך געפּאָרשט, געלערענט, וואָס פאַר אַ סאָרט מענש איך בין, מיט'ן געדאַנק אַז אויב איך וועל ניט טויגען, ווערט זי מיר הייסען געהן, און זי וועט ווייטער לעבען אויף דער וועלט און זוכען זיך גרינגער צו מאַכען. אין אונזער צוזאַמענזיין האָב איך דאָס ניט געזעהן, ניט פערשטאַנען; נאָר דערנאָך, אַז איך האָב דורכגע־רעכענט מיט זיך די גאַנצע פּאַסירונג, האָב איך דאָס קלאָהר דערזעהן. זי האָט מיך געגעבען עסען, מיך אויסגעהאַלטען, און

וואָלט צופּריעדען געווען צו טהאָן דאָס ווייטער און ווייטער, אַז זי וואָלט אין דעם געזעהן עפּעס אַ תכלית, אַ צוועק. עס זיינען אָבער אוועק מאָנאַטען און מאָנאַטען, און זי האָט געזעהן, אַז איך נעהם זיך ניט צום האַרצען די גאַנצע לאַגע; איך האָב דורך דער גאַנצער צייט ניט פערדיענט אַ סענט, און איך יאָג זיך ניט שטאַרק צו פערדיענען, און וועגען אַ תכלית רייד איך מיט איהר ניט און מייד אויס דעם דאָזיגען פּונקט — האָט זי דערזעהן, אַז איך בין ניט קיין ראַיעלע סחורה — אַ מענשעל, וואָס ביי איהם איז רעכט צו לעבען אויף איהר האַרעוואַניע — אַזאַ טויג פאַר איהר ניט. און דורך דער גאַנצער צייט פון אונזער בעקענען זיך און צוגעהן איז צווישען אונז ניט פאָרגעקומען קיין איין האַרבער וואָרט. ווען זי האָט איינגעזעהן און איז שוין זיכער געווען, אַז זי איז מיט מיר פאַרטיג, האָט זי דאָס מיר אין קורצע ווערטער געלאָזט וויסען. ווי איך האָב דערנאָך פערשטאַנען און אויסגע־רעכענט האָב איך איינגעזעהן, אַז זי האָט גאַרניט געדאַרפט האָ־בען עטליכע מאָנאַטען דאָס אויסצוגעפינען — עטליכע וואָכען איז געווען גענוג פאַר איהר מיט איהר גראָדען פערשטאַנד. נאָר אפשר האָט זי געוואָלט אַ ווײלע נאַרען זיך אַליין און פערברענגען וויפיעל ניט איז צוזאַמען מיט דעם מאַן, וועמען זי האָט ליעב... האַלטען מיר לעבען זיך, ביז ס׳וועט אפשר קומען דער ריכטיגער... איהר איז געווען אַזוי שלעכט דער לעבען אַליין, אין עלענד, אין די פער׳חושכ׳טע, פערוויינטע צוויי רומס הינטער׳ן סטאָר... און איהר האָט זיך אַזוי געוואָלט פּטור ווערען פון דער גראָסערי...

און איך מוז אויף זיך זאָגען, אַז כאָטש דער פוילער און דער פּאַראַזיט האָט געהאַט אויף מיר די גאַנצע אויבערמאַכט, נאָר דאָך האָב איך געהאַט צייטען, ווען איך האָב זיך אַליין געהאַסט, געוואָלט זיך אַליין וועה טהאָן, רייסען מיין פלייש מיט מיינע אייגענע נעגעל; און אין דערזעלבער צייט ווייסענדיג ביי זיך, אַז איך וועל זיך פון מיין גרינגען, מיאוס׳ען לעבען ניט קענען אַרויסרייסען. און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מיין גן־עדן וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיגען, אויב איך וועל עס נור וועלען האָבען.

איין וועג בלויז האָב איך געזעהן ווי אויסצולייזען זיך פון זיך אליין, ווי אזוי צו טויטען אין מיר דעם פוילער, דעם פּאַראַזיט: — אוועק פון ניו יאָרק, אנטלויפען פון דעם אָרט, וואו דער מענש אין מיר ווערט פערניכטעט, אוועקפאָהרען ערגעץ וויט — אין די וועסט, אין קאָלאָראַדאָ, אין קאליפאָרניא. און דערצו האָב איך געדאַרפט האָבען אַ סך געלד. וואו האָב איך געקענט נעהמען אזוי פיעל געלד, אויב ניט ביי איהר? איך האָב געוואוסט, אז זי האָט אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר אין די בענק. האָב איך אויס־געאַרבייט אַ ליגען אַרויסצונאַרען פון איהר הונדערט דאָלאַר; און איך האָב זיך פערשוואָרען הייליג אָבצושיקען איהר דאָס געלד ווען־עס־איז, ביי דער ערשטער געלעגענהייט, אזוי גיך, ווי איך וועל דאָס נור האָבען. און איך האָב געזוכט צו פערגלעטען פאר מיין געוויסען ווי־ניט־איז מיין געמיינע האנדלונג מיט דעם, וואָס פאַר איהר וועט גאָר זיין אַ טובה מיין אנטלויפען פון איהר... איך נאַר איהר דאָך, איך מיין דאָך גאָרניט חתונה צו האָבען מיט איהר — וועט דאָך זיין בעסער, אז עס וועט נעהמען אַ סוף, ס'וועט איהר קאָסטען ביליגער, און איהר געלד וועל איך איהר דאָך אָבשיקען, און אויך פאר אַלץ, וואָס איך האָב אָנגעגעסען און אָנגענומען ביי איהר...

אין אַן אָבענד האָב איך איהר דערצעהלט אַ וויכטיגע נייעס. איך האָב זיך בעקענט מיט אַ דעזיינער, וועלכער נעהמט זיך אונ־טער פאר הונדערט און פופציג דאָלאַר מיר צו מאַכען פאר אַ גוטען דעזיינער. הונדערט דאָלאַר מוז איך איהם איינצאָהלען באַלד און די איבעריגע פופציג דאָלאַר — נאָך דער לעהרע. ער גאַראַנטירט מיר, אז אין אַ פּאָר מאָנאַט אַרום וועל איך שוין אָנהויבען פערדיענען. און איך האָב איהר געזאָגט, אז איך וואָלט גע־וואָלט מאָרגען האָבען די הונדערט דאָלאַר.

אויסגעהערט מיינע רייד, האָט זי פערקוועטשט מיט די ליפּען און אַראָבגעלאָזט די אויגען, עפּעס אזוי ווי זי וואָלט זיך געוואָלט גוט איינהערען, וואָס אין איהר איינענעם געדאַנק קומט פאָר. דערנאָך האָט זי מיר געזאָגט, אין אַ קאַלטען טאָן, אזוי ווי פון יוצא

וועגן, אַז דער פּלאַן איז ניט קיין שלעכטער; זי וויל זיך אָבער פריהער זעהן מיט דעם מאַן.

אויף מאָרגען האָב איך איהר געלאָזט וויסען, אַז איך האָב אויסגעפונען, אַז דער מאַן איז ניט קיין עהרליכער; מען ראָט מיך אָב פון געבען איהם געלד.

זי האָט אויף דעם גאָרניט געענטפערט. זי האָט בלויז אַ קאַל־טען קוק געטהאָן אויף מיר.

דערווייל איז אונטערגעקומען פּסח. אַ פּאָר טעג פאַר יום־טוב האָט זי מיר געזאָגט, אַז זי פאָהרט אויף די וואָך פּסח אין פּעטער־סאָן, צוגאַסט צו אַ שוואָגער. פּסח איז די לייזונג שוואַך, האָט זי מיר געזאָגט, און זי איז אַזוי אויסגעמאַטערט, אָנגעהאָרעוועט, וויל זי זיך אַביסעל אויסרוהען, און די קרובים איהרע פערלאַנגען דורכאויס, זי זאָל קומען. דאָס האָט זיך געמעגט זיין אמת. זי האָט מיר אָבער ניט דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע — דאָס האָב איך זיך ערשט דערוואוסט שפּעטער. די קרובים איהרע האָבען איהר געפאָדערט אין פּעטערסאָן צוליעב נאָך עפּעס — זיי האָבען דאָרט געהאַט פאַר איהר אַ שידוך. איך ווייס ניט, אויב זיי האָ־בען איהר דערפון געלאָזט וויסען אין זייער איינלאַדונג; אפשר האָט זי ניט געוואוסט פון שידוך ביז זי איז אַהין געקומען. זי איז אָבער פאַר איהר אוועקפאָהרען געווען צו מיר קאַלטלעך. זי האָט דאָך געוואוסט, אַז איך האָב קיין געלד ניט, און אויב איך וועל ניט קריגען מיינע מאָהלצייטען ביי איהר, וועל איך ניט עסען — און זי האָט זיך געמאַכט ניט וויסענדיג דערפון, אַזוי ווי זי וואָלט גאָר אין גאַנצען פערגעסען אַן דעם. אָבער דאָך אין „קאַפּע“ אין „קלאָזעט“ האָב איך דעם מאָל אָנשטאָט קליינגעלד געפונען צוויי פּייפּערנע דאָלאַרס...

דעם צווייטען טאָג חול־המועד איז דאָס, דוכט מיר, געווען. אַראָבקומענדיג אין סטריט האָב איך דערזעהן, אַז די גראָסערי איז אָפען. איך האָב אַ קוק געטהאָן אינוועניג און דערזעהן ווי זי שטעהט דאָרט און רעדט מיט אַ מאַן. זי ווייזט איהם אויף די

פּאַליצעס, אויף די פּעסלעך און זעק. איך האָב געוואָלט אַריינגעהן אין סטאָר, נאָר זי האָט מיך דערזעהן און מיך אָבגעשטעלט מיט אַ שאַרפען קוק און מיט אַ בים אויף דער אונטערשטער ליפּ — בין איך אין סטאָר ניט אַריין. דעם מאַן האָב איך ניט געקענט גוט אָנקוקען. אין אַ ווײַלע אַרום בין איך נאָך אַ מאָל צוגעקומען צום סטאָר און געפונען פערשלאָסען. איך האָב פיעל איבערגע־קלעהרט ווער דער מאַן איז געווען און וואָס זיי האָבען דאָ ביידע געטהאָן, און איך האָב זיך ניט געקענט דערטראַכטען צו קיין אַנ־דער זאַך ווי נור, אַז דער מאַן איז אַ קאָסטאָמער פאַר'ן סטאָר — זי האָט דאָך אַזוי געוואָלט פּטור ווערען פון דער גראָסערי, און אפשר האָט זיך דאָרט, אין פּעטערסאָן, געפונען אַ בעלן. דער גע־דאַנק האָט מיך געשראָקען... זי וועט פערקויפען די גראָסערי, און וואָס וועט ווייטער זיין?... און געוואָלט האָב איך זיך אַליין דערצעהלען אַ מעשה, אַז דאָס וואָלט פאַר מיר געווען אַ גליק — הלואי טהוט זי דאָס... דאָס וואָלט געמאַכט אַ סוף פון מיין פוילענצען און פיהרען אַ לעבען פון אַ פּאַראַזיט: איך וועל זיך מוזען ענדערען, און אויך אויפהערען נאַרען איהר... האָב איך אָבער מורא געהאַט און געציטערט פאַר דעם דאָזיגען גליק, וואָס שטעהט מיך אפשר פאָר... און געהאָפט, אַז זי וועט די סטאָר דאָך ניט פערקויפען...

געקומען פון פּעטערסאָן איז זי דעם לעצטען טאָג פּסח ביינאַכט. די סטאָר האָט זי דעם אָבענד ניט געעפענט. איך האָב ניט גע־וואוסט, אַז זי דאַרף דעם אָבענד אַהיים קומען; נאָר געהענדיג נאָך עלף אַ זייגער צו זיך אין רום האָב איך דערזעהן, אַז ס'איז ליכטיג אין „די בעק" פון סטאָר, האָב איך זיך אָבגעשטעלט ביים טיהר. זי האָט געוואַרט אויף מיר, און זי איז אַרויסגעקומען און געעפענט די טיהר. איך האָב איהר געקושט ביים בעגעגענען זיך. זי איז אָבער געווען קאַלט, און איך האָב אויף איהר געזעהן אַ מאָדנע שטרענגקייט, וואָס איך האָב פריהער אויף איהר קיינמאָל ניט געזעהן.

זי האָט מיט מיר געמאַכט קורץ און אָהן איבריגע הקדמות.

זי האָט מיך ליעב געהאַט, האָט זי מיר דערצעהלט. זי לייקענט דאָס ניט, און „אפשר" האָט זי מיך נאָך איצט אויך ליעב. נאָר פאַר איהר איז דאָס קיין תכלית ניט. איך בין אַ באַי, איך האָב געגנוג צייט, איך דאַרף זיך ניט איילען, איך האָב קיין מורא ניט פערזעסען צו ווערען, און עס קען זיך נאָך אפשר פערציהען אויף יאָהרען; זי ווערט דערוויילע עלטער, און איהר איז מיאוס דער לעבען, און איהר איז מיאוס די גראָסערי. טרייבען מיך, אַז איך זאָל מיט איהר וואָס גיכער חתונה האָבען, וויל זי ניט און קען ניט, און זי וואָלט אַזאַ זאַך קיינמאָל ניט געטהאָן, ווען זי זאָל אפילו וויסען, זי שטאַרבט... טויג די גאַנצע געשיכטע ניט. און איצט האָט זיך איהר אין פעטערסאָן געמאַכט אַן „אנשטענדיגע פּאַרטי" — אַ גאַנץ אָרענטליכער מענש, אַ וועבער, וויל איהר שטאַרק; זיין וויב איז געשטאָרבען קריסטמעס־צייט. זי זאָגט ניט, אַז דאָס איז אַ ליעבע. זי וואָלט געוויס געוואָלט, ס'זאָל זיין ליעבע, נאָר מאַלע וואָס מ'וויל. אָבער זי האָפט, אַז זיי וועלען זיך לעבען צופריעדען. ער איז אַ געזעצטער מענש און אַלע לויבען איהם.

און זי האָט ניט גערעדט מיט אַ טאָן, ווי זי וואָלט זיך פאַר מיר פערענטפערט, ווי זי וואָלט מיר עפּעס שולדיג געווען; ניין, זי האָט גערעדט אין אַ ביזנעס־טאָן, איבערגעגעבען מיר אַ געשיכטע, אַזוי ווי איך וואָלט גאָר אין דעם ניט געווען פעראינטערעסירט, ס'איז גאָרניט מיין עסק, ווי איך וואָל דאָ געווען אַ גאַנץ זייטיגער מענש.

איך האָב אין דער ווייַלע נאָך מעהר ליעב געקראָגען איהר, ווי ווען־עס־איז פריהער. און דאָס איז אפשר געווען עפּעס אַנדערש, ווי ליעבע — די גרויסע בעליידיגונג, וואָס זי וואַרפט מיך אַוועק און נעהמט אַן אַנדערען. איך האָב אין דער ווייַלע אין גאַנצען פערגעסען אַן דער גראָסערי, אַן די גומע מאַלצייטען, אַן מיין אָרימקייט און עלענד — איך האָב געפיהלט בלויז, אַז איך פערליר איהר — זי געהט נעהמען אַן אַנדערען... איך האָב אויך פערגעסען אַן מיינע פריהערדיגע געדאַנקען, אַז איך וועל מיט איהר קיינמאָל נ ט חתונה האָבען... שווין היינט אָבענד, די מינוט, בין

איך פארטיג געווען מיט איהר חתונה צו האבען... זי זאל בלייבען מיינע... ניט אוועקגעבען זיך צו אן אנדערען...

איך האב פאר איהר געוויינט און זיך געבעטען און געשוואוירען איהר — און איך האב עהרליך געמיינט יעדען ווארט — אז איך קען אהן איהר ניט לעבען... איך וועל דאס ניט אויסהאלטען... איך וועל איהר שעצען און אכטען, איך וועל איהר גליקליך מאכען, איך וועל מיין לעבען פאר איהר אוועקגעבען... איך וועל טהאן, וואס זי וועט מיר הייסען... מארגען נעהען מיר הייראטען, אויב זי וויל נור... איך האב איהר פעסט געדריקט צו זיך און איהר געקושט און איהר בעגאסען מיט טרעהרען.

זי איז אבער געבליבען פעסט און קאלט. זי האט מיך ניט געטריבען פון זיך, און געלאזט זיך קושען, אבער קיין טרייסט־ווער־טער האט זי פאר מיר ניט געהאט. זי האט גארניט גערעדט, נאר אז עס איז שוין געווארען גאר שפעט, ארום א זייגער איינס, איז זי געווארען אונגעדולדיג און געבעטען מיך, איך זאל געהן, און איך דארף מעהר צו איהר ניט קומען... זי האט שוין אפשר הייגט ניט נעדארפט, ניט געטארט לאזען זיך קושען פון מיר... נאר זי האט „קיין הארץ ניט"... זי האט ניט געקענט נעגען מיר... אבער מעהר וועט דאס קיינמאל, קיינמאל ניט זיין... איך האב זיך גע־בעטען, זי זאל מיר לאזען פערבלייבען נאך א ווייל. זי האט זיך אבער אויפגעשטעלט און זיך ניט געזעצט מעהר צוריק, געווארט, איך זאל געהן. געזאגט מיר אין עטליכע ווערטער, אז זי האלט מיר פאר א גאנץ פיינעם יונגענמאן; וואס געווען איז געווען, מיר בלייבען זיך גוטע פריינד פון וויטען... אויב איך קען איהר טהאן די טובה און אוועקמופען פון הויז, ווייל איהר וועט ניט זיין אנגענעהם...

מיר זיינען צוגעקומען צום טיהר, און זי האט זיך דערמאנט, אז ביי איהר געפינט זיך נאך ערגעץ אויסגעוואשענע מיינע זאקען און טאשענטיכלעך. איז זי אוועקגעלאפען און געבראכט און מיר דערלאנגט. זי האט פערשלאסען הינטער מיר די טיהר, און דער גערויש פונ'ם שליסעל אין שלאס האט געזעגט מיין הארץ, מיין שטאלץ, זיך גערייצט מיט מיר, מיך געמאכט קליין...

איך האָב די נאַכט ניט געשלאָפען. אויף מאָרגען פריה האָב איך געוואָלט אַראָבגעהן צו איהר. איך האָב זיך אָבער געשעהמט... איך האָב זיך געפיהלט אַזוי קליין געגען איהר... און איך האָב דערווייל ניט געקענט ערפילען איהר וואונש און אוועקמופען — איך האָב נאָך געהאַט צו וואוינען אַ פּאָר וואָכען אין רום — מיין רענט איז געווען בעצאָהלט ביז'ן ערשטען — און איך האָב ניט געהאַט קיין געלד צו נעהמען אַן אַנדער רום.

די איינצעלהייטען האָב איך זיך דערוואוסט שפּעטער, און ניט פון איהר, ווייל איך האָב שוין מעהר מיט איהר ניט גערעדט. איך בין איהר ניט געוואָרען קיין שונא, נאָר אַ שטילען האַס האָב איך יאָ געקראָגען צו איהר — דאָס איז געווען אַ האַס פון קנאה — איך האָב איהר ניט פערגונען איהר שטאַרקייט, איהר געזעצטקייט און פעסטקייט, מיט וועלכע זי האָט מיך בעהאַנדעלט, און נאָך מעהר אויפגעוויזען מיר און איבערצייגט, וואָס פאַר אַ שוואַכער מענשעל איך בין, ווי איך האָב אויף זיך אַליין קיין שום שליטה ניט. איך האָב זיך געפיהלט דער געשמיסענער, דער אַרויסגעטריבענער. און נאָך מעהר בין איך אויף איהר אין כעס געווען דערפאַר, ווייל איך האָב דאָך געוואוסט, אַז זי איז די גערעכטע...

די נייעס וועגען איהר שידוך האָט זיך גיך פערשפּרייט צווישען אַלע שכנים און ס'האָט אויך דערגרייכט צו מיר. דער פּעטערסאָנער אַלמן, מיט צוויי קליינע קינדער, קלייבט זיך אַריבער צו איהר. און ניט נור ווערט זי ניט פטור פון דער גראָסערי, נאָר פערקעהרט, די ביזנעס שפּרייט זיך נאָך אויס ברייטער. דער שוסטער, נעקסט דאָר צום גראָסערי, מופט אַרויס, נעהמען זיי איבער די סטאָר, מ'וועט אויסהאַקען אַ טיר אין וואַנד, און וואו דער שוסטער איז געזעסען וועלען זיי מאַכען אַ מילך־סטאָר. דער אַלמן האָט געוואָלט ניט אַנדערש ווי אַוועקוואַרפען זיין וועבעריי און וואוינען אין ניו יאָרק.

איך האָב אויסגעוויכט צו קומען נאָהענט צום גראָסערי, און איהר האָב איך שוין מעהר קיינמאָל ניט געזעהן. איהם האָב איך

יא געזעהן א טאָג פאַר מיין אַוועקמופען. אַריינקומענדיג צום באַרבער האָב איך געטראָפען אַראָבגעהענדיג פון שטוהל א גראָב־ליכען מאַן מיט א צוגעפיקסטען געלען בערדעל אין דער פאָרמע פון א קלין. איך האָב דעם מאַן ניט געקענט, און מיר האָט עפּעס מאָדנע א טיאָכקע געטהאָן אין האַרצען דערזעהענדיג איהם. אַז דער מאַן איז אַרויס, האָט דער באַרבער מיר גלייך דערצעהלט ווער ער איז: „דאָס איז „די אַלמנות" נייער מאַן". און איך געדענק נאָך דעם גראָבען וויץ, וואָס ער האָט געזאָגט אויף זייער חשבון. איך האָב דערפיהלט א וועהטאָג פון אייפערזוכט אין מיין האַרץ.

איך האָב ניט איבריגס פיעל געליטען פון דעם פערלוסט פון מיין געליעבטע, ווייל, נאָך אַלעמען, איז מיין ליעבע צו איהר ניט געווען אַזאַ געוואַלדיגע — עס האָט זיך אייגענטליך אָנגעהויבען פון ביזנעס: גוט עסען, קליינגעלדר, וויגאָדע. א יונגע פרוי איז זי געווען, האָב איך געהאַט חשק צו איהר און זיך צו איהר צו־געוואוינט. און אויך דער אייפערזוכט, וואָס איהר שידוך האָט געשאַפען אין מיר, האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטען. איך האָב איהר אָבער נאָך ביז היינט ניט פערגעסען, ווייל זי האָט געהאַט א גרויסען חלק אין דעם גאַנג פון מיין ווייטערדיגען לעבען. זי האָט מיר געגעבען א גוטען לעסאָן אין אָנשטענדיגקייט און עהרליכ־קייט. איך האָב זיך גענומען אויף א נייעם וועג.

# א מאַמע וויל אויך לעבען

שטענדיג, ווען קיינער איז ניטא ביי איהר סאָדע־וואסער סטענד, איז די מאַמע שטאַרק אריינגעטהאָן אין געדאַנקען. זי טראַכט פון זיך און פון איהר טאָכטער.

איהר טאָכטער איז א טהייער קינד, וועט געוויס פאָלגען, וואָס זי וועט איהר הייסען. אַלצדינג פאָלגט זי איהר; זי דאַרף נאָר זאָגען איין וואָרט.

די מאַמע ווייס, אז ארנסאָן, פון די „סיראָפּס" צו סאָדאָ־וואסער קומט אזוי אָפט צום סטענד ניט אזוי צוליעב ביזנעס, ווי צוליעב איהר טאָכטער, און דערפאַר קומט ער טאַקע פון אָבענד, ווען די טאָכטער איז ביים סטענד. און דערפאַר טאַקע געהט די מאַמע מיט אזא קליינעם חשק אהיים עסען סאָפּער...

דער דאָזיגער מיסטער ארנסאָן איז א מאַן פון קנאַפּע פערציג יאָהר, און ער זעהט אוים גאַנץ יונג; איז ער א גאַנץ וואוילער מענש און אין ביזנעס; אַן אַלמן אָהן קינדער. איהר טאָכטער איז א שטילע מיידעל, געהט ניט ארום מיט קאָמפּאַניעס, האָט נים קיין בעקאַנטשאַפט און דערצו נאָך אַן ארימע מיידעל. מיסטער ארנסאָן וואָלט געווען א טהייערער שידוך פאַר איהר טאָכטער. ער פריינטעלט זיך, ער האַלט זיך פאַר אַן אייגענעם מענשען, ער האָט געוויס די טאָכטער אין זינען. און ווער קען וויעדער וויסען, וואָס ער מיינט... די מאַמע לאָזט זיך מיט איהם ניט אריין אין קיין צו נאָהענטע געשפּרעכען. זי וויל ניט זיין זיכער, אז ער מיינט די טאָכטער.

די מאַמע אליין איז אויך א מענש; עס ווילט זיך ניט אוועקלעגען און שטאַרבען, און עס ווילט זיך ניט אָבלעבען די יאָהרען אזוי ווי איצט, אליין, אַלץ אליין. זי איז נאָך קיין פולע פערציג

ניט און זעהט אוים א סך עלטער. א טאג נאך א טאג געהט אוועק און באלד איז זי אן אלטע אידענע.

זי קען טהאן, וואס זי וויל, קלעהרט זי. ביי איהר אין די הענד ליעגט דער שידוך פון איהר טאכטער מיט מיסטער ארנסאן. אויב יא, בלייבט זי חושד'ן ביים סטענדעל. וועט זי דעם שידוך ניט דערלאזען, וועט זי אפשר אליין קענען קריגען מיסטער ארנ־סאן'ען. אזוי דוכט זיך איהר. עס פאסירען גאנץ אפט אזעלכע זאכען, זי וועט רעדען מיט איהם, ארויסקריגען פון איהם רייד.

וואס וועט אבער זיין, אז זי וועט שוין האבען אויסגעפיהרט וואס זי וויל: זי וועט חתונה האבען מיט ארנסאן'ען? זי וועט, אמת, זיין צו איהר טאכטער די זעלביגע מאמע וואס איצט. איהר טאכטער וועט אבער בלייבען די זעלבע שטילע, ארימע און עלענדע מיידעל. אזא גוטער שידוך וועט זיך איהר שוין אזוי גיך ניט מאכען, און זי וועט בלייבען זיצען און ווייטער ארבייטען און ווע־רען אויסגעדארט און בלאס.

ניין, אזוי האנדעלט ניט א מאמע. פריהער מוז מען פערזאר־גען א קינד; דערנאך ערשט קלעהרט מען וועגען זיך.

אזוי בלייבט דאס.

איצט דערזעהט די מאמע פאר זיך א גרויע באָרד און זי ווערט פון דאס ניי אויפגעקאכט אויפ'ן אידעל, וואס האט צוגעפיהרט צו איהר סטענד א אידען מיט א גרויער באָרד כלומר'שט טרינקען וואסער, און דערנאך איז ער געקומען איהר ריידען א שידוך מיט איהם. דאס איז איצט. וואס וועט שוין זיין שפעטער? די טאכ־טער איהרע איז נאך יונג; ערגערע מיידלעך, עלטערע מיידלעך פון איהר טהוען לייטישע שידוכים. וואס וועט זי פערזאמען אין א יאהר אדער אפילו אין צוויי יאהר ארום? איהר קאפ ווערט ניט גרוי און קיין ווייסע באָרד וועט מען צו איהר אויך ניט ברענגען.

אזוי און אזוי — די מאמע וויל פערזארגען איהר קינד, און פאר איהרע אויגען שוועבט א גרויע באָרד.

נאך דערווייל קומט די מאמע צום סטענד אלץ בעסער צו־

געקליבען: א וואס שעהנערע ווייסטעל, די האר פערקאמט אלע טאג אויף אן אנדער סטייל, מיט אלע „פענסירע" שטיקלעך ריבאן ארום האלז.

מיסטער ארנסאן קומט צו צום סטענד. מען רעדט פון פער־שיעדענע זאכען. ער דערצעהלט, אז זיין ביזנעס ארבייט זיך ארויף. ער זוכט ארויפצוציהען דעם געשפרעך אויף איהר טאכ־טער, און די מאמע טרייט ריידען וועגען אנדערע זאכען, און זי כאפט אלע ווייל א קוק אין סיגאר־באקס, וואו זי האלט די „קעש", און וואו עס ליעגט א קליינער שפיגעלע מיט די גלאז ארויף.

און ווען מיסטער ארנסאן געהט אוועק פון סטענד, הערט די מאמע ניט, וואס די קאסטאמער בעטען, און זי כאפט אפטמאל געבען פון א פעני „משענוש".

שפעט ביינאכט, אז די מאמע קומט אהיים און טרעפט איהר טאכטער אין א שוואר־אטהעמדיגען שלאף, דאס פנים בלאס — ווערט דער מאמעס הארץ אנגעפילט מיט וויינענדיגער ווארימ־קייט. זי נעהמט אראב איהר טאכטער'ס האנד פון איהר האר־צען, הויבט אריין אין בעט די אנדערע האנד איהרע, וואס הענגט שטענדיג ארוים; און עס בלייבט ביי איהר, אז איהר קינד טאר זיך מעהר ניט מאטערען אזוי; זי וועט זעהן וואס גיכער צוזא־מענצוברענגען דעם שידוך, און א סוף. עס ציהט איהר אויפ־צוואועקען איהר טאכטער און זיך מיט איהר פונאנדערריידען וועגען דעם, פארשטעלען איהר, ווי גוט איהר וועט באלד זיין — נאר צו וואס אויפרייסען איהר פון שלאף? א רחמנות, נעבעך אן אויס־געמאטערטע!... זאל זי זיך אויסרוהען... נאך גענוג צייט...

# א פּראָבלעמע

ביידע שוועסטער האָבן שפּעט חתונה געהאַט. זיי זיינען דאָ געוועזן עלענד, ניט געהאַט דאָ קיין קרובים, זעהר ווענִיג בע־קאַנטע, און ווענִיג פערבראַכט אין געזעלשאַפט. זיי זיינען געווען גאָרניט קיין שעהנע, שטילע, אויסגעדאַרטע בעשעפעניש׳ן. מען האָט געמיינט, אַז זיי וועלען שוין קיינמאָל ניט חתונה האָבען. זיי האָבען אָבער יאָ חתונה געהאַט.

מיט די מענער זייערע האָבען ביידע ניט ריכטיג „גע־טראָפען“. ביידע שוואָגערס זיינען אין אַ סך זאַכען עהנליך איי־נער צום אַנדערען. ביידע זיינען ניט שטאַרק איבערגעגעבען צו זייערע פרויען; אַלע גוטע זאַכען, אַלע פערגניגענס קומט זיי, נור זיי אַליין. די ווייב קומט נאָכדעם, צום סוף, אָדער טאַקע קיינמאָל ניט. ביידע ריידען צו זייערע ווייבער גראָב, ניט ווי צו זייער גלייכען, ווי צו נידריגע, ניט־וויכטיגע.

די פרויען עסען זיך, גריזשען זיך, און זיי זיינען פונדעסטוועגן צופריעדען. זיי פערלאַנגען ניט פון זייערע מענער קיין פער־גניגענס, קיין שעהנע קליידער. זיי זיינען דיזעלביגע עלענדע, שטי־לע בעשעפעניש׳ן, וואָס געווען, נאָר דאָך האָט איצט זייער לעבען אַ שטיקעל אינטערעס: זיי האָבען אַן אייגענע שטיקעל היים און יעדע פון זיי האָט אַ קינד. וואָלט שוין כאָטש ניט ערגער ווערען... זיי שרעקען זיך, זיי ציטערען... דער בענעהמען זיך פון זייערע מענער פערשפּרעכט זיי ניט קיין גוטעס...

אין אָנפאַנג האָבען די שוועסטער געוואוינט אויף איין פלאַר, אַ טיהר אַנטקעגען אַ טיהר; מען האָט עס געקענט אָנרופען איין דירה. נו, האָבען די מענער ניט פערגונען זיי אַזאַ גליק און זיי האָבען געזאָגט, אַז די ווייבער „פיהרען זיך איבער“ איינע די

אַנדערע, ס'טויג ניט אַזאַ נאָהענטקייט. די שוועסטער האָט עס שטאַרק וועה געטהאָן; אַלע מאָל, שטענדיג זיינען זיי געווען צו־זאַמען און מיט אַמאָל מוזען זיי זיך פונאַנדערדרייסען. עס מוז דאָך אָבער בלייבען ווי די מענער ווילען, האָבען זיי אפילו הויך ניט פּראָטעסטירט, און מען האָט זיך צומופּט וויט איינע פון די אַנדערע.

ביי די ערשטע בעסטע געלעגענהייט קומען זיי צו גאַסט איינע צו די אַנדערע. מען טהוט עס געוועהנליך אין מיטען טאָג, ווען די מענער זיינען ביי זייערע בעשעפטיגונגען. פריהער פון אַלץ רעדט מען פון די קינדערלעך; מען דערצעהלט זיך פון די נייע חכמות זייערע; מען רעדט וועגען הויז־זאַכען, וועגען וויבערשע זאַכען; דערנאָך רעדט מען ווידער איבער דאָס זעלביגע, און קיינע פון זיי איילט זיך ניט אַרויסצוקומען אויפ'ן „ריכטיגען" גע־שפּרעך, וואָסביידען ווילט זיך אַזוי שטאַרק ריידען פון דעם און זיי ווייסען, אַז ס'איז גלייבער וועגען דעם צו שווייגען און ס'איז ניטאָ וואָס צו ריידען; דאָס איז וועגען זייערע „מערכות". נאָר דער געשפּרעך קומט פאַרט צו צו דאָס, וואָס ביידען ווילט זיך ריידען.

— וואָס הערט זיך ביי דיר אַזוי?

ביידע ווייסען שוין, וואָס דער „אַזוי" מיינט.

— גאָרניט. און ביי דיר?

— אַבי ס'קינד איז מיר געזונד, אַרט מיך קיין זאַך ניט.

— און איך, מיינסטו, נעהם זיך שטאַרק צום האַרצען? זיי שווייגען אַ ווייל־נקע.

— ער אַרבייט סטעדי?

— יאָ. דיינער?

— אויך.

— נו, און אַזוי?

מען זיפצט.

— און ווי איז ער צום קינד?

— ווי אַלע מאָל.

— ניט כדאי אָבצועסען זיך ס׳הארץ — זאָגט איינע מיט הארץ־עסעניש.

— ס׳איז גרינג צו זאָגען! דו עסט זיך ווייניג?

— איך? גאָר! מיר זאָל דאָס גאָר אָנהויבען ארען!

— און איך האָב שוין אויפגעהערט נעהמען זיך צום הארצען. זאָל געהן, ווי ס׳געהט.

— ס׳לוינט אָסור ניט. פאָלג מיך און מאַך זיך גאָרניט ווי־סענדיג, אַזוי ווי איך טהו.

אָבער לאַנג שפּיעלען די קאָמעדיע קענען זיי ניט, און מען צורעדט זיך אָפען, מיט הארץ און מיט יסורים. איינע דערצעהלט, אַז איהרער האָט צו איהר ניט גערעדט שוין פון פאַר אַכטאָגען זונטאָג אָן. די אַנדערע דערצעהלט, אַז איהרער קומט אַלע נאַכט אהיים פיער אַזייגער פאַרטאָג, און זי האָט געמוזט מאַכען א סקאַנדאַל, איידער זי האָט פון איהם ארויסגעקראַגען געלד צו קוי־פען שיכעלעך פאַר׳ן קינד — און נאָך אַזעלכע גוטע בשורות האָבען זיי איינע פאַר די אַנדערע.

און ריידענדיג דעררעדט מען זיך, אַז עס קען נאָך זיין ערגער; וואָס וועלען זיי דען קענען טהאָן, אַז „זיי" וועלען זיי אינגאַנצען איבערלאָזען מיט די קינדערלעך און אַוועקגעהן פון זיי, אַנטלוי־פען — וואָס וועט דאַמאָלס זיין!...

זיי ווערען דערשראָקען און ווייסען ניט פון קיין מיטעל צו פערמיידען, אַז דער גרויסער אונגליק זאָל זיי ניט טרעפען. זיי האָבען אָבער פונדעסטוועגען זייערע מיינונגען, ווי עס וואָלט זיין „בעסער" אָנצוגעהן מיט די מענער, איינצוהאַלטען זיי אין דער היים.

— די גאַנצע צרה מיט זיי איז — וויל איינע האָבען — וואָס זיי איז צו גוט און זיי זיינען צו פריי.

— וואָס מיינסטו?

— זיי מוזען דאָך זיין אַזוי, און קיין מאָן וואָלט ניט געווען בעסער. מאַהנען מאַהנט מען ביי זיי גאָרניט, אין גאַנצען איין שטיקעל קינד, מיינען זיי, אַז זיי זיינען פריי׳ע באַטשיקעס.

— טו וואס קען מען דען טהאן?

— זיי מוזען וויסען, אז זיי האבען א יאך. אז זיי וואלטען וויסען, אז זיי האבען א צוויי־דריי קינדער און אז די ווייב איז אויך א מענש, זי וויל אויך געהן אנגעטהאן, זי וויל אויך ארויס־געהן אויף דער וויסער וועלט אזוי ווי אנדערע, און טאקע גע־פאדערט און פערלאנגט און אויסגעפיהרט, וואלסטו געזעהן, ווי זיי וואלטען זיך געביטען און געווארען גאר אנדערע. ס׳וואלט זיי שוין ניט געלעגען אזוי אין קאפ די ארומלויפעניש.

— ס׳וועט נאך זיין ערגער! — זאגט די אנדערע.

— פאר וואס עפּעס ערגער?

— אזוי. איצט רעכענען זיי, סיי־ווי־סיי, וואס וועהרען זיי אן? א הויז האבען זיי; דיין, ציכטיג, ליכטיג, עסען אין דער צייט, איין שטיקעל קינד, די ווייב וויל גארניט, קריכט ניט אויפ׳ן קאפ, רעכענען זיי, וואס ארט זיי? וואס לעגען זיי צו? נעהמען אנהאבען א סך קינדער און זיך נאך טשעפּען: איך וויל אויך געהן, איך וויל קויפען דאס! איך וויל האבען דאס! און פאר וואס קומט דיר? — וועלען זיי אינגאנצען אוועקגעהן.

— ניין, ניין, ביזט אומגערעכט! א מאן, אז ער וויס איינ־מאל פאר אלע מאל, אז ער האט א שווערען יאך, א הויז מיט קינ־דער, מיט א ווייב וואס האלט זיך פאר א מענשען, מיט צרות, וועט שוין אנדערש זיין; ס׳ליעגט שוין ניט אין זינען אוועקצו־געהן אויף „פלעזשור“; ניט ווי איצט, ווי פרייע־מאיארען!

— און איך האב מורא דערפאר, איך ציטער. איצט זיינען זיי דאך ווי באים. ווער טהוט זיי עפּעס? ווער זאגט זיי עפּעס? אז זיי וועלען אבער דערזעהן, אז זיי איז שלעכט, זיי מוזען אוועק־געבען יעדען סענט און עס בלייבט זיי ניט איבער צו ספּענדען, און מען טשעפּעט זיך נאך צו זיי — מיינסטו, זיי וועלען שווייגען — כ׳וויל גאר פון מיין מויל ניט ארויסברענגען...

— און מיין מיינונג איז אנדערש — זאגט יענע, שוין ניט זיכער.

— ניין, ס׳טויג ניט, ווי דו זאגסט!

די שוועסטער פערטראכטען זיך. יעדע מיינט, אז איהר פלאן איז א „בעסערער“; יעדע קלעהרט איבער, וואס די אנדערע האט געזאגט....

ווער וויים? ווער קען זאגען? ווער קען וויסען?

# צוויי מיידלעך און איין חתן

די צוויי חבר׳טעס, דינה און רחל, זיינען שוין גארניט קיין גלייכע פאר. דינה איז שוין אן עלטערע מיידעל, אריבער דרייסיג, מיט א צוקנייטשט, פארבלאזן פנים, א דינע, קורצע האלז, שיטערע, טרוקענע האר. רחל איז נאך קיין פולע צוואנציג יאהר נים. זי איז נים הויך געוואקסען. איהר רונד, אויסגעפילט פנים איז שטענדיג פריש, קלאהר, מיט א שוואכען ראזען קאליר אויף די ווייסע באקען.

די חבר׳טעס וואוינען אין איין רום, שלאפען אין איין בעט, ארבייטען אין איין שאפ, וואו זיי האבען זיך בעקענט. רחל האט זיך בעקלאגט פאר דינה׳ן, אז זי האט נים קיין גוטע דירה, די „מיסעס" איהרע בעהאנדעלט איהר נים גוט, און דינה האט איהר אריינגענומען צו זיך, דאס הייסט, צו איהר שוועסטער, ביי וועלכער זי וואוינט, און רחל איז גאנץ צופריעדען פון איהר נייער „מיסעס", אי מיט׳ן רום, אי מיט די סאפערס.

איינע פון די חבר׳טעס האט געקראגען א חתן. ווי געוועהנליך, די איינגערע. דער בחור איז אויך א יונגער און א שעהנער, מיט איהר אין איין עלטער, אפשר עלטער מיט א יאהר; און די ליעבע איז אן אמת׳ע ליעבע, א הייסע, א פייערדיגע, ווי דאס קען זיין ביי אזעלכע צוויי יונגע מענשען.

דער חתן קומט זעהן זיין כלה יעדען אבענד. זיי נעהמען א מאל א „וואק"; א דריי־פיעל מאל אין וואך געהט ער מיט איהר אין „מואווינג פיקטשורס", א מאל אויך אין א אידישען טהעאטער. נאר נאך אלעמען, זיינען דאך די דאזיגע אויסגערעכענטע פערגניגענס נים די וויכטיגסטע. א „וואק", מואווינג־פיקטשורס, אידישער טהעאטער זיינען טאקע נים שלעכט, אי־

בערהויפט אין די „מואווים“, וואו ס'איז פינסטער און מ'קען זיך האלטען פאר די הענד און אנשפארען דעם קאפ אויפ'ן פלייצע: אמאל זי איהר קאפ אויף זיין פלייצע און אמאל ער זיין קאפ אויף איהר פלייצע; און גאנץ אפט פערגעסען זיי גאר קוקען אויפ'ן לייוועגט, מ'זיצט מיט פערמאכטע אויגען, פערחלומ'ט אין זיסע חלומות, און אז ס'ווערט פלוצלונג ליכטיג, טהוט מען זיך פערשעהמט א כאפ — דאס איז טאקע אלץ גוט און געשמאק. עס איז אבער ווייט פון דעם טעם פון געפינען זיך זאלבענאנד אין א בעזונדער חדר, אבגעזונדערט פון דער גאנצער וועלט, אליין, ער מיט איהר און זי מיט איהם...

דינה, די עלטערע, איז אבער א מיידעל ניט קיין נאר, און זי בעטראכט אויך ניט רחל'ען פאר א קאנקורענטקע אין דיעזען פאל. דער יונגערמאן איז ניט פאר איהר, א צוואנציג יעהריגער אינגעל — זי טרוימט ניט פון אזא. אין די ערשטע צייטען, ווען דער בחור פלעגט קומען, פלעגען זיי פערברענגען און ריידען אלע דריי, נאר דערנאך, אז די ליעבע פון די צוויי יונגע איז געווארען „אפיציעל“, האט דינה פערשטאנען וואס זי האט צו טהאן, און זי האט געטהאן עהרליך איהר פליכט: זי טרעט אב דעם רום, לאזט זיי איבער אליין. זי געהט אריין אין קיטשען אדער אין פראנט־רום; אבער איהר נשמה איז דארט אין רום מיט די פערליעבטע, און איהר פאנטאזיע ארבייט אונרוהיג און שווער; זי „זעהט“ פיעל מעהר ווי דארט אין רום ביי זיי קומט פאר.

בלייבענדיג אליין אין רום, לעגט זיך די כלה אוועק אויפ'ן בעטעל און דער חתן זעצט זיך לעבען איהר, אויך אויפ'ן בעטעל; און עס טרעפט אויך, אז ער לעגט זיך און זי זעצט זיך. מען קושט זיך, מען נעהמט זיך ארום און מען קושט זיך ווידער; מען רופט זיך איינע די אנדערע מיט אלערליי צערטליכע און נארישע נעמען און מען קושט זיך ווידער; מען רעדט געגוג נארישקיים. ער הערט ניט אויף צו זאגען איהר, ווי איהם ווילט זיך ניט אוועקגעהן פון דאנען, נעווער, קיינמאל ניט, און זי איז אויך

אפענהערציג און איז מודה, אז זי וואלט דאס אויך אזוי גע־וואלט...

נאר דינה דארט אין קיטשען, אדער אין פראנט־רום, זעהט דורך די ווענד א סך, א סך מעהר... און אז זי דערהערט, ווי די געליעבטע האבען שוין פערמאכט די טהיר פון דער דרויסענדי־גער זייט, געהט זי גיך אריין אין רום, טהוט זיך אויס און לעגט זיך אויפ'ן בעטעל... זי פיהלט נאך זייער ווארימקייט אונטער זיך... זי ליעגט אין דער פינסטער אויפ'ן רוקען און טראכט און זי „זעהט" נאך מעהר איידער פריהער; איהרע גליעדער געפי־נען זיך ניט קיין ארט, און איהרע הענד קענען זיך ניט אין ערגעץ רוהיג אוועקלעגען.

שפעט אין אבענד, אז רחל קומט אריין אין רום, שלאפט נאך דינה ניט. דינהווארט, רחל זאל זיך אויסטהאן און קומען אין בעט. זי נעהמט רחל'ען פעסט צו זיך, קלאמערט זיך צו איהר מיט איהר גאנצער קראפט... קושט איהר הייס, נעהמט אן הויי־פענס פון רחל'ס גליעדער און לאזט ניט אב. רחל הויבט אן אזש צו קרעכצען. דערנאך פאלט דינה אריין אין א מיעדען, שווע־רען שלאף.

# גאָט פערלאָזט ניט קלאַראַ'ן

קלאַראַ האָט געהאַט גאָר ערנסטע געדאַנקען וועגען איהר נייער בעקאַנטשאַפט. דער יונגער מאַן, בעננעט, האָט אין איהרע אויגען אויסגעזעהן צו זיין אַ סאָרט מענש, מיט וועמען זי וואָלט געקענט לעבען גאַנץ צופריעדען. ער איז ניט אונוויסענד, האָט ליעב צו לעזען, אַזוי ווי זי; ער איז אַ שטילער מענש און זיי „פערשטעהען" זיך איינע די אַנדערע.

גאַנץ ווייט איז נאָך זייער בעקאַנטשאַפט און פריינדשאַפט ניט אַוועק. בעקענט האָט זי זיך מיט איהם דורך דעם, וואָס ער האָט אַריינגעמופט צו איהר פערהייראַטע שוועסטער אין אַ „פוירנישד רום". האָט זי מיט איהם עטליכע מאָל גערעדט; איינמאָל, ווען זי האָט געוואַרט אויף איהר שוועסטער און זיי זיי־נען געווען אַליין אין הויז, האָבען זיי אָבגערעדט אַ גאַנצע שטונדע נאָכאַנאַנד. זי האָט געמאַכט טהע פאַר איהר און איהם. און ער האָט אַזוי איידעל געדאַנקט — האָט דאָס אויף איהר אַ איינדרוק געמאַכט. זי איז זיכער געווען, אַז קיין איינציגער פון די אַלע מענשעלעך, מיט וועמען זי פערברענגט צוזאַמען דעם גאַנצען טאָג ביי דער שניידעריי, קען זיך אַזוי איידעל ניט בענעהמען ווי ער, בעננעט. ער איז אַזוי ווייט פון זיי אַלע.

און קלאַראַ קומט צו איהר שוועסטער גאַנץ אָפט, אַזוי גוט ווי אַן אָבענד איבער אַן אָבענד, און יעדען מאָל קומט בעננעט אַרויס פון זיין רום, דערהערענדיג איהר קול — זי רעדט מיט אַ פּאָר טענער העכער ווי געוועהנליך, אין אַזאַ מאָמענט — דער־הערט ער איהר באַלד. זיי בעגריסען זיך מיט אַ פריינדליכען „גוד איוונינג" און גיבען זיך די הענד. דערנאָך ריידען זיי. די פּער־הייראַטע שוועסטער מישט זיך ניט אַריין אין זייער געשפּרעך.

זי מיינט, אַז זייערע רייד זיינען „צו הויך" פאַר איהר, און אַ חוץ דעם וויל זי זיך גלאַט ניט אריינמישען אין אַ געשפּרעך פון איהר שוועסטער מיט אַ יונגען מאַן — טהוט זי זיך שטילערהייט איהר ארבייט און האַלט די אויערען אויסגעשפּיצט, ניט צו פערלירען חס־ושלום קיין איין וואָרט פון זייערע רייד.

זייער געשפּרעך איז ניט אינטים און ניט צו־אינטערעסאַנט. זיי ריידען פון וועלטליכע זאַכען — פון דער מלחמה, פון יקרות; עס קומט אַרויף אויף'ן לעבען אין אַלגעמיין, אויפ'ן היינטיגען פאַמיליען־לעבען.ביידע זיינען זיי פאַרטגעשריטענע יונגע מענשען מיט אידעען פון דער נייער צייט, אָבער דאָך האָבען זיי ניט ביידע פּונקט דיזעלבע מיינונגען. ער איז פרייער, רעוואָלוציאָנערער, אַ שטאַרקערער געגנער פון די היינטיגע פיהרונגען. אין מאַנכע פּונקטען שטימען זיי ביידע איין, אין אַנדערע ניט; נאַר זי, קלאַרא, איז ניט פער'עקשנ'ט און ניט איינגעשפּאַרט — זי גיט איהם נאָך אַ סך זאַכען, פון וועלכע זי דענקט אַנדערש ווי ער — — אַזוי וועט זיין בעקוועמער, מיינט זי; דאָס וועט זיי צוזאַמענברענגען נעהנטער און וואָס שנעלער.

דאָס איז דערווייל אַלעס.

נאַר קלאַרא האָט זיך איהרע ערנסטע געדאַנקען וועגען בענעט'ן. זי זעהט, אַז ער איז ניט קיין רייכער מאַן. אין אַ געשפּרעך האָט ער זיך אַרויסגערעדט, אַז ער פערדיענט זעקס און צוואַנציג דאָלאַר אַ וואָך. דאָס איז ניט צו־פיעל היינטיגע צייטען. צו־בעקוועם קען מען אויף זעקס און צוואַנציג דאָלאַר אַ וואָך ניט לעבען. עס קען זיך אָבער פערבעסערען, און זי וועט די ערשטע צייט זיין צופריעדען צו לעבען ווי זי וועט קענען. די הויפּט־זאַך איז דאָך ניט די געלד, נאַר דער מענש.

און קלאַרא שטעלט זיך פאָר, זי פערשטעהט, אַז די צייט איז ניט גאַר וויט, און די פריינדשאַפט צווישען איהר און בענעט וועט ווערען אַ נעהענטערע, ווי זי איז איצט. ער וועט איהר געוויס איינלאַדען צו געהן ערגעץ מיט איהם, אין אַ טהעאַטער, צי ערגעץ אַנדערשוואו, און דערנאָך אָבפיהרען איהר שפּעט צו איהר

אהיים. און זי קלעהרט ווי אזוי צו בענעהמען זיך. ווען ער וועט פרו־בירען ווערען פריינדליכער, ווי צום ביישפיעל, א קוש טהאן איהר, נעהמען איהר אין זיינע ארעמס, און עהנליכעס. עס איז פאראן דער אלטער וועג — זיין „סטריקט“, ניט לאזען איהם אנריהרען אפילו מיט א שפיץ פינגער, האלטען איהם אין גאנצען פון ווייטען, און זיך געפינען אזוי ווי בעליידיגט פון זיין פערזוך. אזא בענעהמען ווירקט, ערשטענס, אויפ'ן יונגען מאן, אז איהם זאל זיך דוקא גלוסטען אויספיהרען וואס איהם ווילט זיך, און דאס ציינט איהם אויך אין דער זעלבער צייט, אז זי איז א צנועה; זי מיינט, אז עס איז ניט שעהן צו טהאן אזא זאך; זי איז עהרליך, אונשולדיג. קומט שוין פון זיך אליין אויס, אז איהם ציהט אלץ מעהר צו איהר, און ער זעהט אלץ מעהר און מעהר איין, וואס פאר א פיין קינד זי איז.

דאס איז דער אלטער וועג, און אויף ווי ווייט ס'איז בעוואוסט, האט עס געארבייט ניש'קשה'דיג.

אבער היינט זיינען די צייטען אנדערע, און די מענשען אויך אנדערע. און קלארא איז גארניט זיכער, אז בעננעט איז דער סארט יונגער מאן, מיט וועלכען ס'וואלט זיין שכל'דיג זיך צו בענעהמען לויט דעם אלטען מוסטער. ער איז א פארטגעשריטענער און א ראדיקאלער, און מיט אזא מענשען וועט זיין פראקטישער צו בעגעהן זיך פריי און אפענהערציג — ניט פערשטעלען זיך, און ווי ער וועט נאר אנהויבען ארויסווייזען די געוויסע פריינדשאפטען, ניט שטעלען זיך דאגעגען, נאר אדרבה, פערקעהרט, ענטפערען איהם מיט געגען־פריינדשאפט, און אז ער וועט איהר זאגען, אז ער האט איהר ליעב — איהם באלד אויך זאגען דאס זעלביגע — עהרליך און אפענהערציג, ווי פארטגעשריטענע מענשען דארפען טהאן. און א מענשען, ווי בעננעט, קען גיכער געפעלען ווערען אזא האנדלונג פון א מיידעל ,איידער דער אלטער, בעקאנטער וועג.

ווייס נאך דערווייל קלארא אליין ניט וואס צו טהאן, ווען די צייט וועט קומען. דער אלטער וועג איז אלע מאל געווען דער זיכערער. אבער דא, געגען בעננעט'ן, איז עס אפשר ניט אזוי

זיכער. דער נייע וועג, ווידער, איז אַ ביסעל ריזיקאַליש: ווער קען וויסען? אַ מאַן איז אַ מאַן — אויב ס'וועט איהם אָנקומען צו גרינג, וועט דאָס ביי איהם ניט האָבען קיין גרויסע ווערדע, און זי וועט ניט שטעהן אין דער ריכטיגער הויכקייט אין זיינע אויגען.

אָבער דערוויי! האַלט עס נאָך ניט דערביי. קלאַראַ קומט כמעט אַלע איבער־אָבענד צו איהר פערהייראַטע שוועסטער; זי רעדט מיט אַ פּאָר טענער העכער ווי געוועהנליך, און עס געדויערט אַמאָל אַ רעכטע ווײַלע, ביז ער קומט אַרויס פון זיין רום. זייער געשפּרעך בעציהט זיך וועגען וועלטליכע זאַכען, וועגען היינטיגען לעבען, און קלאַראַ זעהט וואָס ווייניגער איהם איבערצושפּאַרען, זי ווערט אַלץ מעהר און מעהר איינשטימיג מיט זיינע מיינונגען. דורכ'ן טאָג טראַכט זי וועגען בענגעט'ן, און קומט אַלץ מעהר צו דער איבערצייגונג, אַז ער איז גאָר אַ וואוילער יונגער מאַן און אויף זעקס־און־צוואַנציג דאָלאַר אַ וואָך — אויב נור „סטעדי" — קען מען נישקשה דורכקומען. און צוזאַמען מיט די דאָזיגע געדאַנקען איהרע קומט שוין אויך דער גרויסער צווייפעל, אויף וועלכען וועג בענגעט וועט זיך גיכער לאָזען פיהרען, צי אויף דעם אַלטען, אויס־געפּרובטען וועג, צי אויף דעם נייעם, דעם „פּאָרטגעשריטענעם".

נאָר מיט אַ מאָל, פּלוצלונג, איז געקומען אַ סוף צו קלאַראַ'ס אַלע האָפנונגען און צווייפעל. ס'איז געקומען דער „דרעפט", און בענגעט'ס מזל איז געווען צו זיין פון גאָר די ערשטע. קלאַראַ האָט איצט דערפיהלט, אַז זי האָט בענגעט'ן ליעב אויף אַן אמת; ער וועט איהר שטאַרק פעהלען... ביים געזעגענען זיך מיט איהם האָט זי קוים צוריקגעהאַלטען איהרע טרערען. און דערנאָך האָט זי אַזוי געבענקט...

אָבער ניט לאַנג איז איהר בעשערט געווען צו ליידען און בענקען. די נעקסטע וואָך באַלד האָט אין איהר שוועסטערס רום, אויף בענגט'ס פּלאַץ, זיך אריינגעקליבען אַן אַנדער יונגער מאַן, מיט'ן נאָמען הערריס. אויפ'ן ערשטען קוק אַ גאַנץ פיינער יונגער מאַן, נאָר וואָס דען, — ער איז ניט פּאָרטגעשריטען. איהם געפעלט ניט די נייע גענג פון די היינטיגע פרייע מענשען. ער

האלט זיך פעסט ביים אלטען וועגען ליעבע און פאמיליען־לעבען. ער האט זיך זיין בעשטימטע מיינונג, אז די פרייע, די פארטגע־שריטענע, פערפיהרען מענשען און מאכען אונגליקליך פאמיליען־לעבענס. קלארא איז מיט איהם א ביסעל איינפערשטאנען, א ביי־סעל ניט; זי איז אבער ניט איינגע׳עקשנ׳ט, ניט איינגעשפארט — זי גיט איהם נאך און האלט מיט איהם — — אזוי וועט זיין בע־קוועמער — אזוי וועט עס פיהרען גיכער... זיין בעשעפטיגונג איז פערקויפען דזשולערי — איז ער מסתמא ניט קיין ארעמאן.

די שוועסטער מישט זיך ניט אריין אין זייער געשפרעך. זי טהוט זיך שטיל איהר ארבייט און האלט די אויערען אויסגעשפיצט, ניט צו פערליערען חס־ושלום קיין ווארט פון זייערע רייד.

און קלארא טראכט ערנסטע געדאנקען וועגען הערריס׳ן. און דאס וואס ער איז ניט קיין פארטגעשריטענער אין ליעבע־זאכען און פאמיליען־אנגעלעגענהייטען, איז דאס גאר, אז מ׳וויל זאגען, א מעלה אין א פערהייראטען לעבען. ער וועט וויסען, אז ער האט זיין פרוי און זיין פאמיליע, און אזוי מוז ער אלע מאל לעבען. קומט קלארא צו איהר שוועסטער כמעט אלע איבער־אבענד און רעדט מיט א פאר טענער העכער ווי געוועהנליך. זי שטימט איין מיט אלע זיינע מיינונגען כמעט. און זי דערקענט אויף איהם, אז ער וועט איהר מסתמא אין גיכען איינלאדען צו געהן מיט איהם אין טהעאטער, צי ערגעץ אנדערשוואו; און אז ער וועט נעהמען ארויסווייזען זיין פריינדשאפט „דייטליכער" — האט זי ניט פיעל וואס צו קלערען — זי וועט איהם פיהרען אויפ׳ן גוטען, אלטען, זיכערען וועג...

# אלערליי ליעבעס

צוויי חבר'טעס האבען גערעדט פון זייערע ליעבעס־ערפאה־רונגען.ביידע זיינען זיי געוועזן שוין ניט יונג און ביידע האבען געהאט א רעכט ביסעל דורכגעלעבט.

אין איין געוויסען שווערפונקט זיינען זיך זייערע מיינונגען וויט פונאנדערגעגאנגען.

— אז אמת'ען אינטערעס אין מיין ליעבע האב איך גע־פיהלט נור דאן, — האט איינע געזאגט — ווען איך האב ניט געוואוסט, איך בין אליין ניט זיכער געווען, ועמען איך האב אין דער אמת'ען ליעב. איינעם האב איך ליעב געהאט, צו אן אנדערען האט מיך געצויגען; איך האב גאנץ גוט פערבראכט מיט דעם און געטראכט האב איך פון יענעם; און אין דער צייט וואס איך האב מיך אמוזירט מיט יענעם, האב איך געטראכט פון דעם.

— און איך קען דאס גארניט פערשטעהן — האט די אנדערע געזאגט. — איך וויים, ווען איך האב געליעבט, האב איך געמוזט טראכטען נור פון איהם. קיינער האט פאר מיר ניט מעהר עקזיס־טירט. דער געליעבטער מיינער איז געווען די גאנצע וועלט פאר מיר. אלע אנדערע האבען אויסגעזעהן, ווי ניט־לעבעדיגע בעשעפע־נישען אין מיינע אויגען.

— מיך וואונדערט, פאר וואס דו קענסט עס ניט בעגרייפען. איך האב געווים געליעבט אזוי שטארק, ווי דו; אויף דעם קען איך דיר שווערען; און אפשר נאך שטארקער. מיין ליעבע האט אבער ניט געהאט גענוג טעם, איז ניט געווען אינטערעסאנט גע־נוג, ווען זי איז ניט געווען א דאפעלטע. איך פלעג פערמאכען די אויגען און ביידע אוועקשטעלען אין מיין געדאנק אנטקעגען מיר, און קוקען אויף זיי, פערגלייכען זיי, און הייסען זיך אליין

אויסקלייבען וועלכען איך וויל... און ניט זיין זיכער ביי זיך... און זיין זיכער, אז איך קען האבען וועלכען איך וויל... דאס איז געווען אינטערעסאנט...

— דאס איז דאך אבער ניט קיין ליעבע! — האט יענע גע־וואלט האבען. — אז מ'איז ניט פערליעבט אין איינעם אזוי, אז מען זאל מיינען, דאס ער איז דער איינציגער אין דער גאנצער וועלט, וואס ער קען מיך גליקליך מאכען, און אהן איהם טויג מיר מיין לעבען ניט, איז דאס ניט קיין ליעבע. מ'קען אמאל זיין גענארט — מיינען מוז מען אבער, אז ער און נור ער איז ווערטה פון מיר געליעבט צו ווערען, און נור פון איהם וויל איך געליעבט ווערען. ער מוז זיין איינער און דער איינציגער. אנדערש קען עס ביי מיר ניט זיין קיין ליעבע.

— דו פערשטעהסט ניט. כ'האב מורא, דו וועסט עס קיינ־מאל ניט בעגרייפען. דאס, וואס דו זאגסט, מיינען דאך אלע אזוי; דאס איז דאך אזוי אלט. מיט מיר איז אבער אזוי ניט געווען; איך בין געווען א גאנץ אנדערע. דיר איז גוט געווען, דו ביזט געווען גליקליך, אז דו האסט געמיינט, אז נור איינער איז פאראן אין דער גאנצער וועלט, ווען מען דו ליעבסט און קענסט ליעבען. זי האסט אבער ניט געלעבט... דו ביזט זיכער געווען אין דיין ליעבע און דו האסט ניט געהאט וואס צו איבערקלעהרען. דיין הארץ און דיין מח זיינען געווען ביי דיר זיכער און רוהיג, און דאס הייסט ביי מיר — טויט. אבער אז איך ליעב צוויי, איך ליעבביידען, מיך ציהט צו ביידען, מיין הארץ און מיין קאפ גיבען מיר ניט קיין רוה... און איך וויים ניט וואוהין צו געהן, איך ראנגעל זיך, איך צאפּעל זיך — דאס הייסט ביי מיר לעבען...

— אבער דאס איז דאך ניט די וואהרע, אמת'ע ליעבע!...

— דאס איז מ י י ן ליעבע, דאס איז די לעבעדיגע ליעבע...

— איך קען אזא ליעבע ניט פערשטעהן.

— דו ביזט ניט די איינציגע. לאמיר ריידען „פון פרעהלי־בערע זאכען“.

און די חבר'טעם האבען גענומען ריידען פון עפּעס אנדערש.

# שוועער צו ענטפערען

די אלמנה איז אין א מאדנע פערלעגענהייט; ווי ווייס ניט ווי זי זאל האנדלען.

עס האנדעלט זיך וועגען א שידוך.

זי זאגט, ווי דער אמת איז, אז וועגען ליעבע איז דא קיין רייד ניט. זי איז ניט מעהר אין די יאהרען ווען די ליעבע האט די גאנצע דעה און לאזט ניט צו קיין שום אויסרעכענונג און פערפיהרט גאנץ אפט אויף קרומע און שלעכטע וועגען. זי וויל חתונה האבען מיט אן ארענטליכען מענשען, אום זיך צו פערגרינגערען — זי זאל האבען ווער עס זאל מאכען פאר איהר א לעבען, געבען איהר א היים, זי וויל האבען א פריינד, וואס זאל זיך מיט איהר אינטערעסירען. נו, מאכט זיך איהר איצט א געלעגענהייט, ריכטיגער, צוויי געלעגענהייטען — ווייס זי ניט, וועלכע אויסצוקלייבען.

ביידע מענער, וועלכע ווילען מיט איהר חתונה האבען, זיינען ארענטליכע מענשען, ביידע מאכען אן אנשטענדיגען לעבען; פערליעבט, ווי זי זאגט, איז זי אין קיינעם פון זיי ניט — ס'איז א חשבון־שידוך, וויל זי דערגרונטעווען, וועלכער פון זיי ביידע וועט זיין פאר איהר בעסער.

איינער פון זיי איז שוין עטליכע יאהר אן אלמן. מ'דערצעהלט, און ער זאגט אליין, אז ער האט די פערשטארבענע ווייב זיינע שטארק ליעב געהאט, ניט געקענט פערגעסען איהר — האט ער וועגען נאך אמאל חתונה האבען ניט געקענט גאר טראכטען, און ער האט אנגעקוקט ווי משוגעים און גאנץ שלעכטע מענשען יענע, וואס זיינען געקומען צו איהם מיט שדוכים. ניט לאנג צוריק האט ער זיך בעקענט מיט דער אלמנה און וויל מיט איהר חתונה האבען.

דער צווייטער חתן איז אן אלמן בלויז עטליכע מאנאטען.

חשבונ'ט די אלמנה אזוי: עטליכע יאהר איז יענער געווען אן אלמן, ער האט ניט געקענט פערגעסען זיין ווייב. ער האט זיך איינגעלעבט א לאנגע צייט אליין — בעווייזט דאך דאס, אז ער דארף ניט קיינעם, ער קען אויסקומען אהן א ווייב, אהן א באַלעבאַסטע, אהן א נאָהענטען פריינד. עס איז אמת, אז זי, די אלמנה, געפעלט איהם שטארק; קען דאך אבער זיין, אז דאס דוכט זיך איהם איצט, אויף דער ווייל; ער מיינט, אז ער וועט קענען פערגעסען יענע, און עס קען זיך נאך דעם ארויסווייזען, אז ס'איז געווען א מיסטייק. א מענש האט עטליכע יאהר געלעבט אליין, מסתמא איז איהם דאך געפעלען אזא לעבען, און ער וועט דערנאך חרטה האבען און נאך אלץ טראכטען פון יענע, לעבענדיג מיט איהר — וואס פאר א לעבען וועט איהרער זיין?

דער צווייטער חתן, ווידער, האט אויך זיין גרויסען חסרון. אבגעלעבט מיט א ווייב עטליכע יאהר, און געלעבט זיך גאנץ גוט, ווי מ'זאגט. איהר קבר איז נאך פריש, און ער האט שוין קיין צייט ניט. ער האט זיך געלאזט ריידען שדוכים באלד נאך שלשים, האט די אלמנה אויסגעפונען. ווי קען א פיינער מענש אזוי האנדלען? ווארט כאטש אב א יאהר, זאל אויסוואקסען גראז אויף איהר קבר! ס'זעהט דאך אויס, ווי ער וואלט זיך קוים דערלעבט פטור ווערען פון איהר... וואו איז געפיהל, הארץ יושר? די אלמנה שרעקט זיך פאר אזא מאן... עפעס דערלאזט איהר ס'הארץ ניט פערבינדען זיך מיט אזא איינעם.

דאס זיינען די חסרונות פון די ביידע שדוכים. די אלמנה זעהט אבער אין די חתנים מעלות אויך, — טאקע אין די חסרונות זייערע גופא געפינט זי די מעלות.

דער ערשטער חתן, דער לאנג־יעהריגער אלמן, האט פיעלע יאהרען ניט געקענט פערגעסען זיין ווייב און ניט געוואלט נעהמען קיין אנדערע — בעווייזט דאס, אז ער איז א געפיהלפולער מענש, ער קען שטארק ליעב האבען, ער איז געווען זיין ווייב א טהייערער פריינד; און איצט, אז ער וועט חתונה האבען מיט

איהר, דער אלמנה, וועט ער איהר ליעב האבען און זי וועט ביי איהם זיין אזוי טהייער, ווי יענע איז געווען. ער האט יענע טאקע א לאנגע צייט ניט פערגעסען; אבער איצט איז ער שוין איבעראנ־דערשט; א בעוויז, ער וויל חתונה האבען מיט איהר, און די אלמנה מיינט, אז זי וועט קענען אויספיהרען צו זיין פאר איהם, וואס יענע איז געווען.

דער פרישער אלמן, דער צווייטער חתן, האט די מעלה, וואס ער קען ניט זיין אליין — ער מוז האבען א ווייב, א באלעבאסטע אין הויז — ער איז אין דעם ניט שולדיג, ער איז שוין אזא מין מענש, און אז די ווייב זיינע איז געשטארבען, האט ער ערשט נאך איהר דערזעהן, וואס פאר א טהייערע זאך א ווייב איז, מ׳מוז איהר האבען; אז ניט, טויג דער גאנצער לעבען ניט — און ער וועט וויסען, ווי איהר טהייער צו האלטען — ער האט פערזוכט דעם טעם צו זיין אהן א ווייב, אהן א באלעבאסטע, אהן א נאהענטען פריינד.

די פראקטישע אלמנה וועגט און מעסט די מעלות און די חסרונות פון דיביידע חתנים; חשבונ׳ט און רעכענט און ווייסט ניט, מיט וועלכען פון זיי זי זאל חתונה האבען.

**די פראגע איז זעהר א שווערע, און זי וויס ניט, ווי זיך אז עצה צו געבען.**

# אסתר פערשטעהט...

## יענע, נעביך.

— קום אריין אין פראנט־רום, וועסטו עפּעס זעהן! — האָט אסתר גערופען איהר מאַן, וועלכער איז געזעסען אין קיך, ענדיגענ־דיג זיין סאַפּער.

ער איז אריין צו איהר אין פינסטערען פראָנט־רום.

— קוק אַ ווײלע אין פענסטער אריין איבער'ן סטריט, אָנט־קעגען, — האָט זי איהם געהייסען.

דאָרט, אין יענער הויז איבער'ן סטריט איז טאַקע פאָרגעּ־קומען עפּעס אינטערעסאנטעס: אַ יונגע פרוי איז געזעסען ביים טיש, און אַ יונגער מענש, איהר מאַן מסתמא, איז ארומגעגאנגען איבער'ן צימער הין און צוריק. אלע ווײלע פלעגט ער זיך אָב־שטעלען ביי דער פרוי, נעהמען איהר פּנים אין זיינעביידע הענד אריין און איהר שטארק קושען; אַבלאַזען איהר, ווידער צוקר־מען און ווידער קושען.

אסתר האָט זיך איינגעגעסען מיט די אויגען אין דער דאָזי־גער סצענע, אַזוי ווי אַן אלטער מבין אין אַ וויכטיגען קונסט־בילד; און דער מאַן איהרער האָט גאר פערגעסען, אַז ער האָט נאָך ניט אין גאַנצען פערענדיגט זיין סאַפּער.

— ארימע, אונגליקליכע וויבעל!... — האָט אסתר ארויסגע־זיפצט.

— ווער איז אַן אונגליקליכע וויבעל? — האָט דער מאַן געפרעגט.

— זעהס ניט ווער? יענע דאָרט איבער'ן סטריט.

— זי איז אַן אונגליקליכע? — האָט דער מאַן ניט פער־

שמאנען — ווי אזוי, מיט וואס? וואס איהר מאן האט איהר אזוי ליעב?

— זי מוז, נעביך, ליעגען גוט אין דר'ערד ביי איהם, — האט אסתר געזאגט מיט רחמנות.

— כ'פערשטעה ניט וואס דו פלוידערסט, — איז דער מאן שוין געווארען אונגעדולדיג, — זי ליעגט ביי איהם אין דר'ערד, און ער הערט ניט אויף קושען איהר!

— הערסט, אט דאס איז דאך טאקע די גאנצע קלאג! א מאן נעהמט ניט גלאט אין מיטען מיטוואך און פאלט אלע ווײלע צו צו דער ווייב מיט קושען און האליובקעס. מסתמא האט ער מיט א ווײלע פריהער איהר גוט אויסגעגעסען דעם לונג, געמאכט א לאך אין הארצען. אדער עס קען זיין, ער קלייבט זיך באלד אבטהאן עפעס. דערצעהלסט מיר וועגען אזעלכע זאכען?

— פוסטע פילאזאפיע דיינע! — האט ער געזאגט און איז אריין צוריק אין קיטשען מיט אן אראבגעלאזטער נאז...

דאס איז הפנים געווען דער שטארקסטער ארגומענט, וואס ער האט איהר געקענט געבען.

## אין א מעדיסאן עוועניו קאר.

זונטאג איז אסתר געפאהרען מיט איהר מאן אין א מעדיסאן עוועניו קאר. זיי זיינען געפאהרען צו גאסט אין הארלעם צו געוועזענע שכנים זייערע.

פונקט אנטקעגען זיי זיינען געזעסען א מאן און א פרוי, ביידע ניט גאנץ יונג, ארום פערציג. זיי האבען גערעדט שטיל צווישען זיך. אין קאר איז געווען לעדיגלעך, אבער די צוויי זיינען געזעסען אזוי פעסט צוזאמענגעדריקט איינע צו די אנדערע, אזוי צוגעדריקט, ווי דא וואלט געווען די ערגסטע ענגשאפט. און קענטיג איז געווען אויף זיי, אז זייער נאהענטקייט איז נאך פאר זיי ניט נאהענט גענוג... זיי האבען זיך איינע די אנדערע געשלונגען מיט די אויגען... ער האט זיך אלע ווײלע פערגעסען וואו ער געפינט זיך און אנגענומען איהר האנד... ארום און ארום האט עס

אויסגעזעהן, אז פאר זיי ביידע עקזיסטירט איצט גארנים, אויסער זי פאר איהם און ער פאר איהר.

אסתר און איהר מאן האבען געקוקט אויף די פאר אנטקעגען זיי, אוועקגענומען די אויגען און ווידער געקוקט... געקוקט... געקוקט כלומר'שט אז א זיים, האבען אבער אלץ נים אבגעלאזט די צוויי.

אויפ'ן קארנער צוויי און פערציגסטע סטרים זיינען די צוויי אראב פון קאר.

— האסט געזעהן ביי ליימען מאן און ווייב? — האט דער מאן געזאגט צו אסתר'ן. — שוין, דאכט זיך, נים קיין יונגע, און אזא ליעבע און צוגעקלעפטקיים, ווי אויף מארגען נאך דער חתונה.

— ביזט א גרויסער חכם! — האט אסתר געשפעט פון איהר מאן — דיינע מבינות קען א פויגעלע אוועקטראגען אויפ'ן עק! דו האסט שוין אמאל געזעהן מאן און ווייב זאלען אזוי זיצען אין א קאר? זי איז אזוי זיין ווייב, ווי איך בין א רבי'צין! ער וויים, וועמעס ווייב זי איז!...

# וואָס גאָט פאָרט צוזאַמען

זונטאג נאָכמיטאג בין איך פערבליבען אליין אין הויז. איך בין געווען פערטיעפט אין מיין „סאַנדיי פייפער", ווען איך האָב דערהערט פון יענער זייט וואַנד קולות, געשרייען, קריעגערייען — איך האָב געמוזט אָוועקלעגען מיין צייטונג. מאַן און ווייב האָבען זיך דאָרט „איבערגערעדט". ביידע האָבען געשריען מיט אמאָל. מען האָט זיך גערופען איינע די אנדערע מיט אלערליי מיאוס'ע און שענדליכע נעמען, געשאָלטען זיך מיט משונה'דיגע קללות, וואָס א הונדערט־חלק פון זיי וואָלט דער'הרג'עט דעם גאַנצען בלאָק טענעמענטס מיט די מענשען, ווען זיי ווערען חס־ושלום מקוים. צוליעב וואָס די מלחמה איז פאָרגעקומען, האָב איך ניט געקענט דערכאַפען. און דעם מענשען ווילט זיך אלץ וויסען: איך האָב אנגעשטרענגט די אויערען צו דערגעהן, וואָס זיי ווילען אזוינס איינע פון די אנדערע, וואָס איינער מאַהנט פונ'ם צווייטען — און איך האָב גאָרניט דערהערט. זידלערייען, קולות, קללות, קללות... די טענער זיינען געוואָרען אלץ העכער און העכער... — כ'האָב דערהערט דעם קלאַנג פון א פּאַטש — א קוויטש, א גע־שריי — א דומפּפער קלאַפּ אַן וואַנד — און עס איז געוואָרען שטיל....

איך האָב זיך דערשראָקען: וואָס זאָל בעדייטען דער פּלוצ־לונגער שטילשטאַנד? האָט אימיצער אימיצען גע'ממית, דער־הרג'עט, אָדער אזוי צושעדיגט, אז ענטוועדער ער אָדער זי קען מעהר ניט שרייען, איז געבליבען ליעגען אָהן לשון?...

שטיל...

מיין נייגיעריגקייט איז געוואַקסען צוזאַמען מיט מיין שרעק. ס'קען דאָך אלץ פּאַסירען. דאָ האָט זיך אפשר אָבגעשפּיעלט א

טראַגעדיע, צו וועלכע איך בין געווען כמעט אַן עדות, און איך וועל נאָך אַריינגעשלעפּט ווערען אין טראַבעל, איך וועל מוזען דער־צעהלען וואָס איך האָב געהערט. און אַ חוץ דעם, אפשר מוז מען שנעל ברענגען אַ דאָקטאָר, שיקען נאָך אַן אַמבולאַנס... איך טאָר ניט שווייגען... דאָרט מאַטערט זיך אַ מענש מיט'ן לעבען, מיט'ן טויט... עס טאָר ניט פערלאָרען געהן קיין איבעריגע מינוט... איך האָב אָבער געהאַפּט, געוואַרט, טאָמער וועל איך דערהערען עפּעס פון יענער זייט וואַנד — אַ פּאָר קללות וואָלטען איצט געווען די בעסטע מוזיק פאַר מיינע אויערען — וואָלט מיך אמת דערפרעהט, פשוט געראַטעוועט...

שטיל...

און איך האָב געפיהלט, אַז איך טאָר לענגער ניט וואַרטען. אָבער וואָס זאָל איך טהאָן? לויפען אין גאַס, זוכען אַ פּאָליס־מאַן? אַראָבגעהן צום דזשעניטאָר דערצעהלען די געשיכטע?ביידע פלענער זיינען מיר ניט געווען צום הארצען — איך מוז דאָס אָבער טהאָן!...

און אין מיין פערצווייפלונג בין איך געפאַלען אויף אַ „בע־סערען" פּלאַן, וואָס איז אגענטליך געווען פאַר מיר ערגער און שווערער אויסצופיהרען — אַנקלאַפּען ביי מיינע שכנים אין טיהר, אויסגעפינען וואָס דאָרט טהוט זיך, אפשר לעבען זיי נאָך ביידע, און מיר וועט זיין פערשפּאָרט די זעהר ניט אַנגענעהמע טרחה...

איך בין אַרויס אין קאָרידאָר און בין צוגעקומען צו זייער טיהר, נאָר מיין האַנד האָט זיך ניט געהויבען אַ קלאַפּ צו טהאָן... איך האָב געוואַרט, איך האָב זיך געשראָקען...

אַ פּאָר מינוט בין איך געשטאַנען ביי זייער טיהר, און האָב ענדליך בעשלאָסען — אַראָבצוגעהן צום דזשעניטאָר, איבערגעבען איהר וואָס איך וויים, און זאָל ער זעהן, וואָס ער האָט צו טהאָן...

און פּלוצלונג, גאָר אונפערהאָפט איז געקומען מיין ישועה: די טיהר פון מיינע שכנים האָט זיך געעפענט, און מאַן און ווייב, גאַנץ יונגע מענשען, זיינען אַרויסגעקומען, אַנגעטהאָן זונטאָגדיג, ווי ס'בעדאַרף צו זיין.

אַ גליקליכער בין איך אַריין צו זיך אין הויז. איך האָב זיי נאָכגעקוקט דורכ'ן פענסטער. אַרויסקומענדיג אויפ'ן גאַס, האָט די ווייב גענומען דעם מאַנ'ס אָרעם און זיך צוגעדריקט נאָהענט צו איהם, ווי מאַן און ווייב דאַרפען געהן, און זיי זיינען אַוועק, לכבוד זונטאַג, מסתמא צוגאַסט ביי פריינד, צי אויף אַ „פּאַרטי“, צי גאָר אין טהעאַטער אָדער אין די „מואווים“.

איך האָב פערשטאַנען, אַז דאָס האָבען זיי זיך געפּוצט, „גע־דרעסט“, אין דער צייט וואָס איך האָב זיך אַזוי געשראָקען, אַזוי געציטערט...

איך בין געוועזן גליקליך, און איך האָב מיין פרייד ניט געקענט פערשטיקען אין זיך; איך האָב גאָט געדאַנקט:

אַ, גאָט, וואָס דו פאָרסט צוזאַמען, מוז זיך דאָך ענדליך לעבען אין ליעבע און פריעדען...

# ליעבע

טהייערע פריינדין עני: —

מיר איז נאך גוט, וואס איך קען זיך א מאל אויסריידען דאס הארץ פאר דיר. פערשטעהסט, מיר איז גוט און מיר איז ניט גוט. גוט איז מיר, ווייל וואס פעהלט מיר? מיר פעהלט גארניט ניט. עסען און די איבעריגע זאכען געווים ניט. מיין מיידעלע איז א ברילאנט, און צו מיין היימי׳ן האב איך אויך גארניט. ער איז א גוטער מאן, א טהייערער מאן. מיר פעהלט גארניט, און דאך פעהלט מיר זעהר פיעל. און דאס, וואס מיר פעהלט, זוך איך, און וויפיעל איך געפין, נעהם איך. פערשטעהסטו, ביי אונז איז שוין צוויי יאהר נאך דער חתונה; מיין היימי האט מיר גאנץ ליעב, אלצדינג אין דער וועלט וואלט ער געטהאן פאר מיר מיט׳ן קינד. אבער איך געפין שוין איצט ניט אין איהם יענעם היימי׳ן, וואס האט זיך אין מיר פערליעבט. אז ער דערזעהט מיך איצט, בלייבט ער דערזעלביגער וואס געווען; איך זעה, אז זיין הארץ נעהמט ניט ציטערען אין איהם; זיין הארץ איז ניט אנגעפילט מיט די הייסע געפיהלען וואס דאן, אין יענע צייטען... דאן, ווען איך בין געווען לעבען איהם, איז ביי איהם קיין איין נערוו ניט געווען רוהיג. ער האט געשלונגען מיט די אויגען מיין יעדע מינע, מיין יעדע בעוועגונג, מיין יעדען ווארט. אין יענע צייטען בין איך געווען גליקליכער פון איהם, זעהענדיג לעבען זיך איינעם, וואס איז אזוי איבערפילט מיט ליעבע, מיט צערטליכקייט. וואס זאל איך טהאן, איך בין שוין אזא — אלץ אין דער וועלט וואלט איך אוועקגעגעבען, איך זאל קענען שטענדיג זיין לעבען פערליעבטע יונגע מענשען, קוקען אויף זיי, מיטפיהלען און מיטלעבען מיט זיי. געדענקסט, ווען מיר פלעגעןביידע ארומגעהן אין פארק, פלעג

איך דיר אַלץ רייסען, זאָלסט געהן מיט מיר אין די פערוואָרפענע ווינקעלעך, וואו עס פערקלייבען זיך שטענדיג פערליעבטע פּאָרלעך. נאָר לעבען יענע פּאָרלעך פלעגט זיך מיר וועלען זיין, אריינקוקען זיי טיעף אין זייערע אויגען; און ווען אַ פּאָרעל פלעגט מיר שטאַרק געפעלען זיין, אָדער אַז איך האָב דערקענט, אַז איינער פון דער פּאָרעל האָט געוויינט, אָדער אַז מיר פלעגט זיך דאָס נור אַבדוכטען, פלעג איך זיי שוין ניט אַבלאָזען, נאָכגעהן נאָך זיי אַ שטיקוועג, און מיר פלעגט זיין זעהר שווער אַבצורייסען זיך פון זיי.

איך בין געווען די גליקליכסטע, ווען איך האָב זיך פעראייניגט מיט היימי'ן: איצט וועל איך דאָך שטענדיג, אַלע טאָג, האָבען לעבען זיך אַ פערליעבטען, מיט אַ ציטערענדע האַרץ, מיט אויגען, וואָס בעטען, שעפּטשען, וויינען און פרעהען זיך. און דערפּאַר איז מיר דאָס איצט ניט גוט. מיין היימי איז אַ פּראָסטער מענש. איך זעה ניט אין איהם, וואָס איך האָב געהאָפט און געווען זיכער, אַז איך וועל אַלע מאָל האָבען לעבען זיך.

מיין טהייערע עני! דו וועסט מיר אפשר ניט גלויבען, אָבער איך שווער דיר, אַז איך שרייב דיר דעם אמת. איך קלעהר אַלץ, אַז מיר וואָלט זיין גוט, ווען מיין היימי זאָל זיך אין אימיצען פערליעבען. איך קען דיר שווערען, איך וואָלט איהם נאָכגעשפּיערט, ווען ער קומט זיך צוזאַמען מיט זיין געליעבטער, און איך וואָלט זיך ערגעץ בעהאַלטען און צוגעקוקט, ווי מיין היימי איז פערליעבט, ווי זיין האַרץ איז הייס אין איהם, ווי ער ריהרט אָן צאַרט איהרע פינגער, ווי ער ציטערט. איצט וואָלט ער דאָך נאָך מעהר צושראָקען און צוטומעלט געווען, ווי דאַמאָלס מיט מיר; איצט האָט ער דאָך מיך, וואָלט דאָך זיין ליעבע געווען אויסגעמישט מיט אַ סך, אַ סך מעהר פערצווייפלונג, זאָרג און קומער. און ווען ער וואָלט נאָכדעם געקומען אַהיים, וואָלט איך זיך גענעצט לעבען איהם. ער וואָלט דאָך געוויס געטראַכט פון זיין געליעבטע און געבענקט נאָך איהר — אַ פערליעבטער וואָס בענקט, גאַרט, געהט אויס. איך פערמאַך איצט די אויגען אויף אַ פּאָר מינוטען און איך שטעל זיך פאָר, ווי איך זעה, ווי היימי זעהט אויס. איך זאָג דיר, איך וואָלט

איהם א ווארט ניט געזאגט, א האלבען ווארט ניט. וואס האב איך איצט? גלייך נאך סאפער נעהמט ער א ווילע ענעלע'ן אויפ'ן האנד, דערנאך נעהמט ער ארויס גלייך פון קעשענע א פענסיל מיט א ביכעל און רעכענט זיינע חשבונות פון א גאנצען טאג; דערנאך לעגט ער זיך שלאפען מיט'ן פנים צום וואנד. מיינסט, איך זאג איהם דאס ניט? איך זאג איהם, לאכט ער זיך אויס פון מיר און רופט מיר משוגע'נע. ער וויל גארניט ריידען, ער זויל גארניט דערמאנען, ער וויל גארניט הערען, וואס אמאל איז מיט אונז געווען, ווען מיר האבען זיך פערליעבט.

איך לויף איצט נאכאנאנד צו בעלער. פאר וואס, מיינסטו? קיין טענצערקע בין איך דאך ניט. דאס איז, וויל דארטען זעה איך א סך יונגע. איך געה ארום אין די זייטיגע ווינקעלער, וואו עס זיצען די פארלעך, אדער ארומגענומען, אדער האלטען זיך אזוי פאר די הענד. אויף יעדען באל זוך איך אויס מיין פארעל. איך רוף זיי אז „מיינע". דאס איז דאס פארעל, וואס מיר דוכט זיך, אז זיי זיינען די פערליעבטעסטע פון אלע איבעריגע; וואס האלטען זיך פעסטער ארומגענומען ביים טאנצען, וואס זיצען פעסטער איי־נער צום אנדערען. איך האב אויך ליעב א פארעל, וואס איינער פון זיי איז אומעדיג; און אזביידע זיינען אומעדיג, איז גאר גוט. און „מיין" פארעל האט שוין א ביסעל א פערשטערטע שמחה: וואו זיי זאלען זיך ניט בעהאלטען, בין איך דא לעבען זיי; און אז איך קען ניט זיין לעבען זיי, היט איך זיי פון ווייטען.

טהייערע עני! איך בין נאך די זעלביגע וואס אמאל, פון בעסער ווערען איז אבגערעדט; מיר דוכט, אז איך ווער נאך ערגער.

איצט וועל איך דיר אויסזאגען נאך א זאך. אויף א פאר בע־לער נאכאנאנד האב איך בעמערקט, אז א יונגער מאן קוקט אויף מיר ניט גלייכגילטיג. ער איז נאך גאר א יונגינקער, א ווייסער, מיט העלע, געגרייזעלטע האר, מיט ווייסע ברעמען און ווייסע אויגען. געדענקסט, מיר פלעגען אלע מאל אבלאכען פון אזעלכע יונגע לייטלעך, מיר פלעגען זיי רופען „מילכיגער צימעס". ווייסט, זוי ער זעהט אויס, אקוראט ווי דער בארבער, וואס איז געווען

אויפ'ן סטופּ, ווען דו האָסט געוואוינט אין ריווינגטאָן סטריט. איך בין קיינמאָל ניט געווען צוקאָכט פאַר אַזעלכע יונגע לייט, נאָר פונדעסטוועגען ציהט מיך צו איהם. איך האָב דערקענט אַז איהם, אַז ער זוכט מיין בעקאַנטשאַפט, און איך האָב שוין געפונען אַ וועג, ווי אַזוי ער זאָל זיך בעקענען מיט מיר. איך האָב דאָס אַזוי געמאַכט, אַז ער ווייס ניט, אַז איך האָב אַליין אויסגעזוכט די געלעגענהייט. ער זאָל זיך בעקענען מיט מיר; ער מיינט, אַז איהם האָט זיך דאָס איינגעגעבען, אַז איך ווייס גאָר פון קיין זאַך ניט. ער איז פערליעבט אין מיר, און דאָס איז זיין ערשטע ליעבע. ער דאַרף מיר ניט זאָגען, איך דערקען שוין אַליין. אַז ער שטעהט לעבען מיר, זעה איך, וואָס אין איהם טהוט זיך. איך פערשטעה זיך גאַנץ גוט. ער איז צוטומעלט, צושראָקען, האָט מורא צו בע־געגענען מיינע אויגען; ער וויל עפּעס זאָגען, אַרויסריידען, זאָגט ניט און דערשרעקט זיך. און איך וואָלט איהם געוואָלט האָבען לעבען זיך שטענדיג, אַלע מאָל, און איך וואָלט געקוקט אויף איהם. איך ווייס וואָסערע ווערטלעך אַריינצוואַרפען, איהם זאָל פערדריסען, וואָס איהם טהוט וועה, פון וואָס איהם ווערט בעסער. איך קוק איהם דורך, אַזוי ווי ער וואָלט זיין געמאַכט פון גלאָז. איך האָב אָבער מורא, אַז איך וועל דאָס אין גאַנצען מוזען סטאָפּען. איך האָב איהם אַ פּאָר מאָל געזעהן זיך אַרומדרעהען אויפ'ן בלאָק, וואו איך וואוין. איך ווייס גאָרניט, ווי אַזוי ער האָט זיך דערוואוסט, וואו דאָס איז. איך האָב מורא, אַז באַלד וועט ער עפענען פאַר מיר זיין האַרץ. עס איז דאָך פונדעסטוועגען אַ רחמנות.

נו, ווי געפעהלט איך דיר עפּעס? אַ גוטע משוגע'נע, האַ?

איך מוז שוין סטאָפּען, מיין קליינע לויפערקע האָט זיך אויפ־געכאַפּט און זי רופט מיר.

דיין פריינדין,

בערטאַ.

# דער גוטער סימן

נאָך זיין חתונה האָט זיך פרענק אויפגעפיהרט ניט פיעל אנדערש, ווי אין זיינע בחור'שע יאָהרען, וואָס אנבעלאַנגט פרויען און ליעבעס. באַלד ווי ער איז געוואָרען א היבש בחור'ל, זעכצעהן־זיעבצעהן יאָהר, האָט ער שוין געהאַט געליעבטע — איינע נאָך די אנדערע. איינגעליעבט זיך, אויסגעליעבט זיך און זיך באַלד פער־ליעבט אין א נייע.

א נאַטור אַזאַ ביי איהם שוין. ער ליעבט זיך גיך איין, ליעבט זיך גיך אויס, און פערליעבט זיך ווידער גיך.

חתונה געהאַט מיט זיין ווייב האָט ער אויך אויס ליעבע. און צוליעב עפּעס אַן אורזאַכע איז געוועזן די חתונה איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך אויסצוליעבען. נאָר גיך נאָך דער חתונה האָט ער זיך, ווי געוועהנליך, אויסגעליעבט און באַלד געקראָגען א נייע געליעבטע.

די ווייב זיינע ווייס פון דער דאָזיגער שוואַכקייט זיינער. אין אנפאַנג, ביי דער ערשטער ליעבע נאָך דער חתונה, האָט זי געקעהרט וועלטען, געוויינט, גערעדט מיט איהם מיט גוטען און מיט בייזען, געוואָלט לויפען צו דער געליעבטער מאַכען א סקאַנדאַל; נור איידער וואָס־ווען איז ער שוין געווען אויסגעליעבט. האָט די ווייב געמיינט, אַז דאָס האָט זי אויסגעפיהרט: ער האָט זיך פאַר איהר דערשראָקען, צי ער האָט איינגעזעהן, ווי אונגערעכט ער האַנדעלט; אַז ס'פּאַסט ניט פאַר א פערהייראַטען מאַן צו פיהרען ליעבעס. זאָל שוין זיין ווי ס'איז, אַבי ס'האָט זיך גוט אויסגעלאָזען. א ביסעל שפּעטער האָט זי זיך דערוואוסט פון א נייער ליעבע זיינער; און ווידער געשרייען און געוויינען, מיט גוטען און מיט בייזען. און ווידער האָט זי געמיינט, אַז זי האָט אויסגעפיהרט, צי ער האָט

זיך ארומגעזעהן, אז „ס'פּאַסט ניט“ — ער האָט מיט יענער מעהר ניט צו טהאָן.

אַזוי איז געגאַנגען כסדר. אַלע ווײַלע זײַנען צו איהר אָנגעקומען ידיעות מיט גרוסען פון איהר מאַן: מ'האָט איהם געזעהן מיט „אימיצען“ אין רעסטאָראַן, אין פּאַרק, אויף אַן אָפענער קאַר, אין מואווינג־פּיקטשורס, אויפ'ן בריק; „אימיצער“ וואַרט איהם אָפּ בײַ זײַן שאָפּ; צי ער וואַרט „אימיצען“ אָפּ בײַ איהר שאָפּ. די יונגע פרוי האָט איהר מאַן גאַנץ ליעב. איהר האָט זיך געוואָלט לעבען שטיל און פײַן. זי האָט געוואָלט, אַז איהר מאַן זאָל וויסען, אַז ער האָט אַ פרוי און אַ היים, זי האָט זיך בײַ איהם געבעטען און געסטראַשעט; אָבער געהאָלפען האָט עס איהר ניט — ער איז זיך געגאַנגען זײַן אַלטען וועג. נאָר די האָפנונג האָט זי נאָך ניט אויפגעגעבען. ער וועט עלטער ווערען, ער וועט ווערען אַ טאַטע, וועט ער דאָך מוזען ווערען מעהר מענש און אָוועקוואַרפען די נאַרישקייטען.

אין גאַנצען האָבען איהר די האָפנונגען איהרע ניט גענאַרט, און זי האָט ריכטיג אויסגערעכענט: ער איז טאַקע געוואָרען עלטער און איז געוואָרען אַ טאַטע, אָבער „מעהר מענש“ איז ער ניט געוואָרען און די נאַרישקייטען ניט אָוועקגעוואָרפען. פערקעהרט גאָר, ס'האָט אויסגעוויזען, אַז מיט די יאָהרען איז מיטגעוואַקסען די שוואַכקייט אין איהם פאַר נײַע ליעבעס אַלע ווײַלע. אָבער דערפאַר האָבען די יאָהרען אויך איהר עפּעס געלערענט און איהר בעוויזען און איבערצייגט, אַז זי קען זיך ניט העלפען, און די געשרייען איהרע וועלען ווייניג וואָס אויפטהאָן פאַר איהר; און ניט מיט גוטען, ניט מיט בייזען וועט זי איהם מאַכען בעסער, ווי ער איז. און דערצו נאָך זײַנען שוין אין הויז געווען אַ פּאָר קינדערלעך. וואָס קען זי טהאָן? וואָס קען זי זיך העלפען? זי מוז נעהמען, ווי ס'געהט, לעבען ווי ס'לאָזט זיך. ס'איז טאַקע שלעכט, ס'איז אַ וועהטאָג און אַ בזיון, און זי פיהלט זיך ערנידעריגט פון זײַן אויפפיהרונג — אָבער פערפאַלען. זי וועט איהם ניט פערטרײַבען און וועט פון איהם ניט אַנטלויפען — צוויי קינדערלעך.

נאך אלעמען, איז ער פארט א פאטער צו די קינדער, און גארניט אזא שלעכטער פאטער. און וויפיעל מאל און ווי שטארק ער זאל זיך ניט פערליעבען, וועט ער ניט פערלאזען איהר מיט די קינדער. און אז מ'וויל און מ'מוז, איז דאס א גאנץ גוטער טרייסט.

האט זי „אבגעלאזען די לייצעס" און שרייט ניט און וויינט ניט מעהר, און סטראשעט ניט און פאדערט פון איהם ניט קיין שטרענגע חשבונות, און האלט זיך איין, ניט צו ווערען אויפגע־קאכט פון די גרוסען, וואס גוטע פריינד ברענגען איהר פון איהר מאן מיט „אימיצען".

און ער געהט זיך כסדר פון ליעבע צו ליעבע. אריין און ארויס. און זי האט זיך שוין אזוי אויסגעלערענט איהר „ביזנעס", אז זי דארף שוין מעהר ניט, אז מען זאל איהר אבגעבען גרוסען פון די אלטע און נייע ליעבעס זיינע. זי וויים און פערשטעהט שוין אליין, ווען ער האט „אימיצען" אדער ניט.

זי וויים, אז ווען ער איז אנגעכמורעט, פערקרימט, ברוגז אויף זיך, אויף איהר, אויפ'ן „הויז", אויף דער גאנצער וועלט, רעדט ניט, קיין זאך געפעהלט איהם ניט, „מאכט דעם טויט" פאר די מינדעסטע קלייניגקייט — איז דאס א סימן, אז ער האט קיינעם ניט, ער האט ניט קיין געליעבטע.

און זי וויים, אז ווען ער איז פרעהליך און מונטער, רעדט און חכמה'ט זיך מיט איהר, איז פריינדליך צו איהר ביז גאר, כאפט זיך העלפען איהר טהאן די הויז־ארבייט, פערזאגט איהר שטרענגג, זי זאל אליין ניט וואשען די וועש, ער צושמעלצט זיך פון גוטסקייט — אי דאס א סימן, אז איהם געהט גוט, ער האט „אימיצען" „אויטסייד".

זי האט שוין איהר גוטען סימן.

# אויף אַלע גאַסען, אין פּיעלע הייזער

מען קען זאָגען, אַז די מלחמה צווישען זיי ביידע געהט אָן זייט דעם ערשטען טאָג, וואָס זיי האָבען זיך בעקענט. גאָר ריכ־טיגער וועט זיין, ווען עס ווערט געזאָגט — פון דעם טאָג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען זייער ליעבע.

זייט דאַן איז די מלחמה אַ שטענדיגע.

צוליעב אַ גאָרניט, צוליעב די מינדסטע קליינינקייט, ווערען ביי־דע אויפגעקאָכט, אָנגעצונדען, און מען שטעהט איינער אַנטקעגען אַנדערען, ווי אויפגעבורעטע העהנער.

ווער איז אין דעם שולדיג? — עס איז ניט גרינג צו ענט־פערען אויף דעם. ער זאָגט, אַז זי איז שולדיג. זי וואַרפט די שולד אויף איהם. על כל פנים, זיינען זיי ביידע ניט גערעכט. און, ווידער, קען זיין, אַז זיי זיינען ביידע ניט שולדיג. גאַנץ מעג־ליך, אַז ווען ער האָט אַן אַנדער ווייב, און זי אַן אַנדער מאַן, וואָל־טען זיי זיך געלעבט גאַנץ אַנדערש; אָבער איינער פאַר'ן אַנ־דערען טויגען זיי אויף כפּרות; ווי אַ הונד מיט אַ קאַץ.

און עס געהט ניט צום בעסערען; ניכער צום ערגערען.

זיי האָבען צוויי קינדערלעך, אַ אינגעלע און אַ מיידעלע — גאַנץ פיינע קינדערלעך, שעהנינקע און קלוגינקע; פערשטענ־דיגע קינדער. זיי זעהען ווי טאַטע־מאַמע בענעהמען זיך איינער צום אַנדערען; זיי פערנעהמען זייערע רייד; זיי געדענקען און פערגעסען ניט די אַלע שענדליכע נעמען, וואָס טאַטע־מאַמע רו־פען זיך; זיי געדענקען און פערגעסען ניט די אַלע זידעל־ווערטער, די אַלע מיאוס'ע שימפף־ווערטער, וואָס טאַטע מאַמע וואַרפען איינע אויף די אַנדערע. און די קינדערלעך צווישען זיך רופען זיך מיט דיזעלביגע נעמען און ריידען דיזעלביגע רייד, וואָס טאַטע־

מאמע; און אפט רופען די קינדער דעם טאטען מיט די נעמען, וואס די מאמע רופט איהם, און דער מאמען — מיט די נעמען, וואס דער טאטע רופט איהר. קריגען זיי דערפאר געשלאגען, געשמי־סען; מ׳טאר ניט רופען אזוי א טאטען, א מאמען, און מ׳טאר אזעלכע רייד ניט ריידען.

אזוי לעבט זיך דארט אין הויז. טאטע־מאמע זיינען פערפא־לענע מענשען, אוןביידע ווייסען עס. זייערע קינדערלעך געהען אין די פוס־טריט פון טאטע־מאמע. קליינערהייט ריידען זיי ווי גרויסע, „פערשטענדיגע״ מענשען. און מיט יעדע וואך, מיט יע־דען טאג פערשטארקט זיך דער „פערשטאנד״ און דאס „וויסען״ ביי די קינדערלעך. אלץ, וואס געהט ארויס פון די מיילער פון טאטע־מאמע, געהט ניט פערלארען — די קינדערלעך כאפען עס אויף און ביי זיי בלייבט עס.

זיי וואקסען די ריכטיגע לייט.

טאטע־מאמע זיינען נאך גאר יונגע מענשען, און ביידע ווילען נאך לעבען און געניסען פון דער וועלט — און וואס פאר א לעבען איז זייערער און וואס געניסען זיי פון דער וועלט?

טראכטען זיי אפט פון פונאנדערגעהן זיך. ס׳וועט זיין בע־סער פאר ביידע; זיי זיינען נאך יונג — זיי קענען נאך אפשר געפינען „זייער גליקען״, און לעבען ווי מענשען דארפען לעבען.

אזוי טראכטען זיי אפט, נאר זיי ווייסען ביידע, אז זיי וועלען דאס קיינמאל ניט טהאן. ווי שלעכט ס׳זאל ניט זיין, און זאל נאך ווערען ערגער און ערגער, קען ניט קומען דערצו, אז זיי זא־לען זיך שיידען — צוליעב די קינדערלעך.. קינדער מוזען האבען טאטע־מאמע... ווי קען זיך א קינד הארעווען אהן א טאטען, אהן א מאמען?...